# דער פּיאקערניק און די שיקסע.

דעם גאנצען לעבען האָט ער אָבגעלעבט, ווי א יוד דאַרף לעבען: געהאַט אַ ווייב, מיט וועלכער ער האָט כשר אַמאָל חתונה געהאַט מיט חופה און קידושין; געהאַט קינדער; אויסגעגעבען זיי.

און שוין גאר אויף די עלטערע יאהרען, איז ער זיך מישב: לאָזט די ווייב און נעהמט אַ שיקסע.

דאַס האָבען, פערשטעהט זיך, די קינדער ניט געקענט פאר־טראָגען. און אַמאָל, בשעת דער פּיאקערניק איז געוועזען מיט זיין פערד און וואָגען אין שטאָדט, איז אַ טאָכטער זיינע מיט איהר מאַן צו איהם געקומען און גענומען שלאָגען די שיקסע. דאָ איז אָנגעקומען דער בעל עגלה און זיך אָוואַרף געטאָן שלאָגען די טאָכטער און דעם איידעם.

געהאָלפען האָט נאָר דער באַיקאָט פון די קרעמער, פון וועמען ער האָט געלעבט. ווי שטאַרק עס איז ניט געוועזען די פאר־שפּעטיגטע ליעבע צו דער שיקסע, פּרנסה איז געוועזען טייערער. צוליעב ברויט האָט ער געמוזט לאָזען די שיקסע און אומקעהרען זיך צו דער ווייב.

# די „סוויטקע".

זיין נאמען, שטאמט פון דעם פויערשען פעלץ, וואס ער טוט קיין מאל פון לייב ניט אויס. ער לעבט הינטערן שטעדטעל. א פנים פון אן אלטען מכשף. א הויכער, א געשוואלענער, ווי א בלאטער, מיט א פערשוואלען פנים, פערשלאפענע קראנקע אויגען געהט כמעט קיין מאל פון שטוב ניט ארויס. זיין שטוב איז א נאכטלעגער פאר קאטערינשטשיקעס, גראמאפאנשטשיקעס, קונצענמאכער און חברה „לאפ". זיין ספעציאליטעט איז—גורל־ווארפען. זיין נאמען קלינגט ווייט ארום און ארום, „להבדיל", ווי פון א גוטען יודען, און די „פרנסה" טראגט איהם אריין ביז 20 רייניש א וואך. האט מען ביי אימיצען א הוהן גע'גנב'עט; וויל א כלה וויסען וואס פאר א מערכה זי וועט האבען פאר איהר חתן, נאך דער חתונה; האט א ווייבעל דער מאן געווארפען — אלץ קומט צו דער „סוויטקע". יודען, גויים און אמאל אפילו א דייטש'ל אין א קורצען ראק. מיט שטעדטעלדיגע יודען האט ער קיין מאל, אחוץ די וואס קומען צו איהם, נישט צו טאן. אין שול געהט ער קיין מאל נים, ניט וואך, ניט שבת, ניט יום טוב, ניט אפילו אום יום כפור. שטעדטעלדיגע יודען האלטען איהם ניט פאר א יודען, ניט פאר א גוי. דאך האט מען פאר איהם מורא און זעלטען וועלכע ביטער הארץ אויפ'ן דעק און אפילו העבער, איז ביי איהם ניט געווען גורל־ווארפען.

# דער „דבוק".

דער „דבוק איז א טרענער — א הויכער, א לאנגער. בשעת מ'האט איהם אבגעגעבען פאר א זעלנער האט מען זיך דער־פרעהט: אזא גרוים! אן אויסגעבונדענער הוזאר!

אבער דער „דבוק", אזוי ווי בעריל־אנטימיליטאריסט, האט ניט געוואלט דינען, ניט צוליעב דעם, וואס ער האט גע־האלטען, די זעלנערישע מורשטיראוועקע פאר א משוגעת. ער איז פשוט געווען פויל אויפצוהויבען די פיס און די הענד. א גרויסער פויליאק. דעריבער האט ער געוואלט איינשמועס'ן די מיליטעריש גרויסע לייט, אז אין איהם איז א „דבוק" און האט זיך געמאכט משוגע. מ'האט איהם אבער ניט געגלויבט. און אנשטאט דריי יאהר האט ער אבגעדינט צעהן. דערפאר האט ער א פעלד־פעבעל דערטרונקען און אן אפיציר געפאטשט און בשעת מעשה א ווארף געטאן זיך אויף דער ערד און גע־מאכט געוואלדען, אז דער אפיציר שלאגט איהם. ערשט דע־מאלט האט מען זיך ארומגעזעהן, אז פון אזא נפש איז בעסער פטור צו ווערן און מ'האט איהם ארויסגעווארפען פון מיליטער.

פון דאמאלס אן רופט מען איהם — דער „דבוק". א פויי־לער איז ער איצט אויך. די איבעריגע טרעגער ווילען מיט איהם ניט ארבייטען, ווארום ער לאזט די גאנצע ארבייט אויף יענע און אליין טוט ער גאר און הוקעט.

זי האָט ז ך פון אנהויב פערלארען. קוקט זיך אין איהם איין. נאָך אליץ אזא שענער. א העלד... זעה, ווי ער איז אויסגע־פוצט. האָט מסתמא געלד אויך...

און ע ר האָט פאַרגעשלאָגען פלאנען, ווי אזוי ד אָ ס וועט געשעהן. זי וועט מיט די קינדער פערשווינדען. צוזאמען מיט איהם בעהאלטען זיך ערגעץ אביסעל צייט. דערנאָך אוועק אין אמעריקא.

זי האָט אויסגעהערט זיינע פלאנען, האָט זיך ווי א צוכע געטאָן און געענטפערט ענטשלאָסען:

— גערה! איך בלייב מיט מיין איצטיגען. אז דו האָסט געקענט מיך ווארפען איין מאָל, וועסטו קענען מיך ווארפען א צווייטען מאָל...

# די שענע טענצערין און איהר דראמע.

אויפ'ן דעק פאסירען דראמעס ניט וועניגער אינטערעסאנ־טע און ריהרענדע, ווי אויבען, אויף די העכערע שטאפלען. אזא דראמע האט דורכגעמאכט דעם טאנץ־מייסטערס שוועגערין— די צווייטע אינגערע טאכטער פון הענאך קלאטשע, אויך זעהר א שענע. זי האט אויך געהאט א פערליבענעם מיט א שניידער. א שענער יונג, א העלד. יענער איז אוועק אין אמעריקא. האט איהר, פון אנהויב, גוט בריעף און די קינדער ווארימע גרוסען געשריבען און געלד געשיקט. דערנאך האט ער איהר אנשטאט די גוטע בריוועלאך און געלד — א גט אריינגעשיקט. האט זיך מיט אן אנדערער פערדרעהט. זי האט דא מיט אן אנדערען חתונה געהאט. שווער האט זי געלעבט. נאר מיידעלווייז איז זי א גוטע טענצערקע געוועזן. דערפון האט זי איצט צוהעלפענ־דיג אין טאנץ־קלאס דער שוועסטער און דעם שוואגער, גע־קענט עפעס פערדינען.

ס'זענען אוועק עטליכע יאהר. אמאל, אין א אבענד, עפענט זיך ביי'ן טאנצלעהרער די טיהר. ס'קומט אריין א יונגער מאן, פאלט איהר ארויף אויפ'ן האלז און נעהמט איהר קושען. זי האט זיך פון אנהויב דערשראקען. אבער באלד האט זי איהם דערקענט. דאס איז געוועזן ער, איהר ערשטער מאן. ער בעט, זי זאל איהם מוחל זיין. דער זיידע, זאגט ער, איז איהם צו חלום געקומען, איהם רוהען ניט געלאזט: פאהר צוריק, נעהם די ער־שטע ווייב, זאלען די קינדער דיינע האבען א טאטען.

ניין! אז איהר ווילט פיהלען, אז איהר ווילט פערשטעהן דאָס יודישע פאָלקסליעד — געהט ניט אין קאָנצערט־זאַל צום אויטיסס און דער ארטיסטין, וואָס טראָגען אייך זיי פאָר אין א שווארצען פראַק און אין א דעקאָלטירטער זיידענער קליידע מיט א שלעפּע. געהט אהער אויפ'ן דעק, וואו דאָס ליעד איז געבאָרען און אויסגעליטען...

געזעגענט זיך מיט די שוועסטער, האָט די אינגערע ערקלערט אַז זי האָט נאָך אַ סך, שענע לידער. מ׳האָט געמוזט אָבלעגן אויף מאָרגן אָבענד. נאָר דעם צווייטן אָבענד, ביים געזעגענען זיך, איז געווען דיזעלבע ערקלערונג. דעם דריטן אָבענד דאָס־זעלבע. דאָס איז געווען אַ קוואַל פון פאָלקסלידער, וואָס האָט זיך נאָר ניט געלאָזן אויסשעפּן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס איז כמעט ניט געווען איין לידל, וואָס זי האָט ניט גע־קענט.

און געזונגען די לידלאַך האָבן די שוועסטער אויך מאָרגנס. דאָס איז ניט געווען געזונגען. דאָס האָבן זיך געגאָסן קרעכ־צן פון דעם פאָלקס נשמה, טויזנטיאָהריגע, פערשטיקטע, פערקלעמטע... יעדעס ליעד — אַ דראַמע, וואָס האָט געהאַט אַ שטאַרקע שייכות מיט אָט דער כאַלופּע, מיט די מענשען, וואָס וואוינען דאָ.

די לידער וואָס האָבן בעזונדערס אויסגעדריקט די וועה־טאָגען פון׳ם פאָלקס־לעבען, האָבן די זינגערינס איבערגעחזר׳ט עטליכע מאָל מיט אָנגעבראָכענע, טיעף אין דער נשמה ריהרענ־דע, שטימען, און מיט טרערען אין די אויגען. בעזונדערס קען איך ניט פערגעסען דעם איינדרוק פון דער „ליעד מיט׳ן גאַזאָמע־טער“, וואו עס ווערט געשילדערט, ווי אַ שטאַרבענדער אַר־ביטער, דערהרג׳עט פון אַ געפּלאַצטען גאַזאָמעטער, זעגענט זיך פאַר׳ן טויט מיט זיין כלה. נאָר בעזונדערס שטאַרק און האַרצגרייפענדיג, איז „דאָס ליעד פון׳ם דעריגען“. ווי ער זעגענט זיך פאַר׳ן טויט מיט דער וועלט.

דער לאָמפּ ווערט פאַרלאָשען,
נאָך קיין גוטס ניט גענאָסען,
איך געה אַזוי יונג פון דער וועלט.
אוי, ווער וועט זיך אָננעהמען,
פאַר מיינע אָרימע יתומים׳לאַך,
באַהיטען זיי פאַר הונגער און קעלט...

מ׳דארף דא ערקלערען, אז אין פאלק, ווערט זעהר זעלטען א ליעד געזונגען, אזוי ווי מ׳האט עס איבערגענומען. איעדער, איעדע גיט עפעס צו: א ווארט, א קנוימש, אן „אוי". דער „אוי" בעגלייט יעדען פערז און אפט, איז אין פערז צוויי מאל „אוי" פאראן. דער „אוי" האט זיין בעזונדער טאן, זיין ספעציעלען נגון, איינער און דערזעלבער אין יעדער ליעד. דער אדער די, וואס האט א געפיהל צו זינגען, גיט צו פערזען, סטראפען גאנצע, מאכט נייע נגונים, פאסט צו דאס גאנצע ליעד צו די געשעהעניסען פון דעם איינגענעם ארט. דער כאראקטער פון דער ליעד, בלייבט אבער אונגעענדערט, זיין פערזען־מאס דערזעלבער. די געליבטעסטע ליעדער אויפ׳ן „דעק" זענען: זעלנער־ליעדער און ליעבעס־ליעדער. א ליעבעס־ליעד אויפ׳ן דעק איז ניט קיין שפיל. זי קאסט טייער.. זי בעהאלט אין זיך דעריבער שטענדיג א דראמע.

א ליעבע צו שפילען
איז ניט קיין עולה׳ריי.
נאר ווען איז דאס געוואָרען געוואָרען:
מיט איינער — ניט מיט דריי.

אויפ׳ן דעק זענען די ליידענשאפטען שטארקער און דער זאנמראל איבער זיי שוואכער. דער קרבן איז אימער די פרוי. איבערהויפט ווען זי איז א שענע.

איך האב זיך צוגעקוקט צו די צוויי זינגערינס, די צוויי שוועסטער. די ווייבעל איז, — ווי מיין בעגלייטער האט מיר געזאגט, — מעהר ניט אלט ווי א יאהר זעקס, זיבען און צוואנציג. אמאל האט מיט איהר, מיט דער שעהנער מיידעל, געלונגען אויפ׳ן דעק. איצט איז זי א חורבה. די שוועסטער מיט צעהן יאהר איננער, איז נאך אין איהר רעכטער בליהונג. זעהר שלאנק. שפריצט מיט לעבען, מיט יוגענד־קראפט. נאר, אין געסטען פאל, ווארט אויף איהר אויך אזא כאלופע, ווי איהר שוועסטער׳ס און נאך אין עטליכע יאהר, וועט זי מסתמא אויך זיין אזא חורבה. אויב ס׳וועט ניט געשעהן מיט איהר עפעס אנדערש, וואס קען איהר אדער אויפהויבען פון דעק, אדער אריינווארפען אין אבגרונד.

אז מיר האבען געהאט איבערגעשריבען א 5־6 ליעדער און

איהר ארונטערקומען, ווען איהר זוכט דאָס יודישע פּאָלקסליעד.

מיט דער רינסטמיידעל האָב איך געשלאָסען בעקאַנטשאַפט דורך אַ סטודענט, איינער פון מיינע בעגלייטער אין דער גאַליציש שטעדטעל. ער האָט אַ שטונדע ביי איהר באַלעבאַסטע. זי, די דינסטמיידעל, האָט אַ טבע צו זינגען אין קיך ביי דער ארבייט לידלאַך. פלעגט ער, נאָך דער לאַנגווייליגער שטונדע, איהר אריינרופען אין זאַל און בעטען ספּעציעל פאַר איהם איבער'חזר'ן זיי. אזא פרייע בעציהונג צווישען דעם הויז־לעהרער און דער שטוב־מיידעל וואָלט אין אַ גרויסער שטאָדט געווים געשאַדט דעם לעהרער'ס רעפּוטאַציע אין ביזנעס. נאָר אין דער קליין שטעדטעל, איז דער סטודענט אַ יחסן און מ'מוז אויסטראָגען זיינע קאַפּריזען.

אז די קעכין האָט פאַר מיר, טאַקע אין זעלבען זאַל, אויסגעלעדינט איהר ניט גרויסען רעפּערטואַר, אין דער אַנוועזענהייט פון איהר באַלעבאַסטע, באַלעבאָס און סטודענט, האָט זי מיר ערקלערט, אז זי האָט אַ חבר'טע, וואָס זינגט בעסער פון איהר און יענע קען לידלאַך ממש גאַנצע פעק.

אויף מאָרגען זענען מיר שוין אלע געווען ביי דער שענער זאַקענמאַכערין — די זינגערין פון פאָלקסלידלאַך. עס האָט מיר מיט איהר געגליקט. צייט האָט זי געהאַט גענוג: ס'איז ניט געווען קיין ארבייט. בערונגען זיך מיט איהר — 10 העלער אַ שטיק. פאַר פאַרזינגען צום איבערשרייבען און אונפנעהמען אויף נאָטען. צווישען מיינע בעגלייטער האָט זיך אויך געפונען אַ מוזיקער, וואָס האָט זיך מיט חשק גענומען צו דער ארבייט. דער פּלאַץ איז געווען איהר שוועסטער'ס כאַלופּע, אַ שטיבעל — אַ שפּאַן אויף אַ שפּאַן, וואָס בעשטעהט פון איין קאַמער, איין בעט, אַ צובראָכענעם אויווען, אַ טיש און אַ פּאָר צעבראָכענע שטוהלען. די פענסטער ביי דער ערד און — דער באַלקען אויפ'ן קאָפּ. דער־פאַר שטעהט די שטיבעל אין רעכטען מיטען שול־הויף. און דאָס גופא הייסט — אין רעכטען מיטען שטעדטעל, אין צענטער פון דעק. איך דאַרף צוגעבען, אז פאַר'ן זעלבען פרייז האָט די שוועסטער, די ווייבעל, צוגעהאָלפען. און ניט בלויז פרעמדע, זי האָט אויך אייגענע לידלאַך געזונגען, וואָס זי האָט אַליין פערפאַסט.

# וואו דאָס פאָלקסליעד ווערט געבאָרען.

דער צווייטער שטאָם פון דער דעק־אַריסטאָקראַטיע אין דער גאַליציש שטעדטעל איז פייטעל פּלאַטשע, טאַקע א ברודער פון העניאַך קלאַטשע. ער האָט א זעלנערש פּנים ; דאָס קליין בערדעל טראָגט ער שטענדיג אונטערגעבויגען. געבויט איז ער — אייזען. פייטעל איז א וואַסער־טרעגער. ביידע ברידער זענען רוהיגע מענשען. שבת געהען זיי ביידע אין שול אין שטריימלאַך. פייטעל, איז נאָך מעהר בעריהמט אין שטעדטעל, ווי העניאַך. וואָרום, אחוץ וואָס ער האָט אויך שענע טעכטער, איז זיין ווייב א צוזוויגערין פאַר האַלב שטעדטעל. אַלע אַרבייטען ביי פייטלען. די טעכטער זענען דינסטמיידלאַך, פליקען פעדערן, קלייבען בעבלאַך, שטריקען זאָקען. אויסער דעם איז די שטוב א האָטעל פאַר קאָמערינטשיקעס, קונצענמאַכער, קאָרטענוואַרפער, שטענגעס־שלעפער און נאָך אַזעלכע פרייע וואַנדער פויגלאַך.

דורך פייטעל פּלאַטשעס אינגסטע טאָכטער, א זאַקענמאַכערין, האָב איך טאַקע געהאַט די געלעגענהייט פערזענליך בעקאַנט צו ווערן מיט דער אַריסטאָקראַטיע פון דעק. מיט איהר האָט מיך בעקאַנט געמאַכט איהרע א חבר'טע א דינסטמיידעל. און דער אַלגעמיינער פערמיטלער אונזערער איז געוועזען דאָס יודישע פאָלקסליעד. דאָס יודישע פאָלקסליעד ווערט, ווי בעוואוסט, גרעסטענטיילס, געבאָרן אויפ'ן „דעק". אהין מוזט

און ארטיסט אהן פאסיקעס. ווייל מיר דאכט, אז ער האט די דאזיגע טאלאנטען מיט אן אמת. ער האט מיר פארגעשטעלט, ווי א בדחן שטראפט די כלה מיט גראמען, וואס ער האט אליין פערפאסט, און אנדערע פיזיאגאמיעס און טיפען — זעהר פאלקסטימליך און קאמיש. ער טרעט צייטענווייז ארויס אין דער ראלע פון א בדחן. גראמען־זאלציגע, הומאריסטישע, קען ער אויך שיטען פעק. ביי א געהעריגער ערציהונג וואלט פון איהם פילייכט ארויס א גוטער קאמיקער. אויפ׳ן דעק אבער איז א טאנץ־לעהרער די העכסטע קאריער, צו וואס ער האט געקענט דערגרייכען.

איך האב איהם געפרובט מוסר׳ן: גזלן, זאג איך, וואס זיצט איהר דא, אין גאליציען, אין א העק! אין אמעריקא וואלט איהר גאלד געשארט, ווען איהר עפענט דארט א זאל מיט מו־זיק און טענץ.

— איך וויים, — זאגט ער, — אלע זאגען מיר דאס. אבער וואס פעהלט מיר דא? איך האב דא אויך מיינע פאר הונ־דערט רייניש א חודש. צוליב וואס זאל איך ווארפען א זיכערן שטיקעל ברוים.

נאר מיר האט זיך געדאכט, אז דער טאנץ־לעהרער, האט נאך א סבה פאר וואס ער זוכט ניט קיין גליקען אין אמעריקא. דא האט ער ניט בלויז א זיכערן שטיקעל ברוים, ער איז דא אויך זיכערער מיט זיין שענער ווייבעל.

# הענאך קלאטשע.

דער נאליציאנער „דעק" האט זיין אריסטאקראטיע. די יונענד פון אט דער יחוס־פאמיליע אויפ'ן דעק, דורך געוויס „טאלאנטען" (שענע מיידלאך, טענצערקעס), קומט אין בע־ריהרונג מיט די באלעבאטישע קרייזען, לערנט זיך דארט אויס שענע פראזען און שענע מאנירען און פערשפרייט זיי ביי זיך אויפ'ן דעק. דעריבער גיבען זיי דארט דעם טאן. מ'האט פאר זיי דרך ארץ, מ'לערנט זיך פון זיי.

אין דער גאליציאנער שטעדטעל נ... שטעלען פאר די אריסטא־קראטיע (די „גזע" ווי מיינע פיהרער האבען זיך אויסגעדריקט) צוויי פאמיליעס, וואס זענען צווישען זיך פערקנעפעלט דורך מחותנה'שאפט. דער שטאמפאטער פון איין פאמיליע — הע־נאך קלאטשע — איז לויט זיין פראפעסיע א מצבות־פיהרער, און איז קלאר ניט בלויז אלע ווענעלאך און שטעגעלאך פון בית חיים אין זיין שטעדטעל, נאר ער קען אייך דערצעהלען דעם יחוס, די היסטאריע פון יעדער מצבה. ווינטער ווען דאס „פעלד" איז מיט שנעע בעדעקט און אין זיין געוועהנליכער פרנסה הערשט ארבייטסלאזיגקייט, פיהרט ער ברעטער.

זיין יחוס האט הענאך אייגענטליך ניט פון זיך אליין נאר דורך מחותנה'שאפט. גאט האט איהם געלייטזעליגט מיט צוויי שענע טעכטער און דורך די קינדער איז ער דערהויבען געווארען. אין זיין עלטערע טאכטער האט זיך פערליבט א טאנ־ץ־לעהרער, וואס האט דערצו נאך טאלאנטען: ער איז א פאעט, א זיננער

שמייסער האָט שוין פאַראויס פאַרנומען אַזאַ פּאָזיציע ביין טיש, וואו ס'איז געווען לעדיג. דער עולם ווייערדער האָט שוין געוואוסט זיין אָרט און קיינער האָט דערביי קיין פּלאַץ ניט פאַרנומען. אחוץ אַ צופעליגען פרעמדען, וואָס האָט איהם ניט געקענט.

נאָר איצט האָט שוין לייבעלע שמייסער און זיין ווייב ריווקעלע „די ביזנעס" אויפגעגעבען. ער פיהלט זיך שוין תקיפ'ער אין שול ביין־טיש. וואָרום ער האָט אַ „באַלעבאַטישע" פּרנסה: ער איז אַ מעקלער פון פערד, הייזער און דינסטמיידלאַך. די „הייזעל" האָט מען אַבגעגעבען אין אַרענדע. ער געהט שוין שבת און יום טוב אין שול אין אַ שטריימעל און זי, ריווקעלע, איז בעריהמט אין שטעדטעל פאַר אַ גרויסע בעל צדקה'טע: ניט גרויסע נדבות, טיילט אָרימע לייט פלייש. איבערהויפּט ליגט זי גאַנצע טעג אין שפּיטאַל, האָוועט אַרום די קראַנקע, ברייגנט זיי אַ קרעפּטיגס, אַ דערקוויקענעס: וויין, יויך, איינגעמאַכטס. אַז מ'דאַרף חתונה מאַכען אַ יתום, אַ יתומה, איז ריווקעלע די גאַנצע מחותנת'טע: ברייגנט פון אַלס דאָס גוטס און גיט מזומן עטליכע רייניש. קיין קינדער האָבען זיי ניט. האָדעוועט מען הינד, און די הינד האָבען ערגעץ ניט אַזאַ גוט לעבען, ווי ביי לייבעלען און ריווקעלען. שמערטעלדיגע זאָגען אַמאָל אין לצנות: „קדישים..." נאָר אויפ'ן דעק פערשטעהט מען די פּסיכאָלאָגיע פון אָט די בעלי תשובה'ס בעסער ווי „אויבען" און קיינער ערלויבט זיך ניט צו בעליידיגען זיי מיט אַ וואָרט.

# לייבעלע שמייסער און זיין ווייב ריבעלע.

„שמייסער" רופט מען איהם וועגען זיין אמאליגער פראַ־פעסיע: ער איז געווען א שמייסער ביי א פיאקערניק („בעל עגלה") נאַר דאָס איז געווען שוין לאַנג. לאַנג שוין אויך, ווי ער איז געווען אין אמעריקא און האָט דאָרט חתונה געהאַט מיט ריבעלען, א „מיידעל" פון א „פרייליכע" הייזעל. זי איז געווען א שען מיידעל און זיי האָבען געמאכט א שען לעבען פון „באַר־דער".

נאַר ביידען איז אמעריקא ניט געפעלען: מ'קען דאָרט ניט אבהיטען קיין יודישקייט... האָבען זיי זיך געלאָזען צוריק אין גאַליציען, אין דער אלטער היים. דאָרט האָט ריוועלע גע־עפענט א „הייזעל" הינטער שטערטעל אויפ'ן אמעריקאַנער שטוינער, פאַרפוצט מיט א גראַמאָפאָן.

לייבעלע שמייסער האָט זיך אין די „ביזנעס" ווייניג גע־מישט. ער פלעגט געהן אלע טאָג דאַוונען און בין מנחה למעריב צושפּאַרען זיך ביי אן עק טיש — הערן „אורח חיים". פון אנ־הויב האָט ער געהאַט אביסעל אונאַנגנעהמליכקייט: ביי וועל־כען עק טיש ער פלעגט זיך, שטעהענדיג, צו שפּאַרען האָבען זיך די יודען פון דאָרטען אבגערוקט מיט א מינע, ווי איינער ריהרט זיך אָן אָן א מאוסע זאַך. דערנאָך איז מען צו איהם געוואוינט געוואָרען און מ'איז געווען צו איהם גלייכגילטיג. קיינער האָט מיט איהם ניט גערעדט, נאָר קיינער האָט זיך פון איהם ניט אבגערוקט. דאָס איז אויך ניט נויטיג געווען. וואָרום לייבעלע

סען אבער האבען זייער גענויע דערקלערונג, און טאקע ניט אין קיין אנדער זאך, ווי אין יאסיל'ס פנים און פיגור.

א שטויגער: „קרוק" האבען איהם געטיטעלט א טייל שטעדטעלדיגע לייט, וואס האבען געפונען אז זיין פנים איז שטארק עהנליך אויף א וואראנע („קרוק" איז אין פויליש א וואראנע). אנדערע ווידער האבען אויסגעפונען, אז זיין פנים איז כלל ניט עהנליך אויף א לעבעדיגע בריאה, נאר גלאט עפעס אן „אנגעמאלטע צורה" און האבען איהם דעריבער געגעבען דעם צונעמענעמס „ליאלקע". ווידער אנדערע האבען געזעהן א שטארקע עהנליכקייט פון זיין בערדיל, וואס איז עפעס מאד־נע צעצופט און איינגעקנייטשט צו א קניאבל. דערפון שטאמט זיין דריטער „טיטעל". „שטוים" אבער (אויף גאליציש יודיש, בעטייט דאס „בעל גוזמא", ס'הייסט איינער וואס האט די נא־טור צוצופארבען, ווען ער דערצעהלט עפעס אזוינס, וואס ער האט געהערט, אדער געזעהן), שטוים ווייזט, אז יאסיל האט א דיכטערישע נאטור.

צו די אויבען דערמאהנטע פרנסות דארף מען צוגעבען נאך צוויי. יאסיל איז א מבין אויף פעל און א פיש־קאפער. די לעצ־טע פרנסה איז, אזוי צו זאגען, יאסיל'ס שטאלץ און עהרע. נאר, שטעדטעל זאגט, אז גראד אין אט דער פרנסה איז ער א גרוי־סער שלימזל. כאפט ער שוין אמאל אין א שמיטה א פלאטקע איז דאס א טויטע, א גע'סם'טע. איינער פון די שטעדטעלדיגע לצים ווענדעט זיך דאן צו איהם מיט א כלומרשט פעראינטערע־סירטער מינע: יאסיל, וואס טראגסט דאס? א פיש? וואס בעטסטו דערפאר? נאר יאסיל ענטפערט איהם מיט גאוה: ניט פאר אייך...

# אַ מענש מיט פינף צונעמענעסען.

דאַס איז איינער פון די נויטיגע מענשען אויפ'ן דעק. וואָס קיינער אין שטעדטעל קען זיך אָהן זיי ניט בעגעהן. אַ שטוינגער: די באַלעבאַסטע האָט ניט, ווער עס זאָל איהר גערהן קוילענען די גענז; יענער באַלעבאָס דאַרף האָבען מ'זאָל איהם אין שטוב בריינגען דעם קהל'שען אתרוג; אַ דריטער דאַרף האָבען וועמען צו שיקען מיט „שלח־מנות“; אַ פערטער דאַרף גלאַט עפּעס אַ שטוביגע ארבייט צו אַ שליחות. פאַר אַט די אַלע צופעליגע און עקסטראַ־פאַלען, סעזאָנגע מלאכות און יום טוב'דיגע ארבייטען, איז שטענדיג דאָ, אין גאַליציען אויפ'ן דעק, אַ האַנד און אַ פּאָר פיס, וואָס קאָסטען ביליג. אַזאַ האַנד און פּאָר פיס, טראָגט געוועהנליך, אחוץ דעם נאָמען, וואָס מ'האָט איהם געגעבען אויפ'ן אכטען טאָג נאָך זיין קומען אויף דער וועלט, נאָך אַ צונעמענעס, אָדער אַ פּאָר.

דער דעק־מענש נומער 2 וואָס איך שילדער דאָ, האָט זיי, די צונעמעסען, געהאַט גאַנצע פינף. אַ שטוינגער: „יאָסיל־קרוס“, „יאָסיל שטוים“, „יאָסיל ליאַלקע“, יאָסיל קניאַבל“, יאָסיל אַנזעצער“. דעם לעצטען, „טיטול“, זענען די גאַליצישע יונגע לייט, וואָס האָבען מיר אַט די בריאה פאָרגעשטעלט, ניט געוועזן אין שטאַנד צו דערקלערען. וואָרום: וואָס איז שייך ביי אַזאַ נפש אַנזעצען? ניבער האָט מען איהם אַנגעזועצט, ד. ה. ניט באַצאַהלט פאַר אַ שליחות. אלע איבריגע צונעמענע־

דערפאר קריגט ער א מאָל א זייטיגע ארבייט. אט איז ער א בין מנחה למעריב געקומען צולויפען אין שול מיט התפעלות: ער האט אבגעארבייט א טאג און אויסגעארבייט 5 קראנען! איהר פערשטעהט, גאנצע 5 קראנען! ס'איז דא א גאט! שרייט ער און גענומען טאנצען און שפרינגען פאר שמחה.

געצעל איז ביי גאנץ שטעדטעל שטארק בעגלויבט. מ'קען אויף איהם לאזען גאלד, וועט ניט ווערען געריהרט. גרויס און קליין האבען פאר איהם רערפאר דרך ארץ. שבת און יום טוב טוט ער זיך אן אין שטריימעל און געהט דאווענען צום רבי'ן אין קלויז. אויף עברי איז ער, לא עליכם, נאר הארט, אבער ער „נעהמט" מיט גוואלדען. בשעת ער דאווענט קעהרט ער איבער די קלויז, רייסט הימלען.

געצעל האט דרך ארץ פאר אלע באלעבאטים אין שטעד־טעל. אלעמען זאגט ער גוט מארגען, אפילו א קינד. א גרעסערען לייט, כדומה למשל — דעם דאקטאר, זאגט ער נאך דערצו א פאר גוטע ווערטער. א שטויגער:

— גוט מארגען, דאקטאר! לאמיר זיין געזונד! לאמיר טראגען וואסער! לאמיר עסען ווייטער ברויט מיט קנאבעל.

מ'קען ניט זאגען, אז דער דאקטאר זאל זיין שטארק צו־פרידען מיט אזא ברכה...

געצעל איז דער לעצטער וואסער טרעגער אין דער גאלי־צישער קליין שטעדטעל. די וואסערלייטונג גראבט אונטער די ראזינע פרנסה, מאכט האסטיג א סוף צו איהר.

# געציל דער וואסער טרעגער.

א פערהארטעוועט גראב פנים, וואס קוקט טעמפ: אויגע־לאך קליינע, פערשלאפענע, תמ'עוואטע; די האר און בארד קיין מאל נישט געקאמט. אמאל איז ער געוועזן פון די „פער־אויפ'ן דעק. ווארום ער פלעגט טראגען וואסער צו גבירים, און ביי א גביר אין שטוב, נאטירליך, קריגט מען אמאל א צוגאב צום קרייצער פאר א פאר וואסער, עפעס אן אלטען בגד, אן איבערבלייבעכטס פון יום טוב'דיגען עסען און נאך אזוינס. נאר, זינט עס איז געווארען די וואסערלייטונג, איז זיין קורס שטארק געפאלען. פון די געהויבענע הייזער אין מיטען שטעד־טעל האט ער געמוזט זיך ארונטערלאזען עק שטעדטעל צו די ארימע ליים. נאר געצעל איז א גרויסער בעל בטחון, און זאגט, אז גאט פערלאזט איהם הינטער שטעדטעל אויך נים. כאטש צייטענווייז, אין שול בין מנחה למעריב, איז ער אביסעל מתרעם אויף די נייעסען. צו וואס — זאגט ער — דארף מען האבען די פאמפעס? וואס פעהלט, אז מ'ברענגט פון טייך מיט דער פעסיל, צי מיט דער פאר עמער?

ביי געצלען טרעפט נים זעלטען ארבייטס־לאזינקייט. ווא־רום ביי א גביר איז אלץ מיט דער פולער מאס. וואסער אויך. פלעגט געצעל זיך אמאל פערגעסען און אנטראגען עטליכע פאר איבריגע, האט מען אויך צוגענומען. אן ארימאן אבער וויל פער־שפארען. איז אז געצעל ברייננט צוויי פאר וואסער, זאגט מען: ס'איז שוין גענוג.

העלפען ראטעווען. נאר אין א געשלעג צווישען יודען און גויים ראַרטען לעבט ער! כאטש, דעם אמת זאגענדיג איז ניט אזוי ער העלפט, ווי ער קריגט אליין קלעפּ. נאר דער „נאציאנאלער" גע־פיהל שטויסט איהם און ער מוז זיין אויפ'ן אַרט.

מאַנדזע „קנאַק" האַט די דריטע ווייב. א טאַכטער פון א קאַטערינשטשיק. צייטענווייז קומט דער שווער צו איהם צו גאַסט. דעמאָלט זעהען שכנים א סצענע, ווי שווער און איידעם שלאַגען זיך. אין א גוט'ן אופן וואלט זיך דער קאַטערינשטשיק ניט פערגונען בעזוכען זיין טאַכטער. ער קומט געוועהנליך אַנגעהמען זיך פאר דער טאַכטער, וואס דער מאַן שלאַגט איהר. און שלאַגען שלאַגט מאַנדזע די ווייב ניט פאר ראַסועלבע, וואַס ער שלאַגט זיין פערד. יענעם קנוטעוועט ער פון פאַרדרוס, פאר וואס אלע פיאַקערניקעס האבען לייטישע „בהמות", וואַס לוי־פען אליין, פערריסען די מאַרדעס און זיין „פּגירה" דאַרף ער נוקען, זי איז אַהן פּיס און אהן אויגען און צו דאַס אלעם — גע־קויפט פאר צונויפגעמאַכט געלד. די ווייב שלאַגט ער ערשטענס ווייל זי בעט עסען, בעט אויף דער הוצאה; צווייטענס — ווייל קיין אנדער מענש, ווען ס'איז ביטער אויפ'ן הארצען און מ'מוז האבען צו ווען אויסלאַזען דעם כעס, וועט זיך ניט לאַזען שלאַגען. נאר אז דער שווער פארקאַטשעט די אַרבעל און שרייט צום איידעם: מאַנדזע „קנאַק", א רוח אין דיין טאַטען אריין! וואַרום שלאַגסטו מיין טאַכטער! עפּעס מיינסטו, אז זי איז מיר גרינג אַנגעקומען?... שווייגט מאַנדזע און טענהט, ווי פאר זיך: קראַנק... קראַנק... בעסער שטאַרבען, ווי אזא לעבען...

נאר זאל קומען צו מאַנדזע „קנאַק" דער „מלאך המות", וועט ער, „מאַנדזע קנאַק" זיך דערשרעקען, און אַבשיקען איהם צו אַן אנדערן. וואַרום ערגעץ איז ניט אזוי שטאַרק דער דורשט צום לעבען, ווי אויפ'ן יודישען דעק...

יונגעריש. און פאהרען פאהרט ער שטעהענדיג אין וואגען. זיין „לייב“ איז שוין איין מאל א „בריאה“. איהר פרייז איז געווען גאנץ ניט מעהר ווי 20 רייניש. דער פאר האט ער אלע מאנטאג און דאנערשטאג א פרישע. מאנדזשע "קנאק" איז א „קאט“, א תליון אויף זיין פערד! אט האט מען איהם צונויפגעמאכט אין שטעדטעל אויף א קליאטשע; אין צוויי וואכען ארום, ער טראגט זיך שוין מיט איהר פעל... קויפען קויפט ער געוועהנליך לכתחילה א „פגירה“ מיט גע'פטר'טע פיס און בלינד אויף די אויגען. נאר וועלענדיג קוראזשען זיך פאר די פיאקערניקעס און פאר שטעדטעל, פאהרט ער ניט, נאר טראגט זיך גאלאפ אויף זיין „נבלה“, קנאקענדיג מיט דער בייטש. דערביי האט ער אזא טאלאנט אונטערצוווארעמען זיין „בריאה“, אז זי מוז ביי איהם שפרינגען ביז זי פאלט אנידער און ציהט אויס די פיס...

דעמאלט ווערט ער א טרעגער ביז אימיצער האט ניט רחמנות אין שטעדטעל און מען מאכט איהם ניט אויף ווידער א 20 רייניש אויף אן אנדער נבלה, וואס האט אין זיכען אויף אזא סוף, ווי די פארינע...

אחוץ אט די געוועהנליכע פראפעסיעס האט מאנדזע „קנאק“ נאך עטליכע, אזוי צו זאגען סעזאנע פרנסות. נאך חנוכה שטעהט ער צו צו די „פלאגערס“, אזוי, פון טשיקאוועס וועגען, און אמאל פאלט אריין פון חברה א ביסעל משקה און טאקע עפעס פערבייסען אויף. פאר פסח ווערט ער א טרעגער פון מצות. פורים, איבערהויפט אין די אינגערע יאהרען, פלעגט ער צושטעהן צו די פורים־שפילער. זיין ראלע איז געווען צו לויפען א פריהער מיט א דראנג און קלינגען מיט א גלאק און פארשטעלען „מאנדרעבאי“. צייטענווייז, ווען זיין קליאטשע איז צו דער צייט געווען א לעבעדיגע, פלעגט ער, רייטענדיג אויף איהר, זיך פארשטעלען פאר אן אולאן, אדער א סעקוועסטער ד. ה. א שטייער־מאנער.

ווי געזאגט האט „מאנדזע קנאק“ בכלל ליב צו זיין דארטען, וואו עס איז א טומעל, אן אויפגעלאף. ביי א לויה שפרינגט ער אונטער מיט זיין אקסעל און העלפט טראגען דעם בר־מינן. ביי א שרפה, איז ער תמיד גרייט צו פאמפען וואסער אדער

# מאַנדזע „קנאַק."

א געוועזענער „וואווילער יונג", א „שמשון הגבור". נאָר פון זיין אמאָליגע גבורה האָט ער שוין לאַנג פערגעסען. ער איז איצט ניט מעהר ווי א יאָהר 35 און איז שוין אַלט, געבראָכען, אַן ארימאַן, ווי טיטוס איז געוועזן א רשע.

זיין פראָפעסיע... נאָר ווי אַלע מענשען פון דעק, האָט ער ניט איין פראָפעסיע. ער איז א טרעגער, א בעל עגלה, א שטענדיגער יאָהריגער פאַלש־שוועדער און אונטערצינדער... צייטענווייז קלייבט ער נדבות פאַר ארימע לייט און — ניט אָב ביז א פרוטה. אין אַט דער היגזיכט איז ער אידעאַל עהרליך. וואו א רעדעל איז ער דאָ. איבערהויפּט לויפט ער זיך אננעהמען אין א געשלעג צווישען יודען מיט גויים. איין אויג נאָר האָט ער א געזונטע, פון דער צווייטער רינט שטענדיג. זי סטאַרטשעט מאָדנע ארוים און צוליעב דעם איז זיין מויל פערקרימט און דער גאַנצער פנים משונה'דיג. אנגעטאָן געהט ער אַן דער וואָכען אין א מאָדנעם מלבוש: א קאָפטאַן ניט קיין קאַפּטאַן, א זאַק ניט קיין זאַק. דערפאַר, אַז ס'קומט ימים נוראים, קריגט ער ערגעץ א קאַפּעליוש, אַן אַלטע קאַפּאָטע און א גאַרטעל און געהט, צוגלייך מיט אַלע יודען אין שול. אָבער ניט מעהר, ווי ימים נוראים. א גאַנץ יאָהר, שבת און יום טוב, זעהט מען איהם ניט אין א מקום קדוש. פון דער וואָכען איז געוויס אָבגערעדט.

„קנאַק" רופט מען איהם, ווייל בשעת ער פאָהרט אויף זיין „לייב" האָט ער ליב צו קנאַקען מיט דער בייטש וואויל־

אין שטערטעל אקטיארען פון לעמבערג, צו טאקע פון סאמע וואַרשע, און האָבען דאָרט געשפּילט טשיריקאָוו׳ס „יודען“. ער אליין איז אין טעאַטער ניט געווען. נאָר ער האָט געהערט, אז דאָרט האָט זיך געטאָן מעשים: מ׳האָט געשטאָכען, געמאָרדע־ וועט.

פון דעמאָלט אָן רופט ער די היינטיגע יונגע לייט: „יודען“. צווישען ציוניסטען און סאָציאַליסטען ווייס ער ניט קיין אונ־ טערשיעד. ער ווייס נאָר, אז מ׳קלייבט עפּעס געלד: שקלים... אקציעס... און אז מ׳קלייבט, מסתמא טיילט מען דאָך אויך. און אז מ׳לאָזט איהם דורך, איז אָן עולה... דעריבער ווענדט ער זיך אפט מיט א פאַרוואורף צו די שטעדטעלדיגע יונגע לייט: „ציוניסטען! יודען! סאָציאַליסטען! נו, גיט מיר אויך עפּעס געלד...“

# יענדזשע בעל עגלה.

זיין נאמען איז אייגענטליך הערש. נאר יענדזשע רופט מען איהם צוליעב זיין ווייב — רחל׳ע יענדרשע. רחל׳ע איז א קאשעק־יודענע — א בראנד. קומט זי אין מארק, געהט פון איהר דער מארק האראראם. דערפון איז לייכט צו פערשטעהן, אז זי טראגט די הויזען און ע ר ציטערט פאר איהר ווי פאר פייער. זי איז ניט פויל אמאל ארייגצופאהרען איהם אין באק. „יענדזשע" גיט ניט צוריק נאר נעהמט אן פאר גוט און גיט נאך איהר גע־רעכט. ווארים „יענדזשע" האט א טבע, ווען ער דערטאפט א פאר גילדען, פערשפילט ער זיי אין קארטען. דעריבער האלט זי שטענדיג די קאסע אין איהר לעדערנעם מארק־בייטעל, ביי זיך אונטער קיסען.

ווי איהר זעהט איז יענדזשע דער בעל עגלה אין נאטור ניט קיין שלעכטער. נאר קינדער האט ער ליעב ווי דעם לעבען. ניט קוקענדיג וואס יענדזשע־ער ווערט פון יענדזשע־זי ניט זעהר צערטליך בעהאנדעלט, פון דעסטוועגען קינדעלט זי אלע יאהר, און ווען עס קומט צו א ברית געהט ער צו הערש שטעקל דעם גביר, מיט וועלכען ער האלט זיך מחותנה׳שאפט, ווייל „זייביידען האט מען א נאמען געגעבען נאך איין זיידען", און מעלדעט איהם: — גוט מארגען, רבי הערש! איך קעהר זיך מיט אייך אן: ווייטער א ברית! גיט צו שטייער!

ווענען די פאגראמען אין רוסלאנד און דער רוסישער רעוואָ־לוציע וויים יענדזשע נאר דערפון, וואס אמאל זענען פערפאהרען

האָב פאַרנאַטירט ביי זיך אין ביכעל. איך נעהם זיי ווי זיי שטע־
העז און געהעז, אהן א סדר, אזוי ווי איך האָב זיי בענעגענט אין
לעבען, אדער געהערט פון זיי. נאָר יעדער שטעלט פאַר א בע־
זונדער טיפּ, א בעזונדער ווינקעל אין „גהינום התחתון“ פון
גאַליציאַנער יודישען רעק.

# וועגן גאליציאנער „דעק"־מענשען.

וואו איהר גיט א ווארף אין גאליציען מיט אן אויג, בע־
מערקט איהר א טיפ. ערגעץ אין דער וועלט איז, דאכט זיך, דאס
יודישע לעבען נים אזוי אריגינעל, ווי דא. נאר אריגינעלער ווי
אומעטום איז דאס יודישע לעבען אין גאליציען אויפ'ן דעק.
די גאליצישע יודישע דעק־מענשען זענען העלדען אויף זייער
שטויגער — העלדען און מארטירער צוזאמען. און בעטראכ־
טענדיג זיי, ווייסט איהר ניט וואס פריהער צו באוואונדערן.
צי די טיעפע אריגינעלקייט פון זייער נאטור, וואס די אונמעג־
ליכע בעדינגונגען פונ'ם דעק־לעבען האבען ניט געקענט איינ־
ברעכען, צי די אייזערנע געדולד, מיט וועלכער אט די מענשען
האבען געטראגען און טראגען א מארטירער־לעבען, ניט פער־
לירענדיג אין גאנצען דעם צלם־אלקים.

אלענפאלס בעשטעטיגט גאליציען נאך מעהר, ווי רוסלאנד,
דעם פאקט, אז דער יודישער דעק־מענש איז ניט גלייך צו
גארקי'ס רוסישע דעק־טיפען. י ע נ ע זענען שוועכליכע, פרא־
זיארען, און ד י זענען אמת'ע העלדען, נאר געבראכענע, און
זענענדיג צעקאלעטשעט פון דעם אונמעגליכען לעבען אויפ'ן
יודישען דעק, וואו די בעדינגונגען זענען שרעקליכער ווי אויף
דעם גוי'אישען דעק, בלייבען זיי דאך העלדען אויף זייער
שטויגער.

איך וויל דא פארשטעלען דעם לעזער א צעטעל פון א
גאנצע רייהע יודישע דעק־מענשען אין גאליציען, וואס איך

שטארק געווען די לעצטע צוויי יאָהר פאר דעם וועלט קריג, בשעת די מלחמות אויפ'ן באַלקאַן. די עסטרייכישע רעגירונג האָט אָנגענומען עקסטראַ מיטלען נעגען די, וואָס אַנטלויפען פון פריזיוו. זי קען אָבער גאָר נישט מאַכען. קריסטליכע יונגע לייט צולויפען זיך נים ווענינער פון יודישע.

דערביי האָט מען זיך ניט געהאַלטען אַז אַ סיסטעם. חזנות, טעאַטער־שטיקלאַך, פּאָלקסלידלאַך — אַלץ איז געווען אויסגע־מישט. נאָך האַלבע נאַכט פּלעגט מען זיך אַ לאָז טאָן צו די חסי־דישע קלויזען, וואו די חסידישע בחורים פּלעגען זיך פּלאָגען אויף זייער שטויגער: זאָגען תהילים, לערנען, דערציילען זיך טרויעריגע מעשיות. די חסידישע יונגע לייט פּלעגען מוזען אַריין אין חברה, מיט־האַצקען זיך, מאַכען מיהלען, ד. ה. דרע־הען זיך אין אַ קאַראַהאַד און נעהמען אַ טייל אין אַלע שטוקעס. די שטוקעס זענען ניט אַלע מאָל געווען אונשולדיגע. עס פּלע־גען זיך אַריינמישען וואוילע־יונגעריי און גראָבע שטיק. אַ שטוי־נער, ווי אויסציהען אויפ'ן טיש און שמייסען; אַנצינדען אַ פּאַ־פּיער אויפ'ן נאָז, אָבטונקען אין אַ צובער וואַסער. אין שטעד־טעל פּלעגט מען איבער אַ נאַכט אַנטאָן חורבונות: ברעכען קאַסטענס, וואַרפען, שליידערן, איבערקעהרען קאַפּויר. די האַלין אין קלויז פּלעגט מען אַנצינדען, פון די ליכט מאַכען אילומי־נאַציעס. טאָמער פּלעגט דער שמש פערשליסען די קלויז, פּלעגט מען אויפברעכען די טיר און מאַכען דאָרט אַ חורבן.

די פּלאַגענעס האָט אויסגעאַרבייט איהרע „פּראָפעסיאָ־נאַלען" — וואוילע יונגען, וואָס האָבען גאָר נישט געטאָן, נאָר אָבגעהיט די טראַדיציעס פון דער פּלאַגעריי, געפיהרט אויפ'ן קאָפּ דעם חשבון פון די פּלאַגער, געמאָהנט חברה־געלד, אָנגע־פיהרט די טענץ מיט אַלע שטוקעס. אַליין פּלעגען זיי זיך גוט אָבפּיטערן פאַר דער צייט פון די פּלאַגענעס און אַ גאַנץ יאָהר פערזאָרגט געווען מיט חיונה. די פּלאַגער אַליין אָבער פּלעגען גאַנץ אָפט אַרויס קאַליקעס פון ניט עסען, ניט שלאָפען, פון אַ סך רויכערן, פון לעכערן די אויערן, שיטען קאַלך אין די אויגען און עהנליכע יסורים.

מיט דער ענטוויקלונג פון דער יודישער יוגענד געהט בים־לעכווייז אויס פון דער מאָדע די פּלאַגענעס. דער וואָס האָט אַ וועלכען עס איז בילדונגס־צענז און קען זיך מאַכען לייכטער דעם דינסט — געהט ער דינען. אַ פּשוטער אַרבייטער פער־זאָרגט זיך בעצייטענס מיט אַ טיקעט נאָך אַמעריקאַ. דער גע־לאָף פון דער גאַליצישער יוגענד קיין אַמעריקאַ איז בעזונדער

נעחט א „קאפאראש" — א מין טאנץ, מיט מוזיק: א גוי'אישע בילינע פידעל, מיט קונדס'יגע פויקען און טאצען. דערנאך שפילט מען אין פעטש. איינעם האלט מען צו די אויגען, א צווייטער גיט א פאטש אין הינטער־טייל. גאנץ חברה גיט זיך א לאז צו. ס'ווערט א טומעל. דער געפאטשטער דארף טרעפען: ווער ס'האט געגעבען. טרעפט ער, דארף יענער, דער פאטשער שטעלען זיך אויף זיין פלאץ, אז ניט קריגט ער ווייטער פעטש.

געענדיגט דאס שפיל, לאזט מען זיך איבער'ן שטעדטעל, און אונטער יעדען פענסטער ווערט געזונגען די „פלאגער־סערעַנאדע:

שטעהען מיר דא אלע פלאגער,
שטעהען מיר דא אויף קצבה;
גיט אונז ארויס א פלעשעלע בראנפען,
וועט איהר האבען א מצוה.

גיט מען איז גוט, אז ניט ברעכט מען לאדען, פענסטער. ביי דעם „פרעזידענט" איז אויפ'ן שנירעל יעדער פריזיוואניק. אפילו דער וואס וויל דינען, דער וואס האט א מיטעל אויסקויפען זיך פון דינסט, ניט פלאנענדיג זיך; אפילו דער וואס וויל זיך בעפרייען דורך פלטה אין אמעריקא. קומט די „צייט" מוז יעדער בחור אריין אין חברה. א רייכער מוז זיך אבקויפען מיט א פיינע מטבע. אמאליגע יאהרען פלעגען די פלאגער פריהער געהן צום רבי'ן נאך א ברכה, און נעהמען ביי חסידים פלאגער־געלד. היינט איז דאס אויס מאדע.

חברה־פלאגער האט געהאט זייער איינען שענקעל, וואו מ'האט צו יעדער צייט געקענט בעקומען בראנפען מיט הערעטשענע פלעצלאך אויף קרעדיט. אונטער געווארימט זיך מיט א ביסעל בראנפען — פלעגט מען זיך לאזען איבער שטעדטעל הוליען. דא איז געווען פאר יעדען „טאלאנט" א ראלע. פון אנהויב פלעגט געהן רעדעס. א ציוניסט פלעגט „אבטאקען" זיין ציוניסטישע דרשה; א סאציאליסט פלעגט רעדען וועגען „קאפיטאל" „פראלעטאריאט" און סאציאלע רעוואלוציע. ווען אלע אראטארען האבען געהאט אויסגעלעדיגט זייערע „ספיטשעס" האט זיך אנגעהויבען געוועהנליך די קאנצערט־אבטיילונג.

נעווארן מיט בעהעלטעניסן, וואו די „כאפער" האבן ניט געקענט צוקומען, אויב ס'איז ניט געווען קיין מסירה.

אז די סופלענטען זענען אבגעשאפט געווארן, און דער דינסט איז שוין געווען ניט אזוי שווער, איז די „אויגענהאַ־קענס" אויסגעגאַנגען פון מאדע. די בעהעלטעניסן האבן שוין מעהר ניט געקענט שיצען. די לאַגע פונ'ם זעלנער איז אבער נאך אלץ ניט געווען וואס מקנא צו זיין, און יודישע יונ־גע לייט האבן ניט געהאט קיין לוסט צו געהן דינען. אט דא האט זיך ענטוויקעלט די פלאגענעס אין איהר גאנצער טראגי־קאמישער געשטאלט.

די איינבערופונג פון זעלנער אין גאליציען קומט פאר, אונגעפעהר, ווי אין רוסלאנד — אין הערבסט. נאר די „אסענ־טירונג", ד. ה. דאס מעלדען זיך צום פריזיוו, קומט פאר פאר פסח — מיט א האלב יאהר פריהער. דעריבער הויבט זיך אָן די „פלאגענים" א סך פריהער פאר דער „אסענטירונג" טאקע באלד נאך חנוכה. די פלאגענים בעשטעהט אין טרינקען עסיג, פאס־טען, ניט שלאפען, אומגעהן א סך, ליגען אויף דער הוילער באנק א. ד. ג. אין רוסלאנד ווערען פראקטיקירט דיזעלבינע זאכען. נאר דארטען מאכט דאס יעדער פאר זיך. אין גאליציען אבער איז די יוגענד געזעליגער. דא איז פון דער פלאגעריי, מיט דער צייט, געבילדעט געווארן א מין געזעלשאפטליכע אינסטיטוציע מיט א ניט געשריבענעם אוסטאוו (קאנסטיטור־שאן), וואס איז אבגעהיט געווארן אויפ'ן האר מעהר, ווי א געשריבענע: מיט איהרע טראדיציעס, מיט איהרע העלדען און טיפען, מיט איהרע צערעמאניעס, לידער און טענץ. אין יעדער שטעדטעל איז געווען — און איז נאך איצט דא — די „פלאגער שולכעל", וואס האט זיי געדינט פאר א מין קלוב. קומט די צייט פון פ ל א ג ע נ ע ס, קלייבט זיך אויף דער גאנצער עולם־פלא־גער אין זייער שולכעל, און קלייבט אויס א „רב", א מין פרע־זידענט. דער דאזיגער פרעזידענט ווערט בעקליידט מיט א אונ־בעשרענקטער מאכט.די דיסציפלין אין דער פלאגער־ארמיי איז שטארק. יעדער מוז געהארכען דעם פיהרער.

די פלאגעריי הויבט זיך אן זעהר צערעמאניעל. פריהער

קען מען שוין שטענדיג געפינען א מיטעל, ווי אויסצוקומען מיט מענשען אויפ'ן פרידליכען שטייגער.

דערצו האט דער יור צופיעל ליעב די פרייהייט, די אונאב־הענגיקייט פון זיין פערזאן, אום צו וועלען זיך פרייוויליג איינ־שפאנען אויף יאהרען אין דעם יאך פון קאזארמע־דיסציפלין. דאס שטערט, אבער פערשטעהט זיך, ניט די יודישע יוגענד ארויסצוגעהן מוטיג אין קאמפף און פערגיסען זייער בלוט, ווען עס האנדעלט זיך אום פערטיידיגען די אמת'ע פאלקספרייהייט און ניט די אינטערעסען פון די שטארקע. דערצו האט אונז גע־געבען גענוג ביישפילען די רוסישע רעוואלוציע.

אלעמען איז בעקאנט וויפיעל פלאגענעס, יסורים און קרבנות דער יודישער יוגענד האט אמאל געקאסט דער פריזיוו זעהר ווענינ אבער ווייסען, אז א ן גאליציען האט די דאזינע פלא־גענעס אנגענומען נאך א מעהר טרויעריגען כאראקטער. דאס ווארט „פלאגער“ איז דארט אזא בעגריף, וואס די רוסישע יודען ווייסען גאר דערפון נים. דאס איז א גרויסער שטיק גאליציש־יודיש לעבען, וואס אהן דעם קענען מיר בכלל נים האבען קיין ריכטיגע פארשטעלונג וועגען דעם גאנצען יודישען לעבען אין גאליציען. אזא טיפ, ווי „דאדיע באנדער“, א „אידענע אן איי־גענהאקערין“, א „בעריל דער משוגענער“, וואס פיגורירען אין מיינע פריהערדיגע בילדער פון גאליציש־יודישען לעבען, שיינען געווים פאר דעם זייטיגען לעזער א מין „שארזש“, עפעס א זאך וואס איז עהנליך צו אן אויסגעטראכטע סענסאציע. דער גאליצי־אנער יודישער לעזער ווייס אבער, אז אין זיין היים איז דאס די נאקעטע ווירקליכקייט.

ביז מיט פערציג יאהר צוריק איז געווען דער רינסט אין עסטרייך א סך שלימער, ווי איצט. נאר דאן האט מען גע־קענט קויפען פאר זיך אן אנדערן, א „סופלענט“ האט עס גע־הייסען. דער מקח פון א „סופלענט“ איז געווען פיער הונדערט ריינים. דאס איז געווען, נאטירליך, מעגליך פאר רייכע. ארי־מע האבען זיך געמוזט „האקען די אויגען“. אדער זיין „נעלמים“. ד. ה. בעהאלטען זיך. די הייזער זענען פון אנהויב אן געבויט

# די פלאָגערס.

וואָס זאָל מען לייקענען, — „דיענען דעם קיסר“ האָבען יודען קיין מאָל אין ערגיץ ניט געוואָלט. כאָטש אין דערזעלבער צייט זענען יודען שטענדיג און אומעטום געווען גרויסע פאַטריאָטען. אין דער צייט פון דער השכלה, ביז די ערשטע פּאָגראָמען פון 1881, איז די יודישע יוגענד אין רוסלאַנד געווען זעהר פּאַטריאָטיש געשטימט צו דער „ממשלה“, צו דער רעגירונג, הייסט עס. דאָס האָט אָבער ניט געשטערט, אז פון דינסט זאָל מען אנטלויפען וואו פעפער וואקסט. נאָך פּאַטריאָטישער זענען תמיד געווען און נאָך איצט זענען די עסטרייכישע יודען צו זייער „קאיזער“ און דאָך איז מען פון דאָרטען שטענדיג געלאָפען פון זעלנעריי און מ'לויפט איצט.

די סבה דערפון דאַרף מען דעם יודישען לעזער קיין סך ניט ערקלערען. דער יוד, וואָס האָט בעשאַפען אין דער פערזאָן פון די אַמאָליגע נביאים דעם אידעאל פון „וכתתו חרבותם לאתים וחניתותיהם למזמרות“ ד. ה. אז עס וועט קומען אַ צייט, ווען מענשען וועלען צעברעכען זייערע שווערדען און שפּיזען און מאַכען דערפון אקער־אייזענס און קאָסעס“, — אָט דער אידעאל איז אריין אין דעם יודענ'ס פלייש און בלוט. ער פערשטעהט שוין זעהר גוט, אז ס'איז גאָר ניט נויטיג צו הרגענען זיך און קוילענען זיך מיט אנאנדער. און וויל מען גאָר ניט איינשלינגען די וועלט, אליין לעבען רוהיג און לאָזען יענעם צו רוה,

א בחור שוין פון א יאָהר 55. האָט א משונה'דיג קאַצאַפּיש פּנים, טראָגט לאנגע האָר, געהט זומער און ווינטער אין א קוטש־מע, דער בגד אָנגעהאנגען אויף די אקסלען. האַגדעלט מיט וואָס עס מאַכט זיך. דערצו איז ער א מעקלער פון דינסטען. האָט א מויל פון א „ברימאַן", נאָך איצט אויך. נאָר געגען דער אלטער מאַמען איז ער א טויב. געקומען אהיים — טראָגט ער אָן וואַ־סער, שפּאַלט אָן שפּענדלאַך, האַקט אָן האָלץ, בעדיענט דער מאַ־מען, א זקנה שוין פון א יאָהר אכציג.

בילכער פאַר דער מאַמען איז ביי איהם קיינער ניט. אפילו דער קייזער אליין. און דאָס האָט ער בעשיינפערלעך בעוויזען אין זעלנערישען דינסט.

חוץ שמערלען האט ער דארט דערקענט פאצעק'ן און יאצעק'ן, דעם יאהאן און דעם שמידט, — גויים, גישט בלויז גוטע בעקאנ־טע, נאר אפילו אייגענע עסטרייכישע זעלנער, נאר פון אן אנ־דער רעגימענט. און א חוץ דעם איז טאקע דער שיסען אליין אויף געווען אויף צו כלומרשט... עט, גלאט, פאצעציע!...

משוגע זענען זיי? צו וואס?...

געוואוסט האט בערעל, אז דא ניט וויט, פאר עטליכע הונדערט טריט איז דא דער קייזער אליין, וואס האט איהם בע־נגאדיגט. גישט שוין זשע וויים ער פון די אלע „היגטישע שטיק?" פון די אלע „משוגענע אוואיעס", וואס דא טוט זיך אפ? עס קען נישט זיין!

און בערעל ווארפט אראב פון זיך שנעל די שיך, די זאקען, ווארפט ארויף דעם ביקס אויפ'ן ארבעל און לויפט א באָרוועס־סער.

פינסטער איז געווארען דעם קאמאנדיר פון זיין ראטע אין די אויגען, ס'איז געווארען א גערודער. פערצווייפעלטע לאזען זיך נאך איהם די אפיצירען, דער גענעראל, כאפען איהם אן.

— וואס איז? וואוהין? אך!... נאר בערעלע רייסט זיך.

— לאזט מיך, לאזט! איך מוז צו איהם, מוז צום קייי־זער... ניין! זאל ער זאגען, אדרבא, אויף וואס דארף מען אט די „משוגענע טענץ", אט די קאמעדיעס?...

די אפיצירען און דער גענעראל זענען איהם שיער צו די פיס ניט געפאלען, האבען זיך ביי איהם געבעטען, איהם געמוזט געבען די האנד, אז מארגען נאך די מאנעווערעס ווערט ער בע־פרייט.

און בערעלע האט אויסגעפיהרט: ער איז בעפרייט גע־ווארען אויף אלע מאל.

ווערענדיג א פרייער מענש, האט זיך בערעלע אוועק גע־לאזט איבער דער וועלט. ער איז אויסגעוועזען אין לאנדאן, אין פאריז, וואו איהר ווילט. אין רוסלאנד האט ער געטאגט און גע־נעכטיגט. קען רעדען פראנצויזיש, ענגליש, דייטש, רומעניש, פויליש, רוסיש. נאך א פולע יאהרען וואנדרעווען איז ער ענדליך צוריק געקומען אהיים, אין זיין מאמעס שטיבעל, איצט איז ער

פאקט מען דאך איהם ווייטער, נאר בערעלע רייסט זיך און שרייט:

— איהר'ט מיך נישט איינשמועסען, ניין! דער קייזער איז נישט בילכער פאר דער מאמען...

פאר אזוינע חטאים האט מען בערעלען געמאכט א פראצעס, און פאר'משפט — צו שיסען.

נאר דא האט בערעלע נאך אמאל געמאכט א „ויברח“. אבער דאס מאל נים צו דער מאמען, נאר גלייך אין וויען — צום קייזער. מ'ווייס נים, ווי אזוי, נאר ער האט זיך דערשלאגען צום קייזער, און דער קייזער האט איהם בעגנאדיגט.

מ'האט געמיינט, אז נאך דעם וועט בערעלע ווערען רוהיג: וועט אויסדינען כשר זיין זעלנער־טערמין, ווי אלע סאלדאטען. ס'איז אבער געווען א טעות. ס'איז אוועק א חודש, צוויי, דריי נאך דער בעגנאדיגונג. בערעלע איז, דאכט זיך, געווארען א זעלנער, ווי אלע זעלנער. לויפט און שפרינגט און הויבט שוין די רעכטע און לינקע פוס.

מאכט זיך, אז ס'קומען אן גרויסע מאנעווערס. דער קייזער אליין איז עקסטרא געקומען דערביי זיין און צוקוקען. און אויף מאנעווערס, ווי בעוואוסט, ווערען דאך איבערגע'חזר'ט און ארויסגעוויזען אלע זעלנערישע קונצען. אין דעם ערפאלג פון די מאנעווערס, הענגט אב די קאריערע נים פון איין גענעראל און אפיציר. די סאלדאטען ווערען פערמאטערט, ארויסוויייזענדיג די אלע שטיק, פונקט ווי אויף א מלחמה.

אט דא האט ביי בערלען געפלאצט די געדולד. פון אנהויב האט ער געמיינט, אז דאס איז טאקע אן אמת'ע מלחמה. מילא— מלחמה, איז דאך נים שייך! איז נ י ט א קיין תירוצים... ווייזט זיך אבער ארויס, אז דער „שונא“. איז גאר קיין שונא נישט! אז די גאנצע מעשה איז א בלאף... ווארום אין דעם אנטשענענדיגען לאגער, אין וועלכען ער האט געדארפט שיסען, האט ער בעשיינפערליך דערקענט שמעריל דעם וואסער־טרעגער, זיינעם א גוטען פריינד, וואס האט — ווי ער האט אויף זיכער געוואוסט — א פליעג אויף דער וואנד נישט אנגעריהרט, און איז דעם קייזער אליין; אייך אזוי טריי ווי ער, ווי אלע יודען. און א

— וואס איז מיט דיר, דו קערל? ווארום העבסט דו ניכט דיינען רעכטען פוס?

נאר בעריל ענטפערט קאלטבלוטיג:

— הויבט אליין! וואס בין איך א גאנז, וואס איך זאל שטעהן אויף איין פוס? — איהר ווילט זיך מאכען משוגע? זיים אייך משוגע א חוץ מיר! איך בין נאך דערווייל קלאר און וועל גישט שטעלען זיך אויף איין פוס, ווען איך קען, מיט גאט'ס הילף, האלטען זיך אויף ביידע....

דעריבער איז בערעלע אמאל צוואנציג אנטלאפען פון דיענסט.

אנטלויפען פלעגט ער יעדעס מאל אהיים, צו דער מאמען. קומען פלעגט ער אין דער זעלנערשער היטעל מיט'ן זעלנערשען לאנגען מאנטעל. בעהאלטען זיך פלעגט ער נים.

דער זשאנדאר פון שטעדטעל האט ניט געהאט קיין סך מיה צו פאקען איהם טאקע פון מיטען נאס.

געפאקט — פארפאלען! אנטקעגען שטעלען זיך — דאס ניט. פיהרט איהם דער זשאנדאר אין דער מיליטערישער קאנצעלאריע. ער — א פריהער, בערעלע, — פון הינטען:

קומט צו דער קאנצעלאריע, מאכט בערעלע:

— „האלט! ווילסט כאפען פינף גולדען, פאר וואס דו האסט מיך געפאקט? א קרענק!"

און פארלויפענדיג א פריהער, פלעגט ער אליין זיך מעלדען דעם מיליטער־הויפטמאן.

אין אנדערס מאל, דאס איז געווען נאך א פינפטען צו זעקסטען מאל מאכען פליטה פון דיענסט, פיהרט מען בערעלען מיט זיין ראטע ערגעץ אין א שטאדט אוועק.

מאכט זיך פראר, אז מען פיהרט איהם דורך זיין שטעדטעל. ווי נאר די ראטע זיינע האט זיך פערגלייכט מיט זיין מאמעס שטיבעל, גיט בערעלע א שפרונג ארויס פון שערענגע און גלייך צו דער מאמען אין שטיבעל. אין א סעקונדע ארום געהט ער ארויס פון שטיבעל, ווי ניט איהם מיינט מען, מיט א פאר עמער אויפ'ן אקסעל, נאך וואסער, הייסט עס, פאר דער מאמען.

## בעריל-„אנטימיליטאריסט."

געררופען האט מען איהם פשוט: „בעריל דער משוגענער". נאר זיין גאנצע משוגעת האט, אייגענטליך, געשטעקט דעריין, וואס ער האט ניט געוואלט דיענען דעם קייזער.

געגען דעם קייזער האט בעריל, אין אמת גערעדט, גאר נישט געהאט. פארקערט: ווי אלע עסטרייכישע יודען, איז ער געווען א טרייער פאטריאט. נאר איינס צום אנדערען האט ניט: מ'קען בענשען דעם קייזער, זיין איהם א גוטער פריינד און ניט וועלען „מאכען זיך משוגע". ווארום זיין א זעלנער האט געהייסען ביי בערל'ען מאכען זיך משוגע.

א שטייגער: אלע סאלדאטען געהען אויף מארשיראווקע און גימנאסטיק. בערעלע פערשטעהט זיך, אויך מיט זיי. הייסט מען אלעמען אויפהויבען איין פוס, האלטען זי אין דער לופטען און אויף דער אנדערער בלייבען שטעהן.

איינס! צוויי!

אלע סאלדאטען בלייבען שטעהן אויף איין פוס. די אנדערע ארויסגעווארפען פאראויס.

בערעלע, ווי ניט איהם מיינט מען: שטעהט פעסט אויףביידע פיס.

עס לויפט צו דער פעלדפעבעל.

וואָס גלויבען אין איהר, און ג ע ג ע ן די וואָס זענען איהר מצער. איינע האָט איהר ניט געוואָלט געבען אַ קוואָרט וואַסער, איז אַ גאַנצען זומער קיין רעגען ניט געגאַנגען ביי אַ האָלץ־סוחר'ס ווייב האָט זי פערלאַנגט אַ פדיון, וועט זי פּתפלל זיין און פועלן אַז ס'זאָל זיין אַ סך וואַסער, וועט איהר מאַנס געהילץ אַנקומען גיך קיין דייטשלאַנד. האָט די האָלץ־סוחר'טע ניט געוואָלט געבען. זי גלויבט ניט — זאָגט זי — אין אַ רבי'ן בפרט אין אַ רבצין. אין קאַזמיר האָט די שטאָדט־רעבעצין געגעבען איהר אַ פדיון. ד. ה. געמאַכט איהר אויף הוצאות. איז דורך דעם די שטאָדט קאַזמיר ניצול געוואָרען פון אַן אונגליק. אין יאָהר תר"ן (1890) איז געוועזן גרויסע בלאָטעס. אידען האָבען קיין פרנסה ניט געהאָט, האָט זי געבעטען, עס זאָל ווערען טרוקען און עס זאָל זיין אַ שנת „מיסאַמאַטין", איז תכף געוואָרען אַ גרויסער פראָסט און שנת „מיסאַמאַטין".

בכלל — איז אין דער חסידישער וועלט ניט קיין נייעס — אַ „רעבעצין", אַ „גוטע אידענע", וואָס „טוט מופתים" און נעהמט פדיונות. דעם אַלטען בעלזער'ס ווייב, פלעגט צייטענ־ווייז — ווי ס'ווערט דערצעהלט אין די חסידישע מעשיות — אין דער אַבוועזענהייט פון איהר מאַן, פערטרעטען זיין פּלאַץ, נעהמען אַ פדיון און געבען סגולות און קמעות. ר' מאיר'ל פּריי־מישליאַנערס טאָכטער איז, נאָך איהר פאָטער'ס טויט, געזעסען אויף זיין טראָן, געפיהרט די „מלוכה" און „בעוויזען מופתים" מיט דער קראַפט פון זיין שטעקען...

די „משיח'טע" איז געבאָרען געוואָרען צו שפּעט. מיט אַ 50 יאָהר פריהער האָט זי מיט איהרע טאַלאַנטען, געקענט זיך פיין אַרויפאַרבייטען...

דער לעזער ווייס אויך, אז בשעת איך האב בעקומען צוריק די געלד, האב איך אין מיטען „אבמאכען דעם מסחר“ חרטה גע־האט און געלאזען ביי זיך א טייל פון איהרע „סחורה“.

איך דארף צוגעבען, אז באלד, נאטירליך, ווי איך האב זיך גוט איינגעקוקט אין דער „משיח׳טעס“ אייגענע שמאטעס, אין די בערג אנעצעס, ברעטלאך, שערבלאך, מיסט, וואס זענען גע־לעגען אנגעווארפען אין איהר שטיבעל, וועלכע איז מעהר ענהנ־ליך געוועזען אויף א הונדס קאנורע, ווי אויף דער וואוינונג פון א מענשען, ווי איך האב זיך נאר ארויסגעריסען פון דער פוילער שטיקענדער לופט, וואס האט ביי מיר דעם אטעם פערכאפט, איז דער גלגול פון א משכיל ביי מיר באלד פערשוואונדען און און דער רוהיגער בעאבאכטער פון לעבען האט פערנומען זיין פלאץ.

די משיח׳טע“ איז ביי מיר ווידער געווארען א רעטענים. איינע פון די פולע רעטעניסען. וואס מיר זעהען אזוי פיעל אין יודעשען געטא. איבערהויפט אין די חסידישע שטעדט־לאך פון גאליציען. וואס איז זי? א בעטראגענע, צי א בעטרי־געריןֹ? אן איינרעדענים, אדער א בעוואוסטזיניגע שווינד־לעריןֹ?

מיר האט זיך דאמאלט געדוכט און עס דאכט זיך מיר איצט — אז ביידע זאכען צוזאמען. אלענפאלס אן אונגליקלי־כער מענש, אין וועלכען עס זענען פערלארען געגאנגען אונגע־וועהנליכע און פילייכט געניאלע טאלאנטען.

ריידען מיט איהר האב איך מעהר ניט געוואלט. איך האב אויך ניט געפונען פאר נויטיג. איך האב געהערט פון איהר און וועגען איהר גענוג. דערצו האב איך געהאט איהרע ליטע־ראטור.

איך האב גענומען דורכקוקען אויפמערקזאם איהרע „ציי־טונגען“. א חוץ די אויבען געבראכטע אויסשניטען זענען דא א ן איהרע בלעטער נאך א סך אינטערעסאנטע שטעלען. דורך אלע בלעטער געהט דורך ווי א רויטער פאדים, איין גרונד־געדאנק, איין שטרעבונג. צו שפילען די ראלע פון א רעבעצין, פון א בעל מופת׳טע. גאנץ אפט טוט זי „מופתים“ פאר די

איהר זאָלט מיר אין גאַס ניט אָבשטעלען".

ווי געפעלט אייך די פּוריע?

פון דעסטוועגען האָט זי אָבגעבראַכט דעם חוב, העלפט, דעמזעלבען טאָג, דאָס איבריגע — אין עטליכע טעג אַרום.

פון דעמאָלט אָן איז זי מיט מיר ברוגז. צו זי אַרבייט ביי אַן אַנדערן, צי דער „מסחר" איז גלאַט שוואַכער געוואָרען, ווייס איך ניט.

אַזוי האָט דערצעהלט דער פאָטאָגראַף.

איך וויל ניט לייקענען, אַז באַלד נאָך דער מעשה האָט זיך אין מיר דערוועקט דער גלגול פון אַ משכיל. „אַראָבוואַרפען די מאַסקע!" „קעמפּפען געגען פינסטערניש!" ווי ניט גאַר צונעפּאַסט די ווערטער זענען געווען צו אַט דעם מערק־ווירדיגען פאַל — איך האָב דאָך געפיהלט עפּעס אַ נויטיגקייט אַ שטופּענעם צו טאָן, עפּעס „רעאַגירען" — ווי מ'זאָגט אויף הויך, לשון — אויף דעם דאָזיגען פאַקט. אגב, — צווישען אונז זאָל דאָס בלייבען — איז מיר טאַקע ניט אָנגעשטאַנען, איך זאָל אַזוי מאָוס אַריינפאַלען פאַר אַ קרבן דער „משיח'טע". אין בעגלייטונג פון אַ יונגען מאַן, איינעם פון מיינע פיהרער אי־בער טשאַרטקאָוו, האָב איך זיך געלאָזען צו דער „משיח'טע"..

מיר האָבען זי געטראָפען אין דער היים. מיין פיהרער האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר. עטליכע מינוטען האָט געדויערט ביז מיר האָבען דערהערט פון יענער זייט טיר אַ שאַרך, אַ דראַפּען אין טיר, אַ שליאַפּען מיט שווערע פאַנטאָפעל איבער דער פּאָד־לאָגע. דאַן האָט זיך אַ הויב געטאָן די פאַרהאַנקע פון טיר־פענסטערל און זיך ווידער אַראָבגעלאָזט. עס איז ווידער שטיל געוואָרען. ווידער האָט זיך געהערט עפּעס אַ שאַרענעס, אַ שליאַפּען מיט פאַנטאָפעל, און נאָך אַ פּאָר מינוט האָט געדויי־ערט, ביז די טיר האָט זיך ענדליך געעפענט.

איך געדענק איצט ניט אַקוראַט, ווי אַזוי דער גלגול פון אַ משכיל, האָט פון מיר אַרויס פּראָטעסטירט געגען דער „משיח'טעס" שווינדלערייען. דער לעזער ווייס שוין, אַז זי האָט מיך מקבל פּנים געווען מיט דעם שטאָלץ און זעלבסט־רעס־פּעקט פון אַ מענשען, וואָס ווייס זיין „בערוף" און זיין ווערט...

נעהם געווען דער געשעפט ? צו עוסק'ן זיך מיט אזא נפש ? נאר וואס זאל מען טאן ? די חיונה איז שווער. זעהר א שווערע צייט... קען מען דען אויסקלייבען... ווי דער גראשען קומט אן ?.. אמאל, הערט איהר, קומט זי אריין צו מיר — געהן פלעגט זי צו מיר אין שטוב, ניט אין פאטאגראפיע — אט אזוי, ווי איהר זעהט איהר, ארומגעהאנגען מיט איהרע שמאטעס; רעדט ווענגען איהרע „געשעפטען". אין מיטען געהט מיין ווייב ארויס פון שטוב. האלט זי איהר אויף. „ווארט" — זאגט זי — לאזט מיר ניט ביחידות (אליין) מיט אייער מאן..." מיין ווייב האט זיך צולאכט. אז ע ר וויל", — זאגט זי — „בלייבען מיט א י י ך ביחידות, דארפט איהר קיין מורא ניט האבען". איז וואו האלט איך ? יע. „קיינער", — זאגט זי „זאל ניט וויסען". אז איך האב מיט אייך געשעפט. בעגעגענען מיר זיך אין גאס, איז ווי מיר וואלטען איינער דעם אנדערן ניט קענען"...

רעכט ! בין איך מסכים. א גרויסער כבוד, מיינט איהר, אבצושטעלען זיך אין גאס מיט אזא בריאה...

האט זיך אבער אנגעקליבען אמאל א היבשע סומע. עפעס א זיבעציג, אכציג קראנען איז זי מיר שולדיג געווען. ס'געהט אוועק א חודש, דער אנדערער, דער דריטער — זי ווייזט זיך ניט. און פערענגט איז מען. וואס טוט מען ?... בעגעגען איך איהר אמאל אין גאס און דערמאהן איהר שטילערהיים דעם חוב. נעהמט זי אזוי אן א שטאלצע פאזע אין איהרע טראנטעס און מאכט : „איך האב דאך מיט אייך אבגערעדט, אז מיר זאלען זיך אין גאס ניט קענען ! איך וועל אייך אריינטראגען מארגען, איבערמארגען".

ווארט איך מארגען, איבערמארגען, א וואך, די אנדערע— קיין שפור ניטא פון איהר. אמת, אט דא האב איך שוין פער־לארען די געדולד. כאפ איך איהר אמאל אין גאס און מעלד איהר קורץ און שארף : איהר ברייגנט אב דעם חוב, היינט ניט אנדערש, איז רעכט, אז ניט ווייס מארגען גאנץ שטעדטעל פון אייער שווינדעל.

מיינט איהר, זי האט זיך דערשראקען ? „איך האב פאר אייך קיין מורא ניט", — זאגט זי — „איך האב אייך געזאגט,

ניט. מיר פלעגט זי מריינגען פארטיגע צונויפגעקלעפטע „קאמ־
פאזיציע" מיט די אויפשריפטען אונטען, אויך צונויפגעשטעלט,
ווי איהר בעמערקט, פון איינצעלנע געדרוקטע אותיות, אויסגע־
שניטען פון איהרע „צייטונגען", און איך פלעג עס איהר פא־
טאגראפירען אין צעהנדליגע עקזעמפלארען... ניט איין צעהנד־
ליג קראנגען האב איך פון איהר פערדינט...

— און די רביים ? — האבען מיר ביידע, איך און שאיע
דער זייגערמאכער, איבערראשט און אריינפאלענדיג איהם אין
די רייד געפרעגט. — די רביים זענען דאך ריכטיג ! ר' ישראל־
ניו, דער איצטיגער רבי.. איך קען דאך איהם אין פנים...

— דאס איז דער איינציגער, וואס איז ריכטיג, זיין טאטע,
ר' דוד'ל, אויך. אבער נאר דער פנים ! די שטריימעלע, דער
פוטער, ביי איהם, ווי ביי אנדערע זענען צוגעשטוקעוועט...
איהר זעהט ניט אויבען ווי עס זיצט אויף זיי ? אט אזוי זיצט
א נאטירליכער הוט ? א נאטירליכע שטריימעל ? זי קריגט
ערגעץ, דער טייוועל וויים איהר, פאראן אזעלכע בילדער —
„גאוני ישראל", „גדולי ישראל" און אנדערע, יודישע, גוי'אי־
שע, זי בראקירט ניט, אסער עס זאל פאסען צו איהר געשעפט.
איבערהויפט נעהט דער „מסחר" ביי איהר „ימים נוראים",
אין די ארומיגע קלענערע שטעדטלאך און דערפער... פאראן
נאך געוווג „פראים" אויף דער וועלט. נעהמט מען דאס אן פאר
ראיעל. אלטע ווייבער, נארישע, מיינען מיט אן אמת, אז דאס
איז „אונזער מוטער חוה", אדם הראשונ'ס פלונית'טע...
ס'שטעהט דאך אונטען בפירוש מיט געדרוקטע אותיות... נו,
און אז ר' ישראל'ניו איז ריכטיג, איז דאך געווים דער צוויי־
טער, ביי איהם רעכטס, מסתמא אויך ריכטיג — אליהו הנביא...

— איהר זאגט — האב איך איהם איבערגעריסען די רייד
— איהר „פלעגט" פאר איהר פאבריצירען אט די הייליגע ביל־
דער". און איצט ?...

— איצט איז זי מיט מיר ברוגז, — האט געענטפערט דער
פאטאגראף. בשעת זי איז צו מיר געקומען דעם ערשטען מאל,
האט זי אויסגענומען א תנאי, אז דאס זאל זיין בסוד. קיינער
זאל ניט וויסען. מיין דאגה !... איהר מיינט, ס'איז מיר אנגע־

נער א שכן. דער שטערטעלדיגער פאטאגראף. איך נעהם ארויס די בילדער און דערצעהל פון מיין כשר'ער „מציאה", שאיע, דער שטעטעלדיגער בייסינער סאטיריקער פון שטעדטעל „איז געבליבען ערנסט און האט, אזוי ווי איך, בעוואונדערט „אונזער מוטער חוה", צונעבענדיג, אז ס'איז טאקע גאנץ מעגליך, אז דאס זאל זיין חוה, דעם ריזשינער'ס מוטער. נאר דער פאטאגראף האט פון דער זייט א קוק געטאן אויף דעם „מוטער חוה'ס" שמע־רענטיכעל און האט פאר זיך ווי אונטערגעשמייכעלט.

— וואס שמייכעלט איהר? — האב איך געפרעגט.

— ווייזט, ווייזט אהער די קארטע! — האט ער געזאגט, צורוקענדיג זי נעהענטער צו זיך און, קוקענדיג אויף איהר, פער־ביסען די ליפ, קוים איינהאלטענדיג זיך פון געלעכטער.

— וואס מיינט איהר איז דאס אויבען אויפ'ן קאפ, אט די גרויסע הויב? — מאכט ער צו אונז.

— א שטערנטיכעל! אהן א שום ספק, זאג איך, וואס אמאל האבען אונזערע עלטער־באבעס געטראגען... אלע זאגען אזוי...

— כא—כא—כא! — האט זיך מיין פאטאגראף צולאכט..

—א שטערנטיכעל! כא—כא—כא! לעצטע מאדע פאריזער דאמענהוט־שאנטע־קלער! און ווער, מיינט איהר, איז „זי" אליין, אט דער „פנים"?

— וואס הייסט? שאנטע־קלער? פון וואנען נעהמט איהר? וואס? ווי אזוי? — האב איך איהם פערווארפען מיט שאלות ניט הערענדיג זיינע לעצטע ווערטער.

— און „זי" אליין, האט דער „פאטאגראף, ניט קימערנדיג זיך ווענען מיינע פראגען, ווייטער געזאגט, ווייזענדיג מיט'ן פינגער אויפ'ן פנים פון בילד — „זי" אליין איז גאר קיין „זי" ניט. נאר אן „ער". א פנים פון אן אלטען אמאליגען קאטוילישען גלח, אדער עפעס א פיליזאף, איך געדענק ניט אקוראט... און די קארעלען אויפ'ן האלז זענען צוגעטשעפעט, און די פאטשערקעס איבער'ן פארטוך... און דער פארטוך אליין... אלץ איז צונויפגעשטוקעוועט פון פערשיידענע טיילען פון פערשיידענע בילדער. וואו זי קריגט די בילדער, ווייס איך

בעקאנט. בין איך אוועק צו איהר און געבעטען זי זאָל ווייזען דאָס בילד איהר מוטער און פרעגען: צי איז דאָס ווירקליך דאָס בילד פון דעם „ריזשינער׳ס" מוטער: איך האָב אויף מאָרגען בעקומען אן ענטפער, אז אין דעם רבי׳ס פאמיליע איז אונבעקאנט אזא בילד. נאָר לויט ווי מ׳שטעלט פאָר איז די קליידונג פון יענער צייט געווען עהנליך. די מאָדנע הויכע הויב, וואָס אויף דער קאָפּ פונ׳ם בילד, איז עהנליך צו אן אמאָליגער שטערנטיכעל.

ביי מיר איז איצט געווען א קנאפּער ספק, אז איך האָב ביי זיך ווירקליך די „מוטער חוה", ד. ה. די מוטער פון דעם בעריהמטען „ריזשינער", די שנור פון דעם מעזעריטשער מגיד. וועניגסטענס א טיפּ פון א חשוב׳ער אידענע פון יענער צייט. איך האָב צוגעגעבען מעהר געוויכט און גלויבען איהרע איבריגע בילדער פון אמאָליגע און איצטיגע רביים. יעדער ווייס, ווי שווער עס איז צו קריגען א בילד פון א גוטען א־דען. ביי זיי איז פאָטאָגראַפירען זיך א פערברעך. נאָר זעלטען, זעהר זעלטען גיט זיך איין איינעם, פערבאָרגענערהייט, פון א ווינקעל, אראָבכאפּען זייער בילד. איך בין דעריבער זעהר גערן געווען צו בעקומען א גאנצען פּעקעל בילדער פון רביים מיט אמאָל. ווי אזוי זיי קומען צו דער משיח׳טע? איז אפילו ביי מיר געווען א קשיה. אבער דעם איצטיגען טשאָרטקאָווער רבי האָב איך דאָך געזעהן אין פּנים און זיין צורה איז דאָך ריכטיג. אויף דעם אלטען טשאָרטקאָווער׳ס בילד איז דאָ און זיין בילד איז אויך ביי דער משיח׳טע ריכטיג. ריכטיג זענען אויך די שטריימלאך מיט די רייכע פּוטערס אין וועלכע עס געהן ווינטער די רביים געקליידעט.

איך בין דעריבער געווען זעהר צופרידען מיט מיין סחורה און האָב גענומען פלייסיג שטודירען מיין נייע בעקאנטע — די „משיח׳טע".

איין מאָל, — דאָס איז געווען אויפ׳ן 11טען, אדער 10טען טאָג פון מיין אויפהאלטען זיך אין טשאָרטקאָוו, בין איך געזעסען ביי „שאיע דעם זייגער מאכער". וואָס איז שוין בעקאנט דעם לעזער פונ׳ם „אוצר". ביי איהם איז געזעסען זיי־

איהר זעהר אינטערעסאנט צו פערברענגען.

איהר „ליטעראטור“ שרייבט זי ניט אליין. שרייבען קען זי נים. זי האט א סעקרעטער, א ישיבה־בחור'ל, וואס שרייבט פאר עטליכע קרייצער איהרע „כתבים“, ווי זי דיקטירט. די אויסלעג־פעהלערן פון איהר „צייטונג“ זענען אלזא ניט איהרע, נאר זיינע, איהר סעקרעטאר'ס. דער עסק מיט'ן דרוקען — דאס פיהרט זי שוין אליין. אליין שיקט זי אויף פארנאנדער איהר „בשורה“ דורך פאסט צו אלע רבנים, רביים, גבירים און גלאט בעוואוסטע יודען — אומזיסט. די אדרעסען קריגט און שרייבט איהר שוין אן פאר א פאר קרייצער איהר סעקרעטאר, אדער אן אנדער בחור'ל, וואס איז א בעלן צו פארדינען עטליכע העלער.

איהר אגיטאציע און פראפאגאנדע פיהרט זי ניט דורך „ליטעראטור“ אליין, נאר אויך „בילדליך“ ד. ה. דורך פאטא־גראפישע בילדער. אט דא, אין דעם געביט, איז זי נאך א גרע־סערע קינסטלערין, ווי אין „ליטעראטור“. אויף דער דאזיגער שטריקעלע האט זי מיך אויך געפאקט און בעשווינדעלט.

איך בעט דעם לעזער צוקוקען זיך צו דעם בילד פון „אונ־זער מוטער חוה“. וואס געפינט זיך אין דעם באנד. דער לע־זער איז איבערראשט. א מערקווירדיגער בילד! ניט אמת? דאס האט די „משיח'טע“ מיר אנגעבאטען קויפען מיט א גאנ־צער רייהע אנדערע פאטאגראפישע און ליטאגראפישע קאר־טען. די אלע קארטען זענען מאדרנע האמעטנע געארביים. אבער דאך אונגעהייער אינטערעסאנט. איך האב אויף מיינע רייזען איבער יודישע שטעדטלאך אומעטום געזוכט אזעלכע אלטע יודישע טיפען, וואס ווייזען אמאליגע יודישע מלבושים. און דא האב איך צופעליג בעקומען אזא נ'אוצר!

איך האב ביי דער „משיח'טע“ געקויפט די „מוטער חוה“ און גענומען נאכפרעגען אין שטעדטעל: ווער קען דאס זיין? מ'האט מיר געזאגט, אז דעם ריזשינער'ס מוטער, דעם „מלאך'ס“ ווייב האט געהייסען „חוה“. זי האט געלעבט מיט הונדערט יאהר צוריק. נאך איהר איז א נאמען דעם איצטיגען טשארטקאווער רבי'ס מוזינקע — חוה'לע. איך בין מיט איהר שוין געווען

מיט האָט דער „ריזשינער“ פאַראויסגעזאָגט, אַז „קיינער וועט איהרע נביאות ניט וועלען גלייבען, ווארום דער יצר הרע לאָזט נים, אַז מענשען זאָלען גלויבען...“

א סך זענען מצער די „היילינע נביאה'טע“. „און די היילינע נביאטה — איך גיב איבער מיט איהר לשון און איהר אויס־לענעבץ — איז שוין 23 יאָהר נאָווינאָט און האָט נעפוילט (נעפועלט) די ישועה פון כל ישראל ווענען, און 14 יאָהר האָט זי זיך נעפאַניקט מיט תנתים, מיט סגופים, אין זיא איז נעגאַנ־גען 6 חדשים אין איין העמד, אין דאָס העמד איז אויף איהר פערפוילט געוואָרען פין דעם שוויים און פין דעם דם, וואָס איהר היילינער גוף איז געוואָרען היילע וואונדען פין דיא ווערים, און בינען, און פליגען, אין מערישקים אין קאַמאַרים און די ווערים זענין נעוועזען אזוי גרוים, וויא דיא פּיאַפּקים...“

בכלל איז קענטיג פון דער „צייטונג“, אַז זי איז אַ וואויל־געלערנטע. איך האָב ביי איהר געזעהן אַ גאַנצען פּעקעל מעשיות וועגען גוטע יודען. נאָר איהר שטאַרקע בעקאַנטשאַפט מיט דעם יחוס פון אַלע בעריהמטע חסידישע רביים אין זייער אינערלי־כען פאַמיליען־לעבען ווייזט דייטליך, אַז דאָס, וואָס זי טענה'ט כסדר: זי שטאַמט פון גוטע יודען, — מוז דאָס האָבען אַ נע־וויסען גרונד. אַסטיליע אין וואָהלין, די שטעדטעל, וואָס זי גיט אָן פאַר איהר געבוירן־אָרט, איז ווירקליך בעקאַנט אין דער חסידישער וועלט מיט איהרע רביים, וואָס האָבען אַמאָל געשפּילט אַ ראָלע. איצט איז יענע „גזע“ געפאַלען: אַ טאָכטער צי אַ איי־ניקעל פון יענע געפאַלענע „גוטע יודען“ מוז זיין די „משיח'טע“. איהר איינשמוענעס איז איינע פון די שטילע דראַמען, וואָס זענען ניט קיין זעלטענהייט אין די רביאישע הויפען, ווען עס טרעפט דאָרט אַ בענאַבטע נאַטור.

די „משיח'טע“ איז אונגעוועהנליך קלוג. וואַרפט אַראָב פון איהר די שמאַטעס, וועלכע זענען אויף איהר אָנגעשטעקט און הענגען פון אַלע זייטען, בעקומט איהר אַ שענע סאָלידע פרוי פון אַ יאָהר 35. נעהט זי אַראָב פון דעם פונקט, אויף וועל־כען עס דרעהט זיך איהר „איינריידענעס“, רעדט זי מיט אייך, ווי אַ פאַלקאָם געזונטער, פערשטענדיגער מענש. דאָן איז מיט

אין דעם דאָזיגען אויסצוג פון איהר „ציימונג“ שילדערט פאַר אונז די „משיח׳טע“ איהר איינגעווידמונג פאַר א נביאה׳טע. נאָך גאָר א קליין קינד האָט זי בעקומען די „סמיכה“ פון דעם אַלטען טשאָרטקאָווער רבי, רבי דוד׳ל וריעה נאמן, אז זי איז „א הייליגע רבי׳צין“, אז זי איז בערופען צו געהן אָנזאָגען די „בשורה“ אויף דער וועלט...

דער סטיל פון איהר „ציימונג“ איז ערטערווייז אזוי פלאָנ־טערדיג, אז איהר פיהלט, לעזענדיג די צייל‌ען, אזוי ווי איהר וואָלט פלוצלונג אריינגעפאַלען אין א דולהויז. באַלד אבער ווערט די שפּראַך קלאָר, פשוט, בילדערייך און דאָ פיהלט איהר — בעת זי שילדערט פאַר אייך איהרע חלומות פון דער „פמליה של מעלה“ מיט די הייליגע אבות און אמהות, מיט די אמאָליגע גוטע יודען, וואָס זיצען „אין 20 סאַלאָנען און די סאָ־לאָנען זענען זעהר שען געמאָלט, און זי האָט געזעהן פערשיידענע חיות און זעהר טייערע מעבעל, און זעהר א סך גאָלד און בריליאַנטען“... צוזאַמען מיט די אבות און די דאָזיגע גרויסע מענשען זענען געזעסען „די הייליגע עלטערן פון דער „הייליגער“ נבואה׳טע און אונזער הייליגע מוטער חוה איז געזעסען אויבען אָן. און זעהר שען געציערט און האָט אזוי געלויכטען ווי די זון אין תמוז... און אַלע גילדערנע טישען זענען געווען געדעקט מיט אַלערליי „אבנים טובות“ און עס האָט אזוי געשמעקט, נאָך בעסער, ווי אַלערליי בשמים... און אַלע אונזערע הייליגע אבות מיט איהרע „הייליגע“ עלטערן האָבען געזאָגט, אז זיי וועלען לערנען די הייליגע נביאה׳טע, ווי אזוי מען זאָל אויסשרייבען דעם סוד פון דער תורה און זיי האָבען אַלע געבענטשט די הייי־ליגע נביאה׳טע...“

נאָך מיט 90 יאָהר צוריק האָט דער „ריזשינער“ געזעהן בנבואה, אז „זי“ וועט קומען. ער איז געווען אויף א חתונה אין אַסטיליע (א שטעדטעל אין וואָהלין) ביי איהר זיידען און באָבען און האָט זיי געזאָגט, אז „פון זייערע קינדער וועט ארויס־קומען די הייליגע „דבורה די נביאה׳טע“ און אז זי „וועט זוכה זיין צו הערן די הייליגע דבורים בנבואה פון הימעל און וועט אָנזאָגען א גוטע בשורה צו כל ישראל...“ נאָר צוזאַמען דער־

הייליגער מלאך ר׳ בער פון אסטילי איז געפוהרען מיט זיין היי־
ליגער טאכטער קיין טשארטקאב איז זי אריינגעגאנגען מיט
איהר הייליגען פאטער צום הייליגען מלאך ר׳ דוד׳ל רואה נאמן
האט זי געזעהען דאס איהר הייליגער פאטער האט זיך זייער
געפרייט מיט׳ן הייליגען מלאך ר׳ דוד׳ל רואה נאמן און דער
הייליגער מלאך ר׳ דוד׳ל האט געבענטשט, איהר הייליגען פאטער
אז ער זאל נחות האבען פון אללע זיינע הייליגע קינדער און
קינדס־קינדער, און פין זיין הייליגער טאכטער מלכה דבורה
דיא הייליגע רביצן זאל ער האבען נאך מעהר נחות, און די היי־
ליגע רביצן האט דער הייליגער מלאך ר׳ דוד׳ל געבענטשט, אז
זי זאל האבען הצליחה און איהרע הייליגע דבירים וואס זיא וועט
דערצעלין און זאל זיין חשוב ביי כל ישראל, און כל ישראל זא־
לין וועלין וויסען איהר דערצעלונג וואס זי דערצעהלט מיט היי־
ליגקייט און כל ישראל זאלין וועלין וויסען ווי חשוב די הייליגע
רעביצן איז אין הימעל ביי אונזער רחמנות׳דיגען טאטע לעבען
און ער האט זי געבענטשט אז זי זאל נושא חן זיין בייא כל
ישראל און וויא זיא האט נושא חן געוועזין אין הימעל אין
דערזעלבער צייט וואס דער הייליגער מלאך ר׳ בער מיט זיין היי־
ליגער טאכטער זענין געוועזין ביי דעם הייליגען מלאך ר׳ דוד׳ל
אין בית זענין געוועזין 12 יודען דייטש געקליידעט האט דיא
הייליגע רעביצן מלכה דבורה געזעהן ווי איהר הייליגער פאטער
מיט דעם הייליגען מלאך ר׳ דוד׳ל פרייען זיך מיט די 12 יודען
און איהר הייליגער פאטער האט איהר געזאגט דיא 12 יודען
זענין די 12 שבטים. אין אסטילי האט קיינער נישט געוויסט אז
דער הייליגער מלאך ר׳ בער איז א פערבארגענער צדיק, אין אז
ער קומט אלע טאג אין הימעל אריין און מען איז איהם מגלה
סודות התורה און אין הימעל האט מען איהם מגלה געוועזין
ווער עס זענין די הייליגע מלאכים, און זייא זענין די פמעליע
של מלה און וואס פאר א פרימע נשמות די הייליגע מלאכים
האבען אין אונזער רחמנות׳דינער טאטע לעבען האט געזאגט אז
דער הייליגער מלאך ר׳ בער זאל זאגען זיין הייליגער טאכטער אז
זי זאל מבשר זייז אויף דער וועלט ווער ס׳זענין די הייליגע
מלאכים".

איז, אזוי צו זאגען, איהר וואכעדיגער נאמען — דא רופט זי זיך „דבורה די נביאה'טע" — דאס איז איהר יום־טוב'דיגער נאמען, דער נאמען וואס ווינקט אן אויף איהר בערוף, אויף דער הייליגער אויפגאבע פון איהר לעבען.

און די אויפגאבע פון איהר לעבען איז אראבצוברייגגען משיח'ן, ריכטיגער: אנזאגען, אז די צייט פון דער „גאולה" איז געקומען, אז די „ישועה" איז נאהענט, גאר נאהענט. דאס ווענדט זיך אן צוויי זאכען. ערשטענס: אז כל ישראל זאל גלויבען אין איהר, אין איהר נביאות; צווייטענס, אז דער בעלזער רבי וועט שלום מאכען מיט'ן טשארטקאווער, וועט קומען אין טשארטקאוו.

משיח דארף אייגענטליך ניט אראבקומען. ער איז שוין דא. ער איז אין טשארטקאוו. צווישען אימיצען פון דעם טשארטקאווער רבי'ס אייניקלאך, וואס זענען דער זיבעטער דור פון דעם „בעל שם". ווער פון די אייניקלאך איז „משיח" זאגט זי אייך ניט אויס. דער עיקר אבער, אז ער איז דא. און צו איבערצייגען אייך, רעכענט זי אייך אויס דעם גאנצען יחוס — בוים פון דעם „בעל שם טוב" אין וועלכען זי איז גוט קלאר, ווי אין די „יחוס־בוימער" פון אלע שפעטערדיגע גוטע אידען. אמת, דער טשארטקאווער רבי קומט גאר ארויס פון דעם מגיד'ס, רבי בער מעזעריטש'ס, גזע, און ר' בער מעזעריטשער איז, ווי בעוואוסט, געווען דעם „בעל שם'ס" א תלמיד. אבער דער תלמיד מיט'ן רבי'ן זענען אין די שפעטערדיגע דורות פערקניפט געווארען אין מחותנ'שאפט.

דאס אלץ און נאך וויכטיגע גוטע בשורות, ניסים און נפלאות זאגט זי אן, בנבואה, צו כל ישראל דורך איהר צייטונג, וואס זי דרוקט. זי האט אויך אבגעדרוקט א ספר וועגען דעמזעלבען ענין. אבער דער ספר איז שוין ניטא. די צייטונגען אבער, — צוויי בלעטער — האט זי מיר געגעבען אומזיסט און געבעטען איך זאל דאס לאזען איבערדרוקען און פארגאנדשעשיקען „בכל תפוצות ישראל", איבער דער גאנצער וועלט יודען.

אט זענען עטליכע מוסטער־שטיקער פון איהר „צייטונג":

„עס איז שוין דארינען דא פינף און דרייסיג יאהר אז דער

איהר אין שווינדעל בעשולדיגט, האט זי רוהיג און שטאלץ די סחורה צוגענומען, מיר דאס געלד צוריק אבגעגעבען. נאר איך האב נאר א העלפט פונ'ם געלד אבגענומען און א העלפט פון דער סחורה צוריקגעגעבען. דאס איבריגע האב איך געלאזען ביי זיך. און וויעדער מוז איך צוגעבען, אז ווען זי שפארט זיך איין און וויל דוקא די סחורה צוריק בעקומען וואלט איך איהר, אפילו פאר די טעפעלשטע סחורה 5 מאל אזוי פיעל בע־צאהלט און ביי זיך געלאזען.

געגלויבט האב איך, נאטירליך, ניט אז זי איז באמת א משיח'טע, נאר אז זי איז אויפריכטיג אין זיך איינגעגלויבט. א „משיח" האב איך שוין אויף מיינע רייזען איבער דעם אידי־שען געטא געזעהן. נאר א משיח'טע! דאס האב איך מיר קיין מאל ניט פארגעשטעלט. און דער לעזער קען זיך לייכט פאר־שטעלען, וואס פאר א פאר אויערן איך האב אנגעשטעלט, ווען די משארטקאווער יונגע לייט האבען מיר אנגעזאגט פון אזא „געפינס", האבען מיר דערצעהלט, אז ביי זיי איז דא א „משיח'טע".

נאר אין דערזעלבער צייט, ווען זיי האבען מיר דאס דער־צעהלט, האט ז י, די „משיח'טע" אליין שוין געוואוסט, אז אין שטעדטעל איז געקומען א מענש, וואס שרייבט „אויף די בלעטער". און זי האט אויפגענומען די נייעס ווענען מ י ר נאך כמעט מיט מעהר אינטערעס, ווי איך די נייעס ווענען א י ה ר. זי האט ערקלערט אין שטעדטעל, אז געקומען בין איך אייגענטליך צוליב איהר. ס'איז געקומען די צייט, ווען זי דארף „נתגלה" ווערען אויף דער וועלט. האט מען צוליעב דעם מיר פון הימעל דאס איבערגעגעבען, איך זאל זיין, הייסט דאס, דער שליח דערפון...

איהר זעהט, אז צום טייל האט זי רעכט. איך בין טאקע דער שליח, אז דורך מיר זאל ז י און נאך אזוינע, ווי ז י אויף דער וועלט „נתגלה" ווערן...

„משיח'טע" רופען איהר אייגענטליך די שטערטעלדיגע. איהר אמת'ער נאמען איז מלכה דבורה. זי אליין צעטיילט די נעמען אויף צווייען: דא רופט זי זיך „מלכה די רבצין" — דאס

## די "משיח'טע".

איך מוז זאגען דעם אמת: איך אליין האב אין איהר גע־גלויבט. געגלויבט גאנצע אכט טעג פון די 14 טעג, וואס איך האב פארבראכט אין טשארטקאוו. און אז איך האב אויפגע־הערט צו גלויבען, האב איך ניט ווייניגער איהר בעוואונדערט.

און נאך איצט, בשעת איך שרייב אט די ציילען, בין איך אויף איהר ניט בייז, וואס זי האט ביי מיר אויסגעשווינדעלט עטליכע קראנען, וואס זי האט מיך געוואלט עקספלאאטירען נאך אויף א גרעסערן אופן. נאך איצט בעציה איך זיך צו איהר מיט דערזעלבער בעוואונדערונג.

זי איז די איינציגע פון מיינע טיפען, וואס ניט איך האב איהר, נאר זי האט מיך אויפגעזוכט. טאג־טעגליך איז זי צו מיין האטעל געקומען, האט אויף די טרעפ געווארט און מיך זעהן, מיט מיר ריידען געוואלט.

און איך מוז ווייטער זאגען דעם אמת. די עטליכע קראנען האט זי ביי מיר ניט אויסגעשווינדעלט. איך האב מיט איהר פשוט א מסחר געמאכט: כ'האב ביי איהר „סחורה" געקויפט און די סחורה איז ביי מיר אזוי וויכטיג געווען, אז ווען זי פער־לאנגט פון מיר פינף מאל אזוי פיעל, וואלט איך מיט פערגני־גען איהר געגעבען און נאך אימער געטראכט, אז איך האב די סחורה צו ביליג געקויפט. די גערעכטיגקייט פאדערט אויך צו זאגען, אז בשעת איך בין ביי איהר געווען, די „סחורה" איהר אבגעבראכט, ווייל זי האט זיך ארויסגעוויזען געפעלשט, און

זיך געשעמט אויסצוזאָגן דעם גאַנצן אמת; — אָבער די בע־שולדיגטע איז ארויס ריין.

פֿערפֿאר האָבן פֿון דעמאָלט אָן די היינטוועלטיגע, (די „שאַפּירניקעס") נאָך מעהר אויפגעהויבען דעם קאָפּ געגען די חסידים, און אז איינער פֿון די בעשווינדעלטע האָט בעמערקט פֿון ווייטען אין גאָס שאיע דעם זייגער מאַכער, האָט ער אָנגע־לעגט דריי גאַסען הינטער ארום, ער זאָל זיך מיט איהם ניט בעגעגענען.

נאָר איינמאָל האָט זיך, שאיע דער זייגער מאַכער, אָנגע־שטויסען אין א שמאָלער געסעל, א פּנים צו א פּנים, אויף הער־שעל ראפּאָפּאָרט, דעם רבי'ס גבאי, ביי וועמען די „רבי'צין" האָט א צייט לאַנג געגעסען און געטרונקען און מיט זיין ווייב אין איין בעט געשלאָפען. קיין אויסוועג, אויסצודרעהען זיך פֿון שאיען, איז ניט געווען, און דער גיפּטיגער וויצלינג האָט אויף זיין געוועהנליכען שטייגער סאַרקאַסטיש בעמערקט:

— א משיקאַווע זאַך, רבי הערש! איהר ווייסט, וואָס מען זאָגט? אז דאָס איז גאָר ניט געווען קיין „זי", אז דאָס איז געווען אַן „ער"...

---

שאיע דער זייגער מאַכער איז כאָטש פֿון יענער צייט היבש עלטער געוואָרען, איז אָבער נאָך אַלץ דער זעלבינער בייסיגער „קיבעצער" וואָס אַמאָל.

לען, טאָרט ניט ריידען קיין וואָרט, טאָרט איהם ניט ארויסלאָזען פון די הענד. פאַלט ער ארוים און ריהרט זיך אַן אַן דער ערד — ווערט פון די גאָלד — שטיינער..

אַט זענען זיי שוין הינטער׳ן שטערטעל: קריכען דורך גערטנער, קלעטערען דורך פּלויטען, קומען צום בארג.

די ווייבער זענען שוין מיעד, שוועד... זיי בויגען זיך אין דרייען און קלעטערען ווייטער אויפ׳ן בארג, דורך געררעהטע שטעגלאַך... זי אַפּריהער און זיי נאָך איהר, עס גיסט זיך פון זיי שווייס. די הענד חלש׳ן. מאָרנע שוועך... נאָר זיי שלעפּען זיך ווייטער, ארויף בארג.

וואוהין פיהרט זי זיי?

נאָר זיי טאָרען ניט ריידען, טאָרען זיך ניט אָבשטעלען. שווייס גיסט זיך פון זיי; זיי שטרענגען אָן די לעצטע קרעפטען, קלאַמערען זיך איין מיט די פינגער אין הענטעל פון קאָרפערטעל, מורא האָבענדיג, ער זאָל ניט ארויספאַלען, שאָקלען זיך און שלעפּען זיך ווייטער... ווייטער...

נאָר זיי פיהלען, אַז די קרעפטען פערלאָזען זיי. איינע וויל נעבען אַ ציה דעם אָטעם און פאַלט. די אַנדערע נאָך איהר...

דער קופערטעל האָט זיך אַ זעץ געטאָן אָן דעם באַרגיגען פעלז און איז צושפּרונגען.

קיין „אוצר" איז ניט געווען. אויף זיין אָרט זענען שטיינער געלעגען...

אַז די ווייבער זענען געקומען צו זיך, איז „זי" שוין ניט געווען.

אין איינינע וואָכען ארום האָט מען „איהר" געפּאַקט אין טשערנאָוויץ און געלאָזט אַרעסטירען.

און — אַ מערקווירדיגע זאַך! צי איז פאַר אַזאַ אָריגינעלען שווינדעל אין עסטרייך קיין דייטליכע שטראָף ניט געווען: צי האָט דער פּראָצעס, וואָס האָט פאַר די קריסטליכע ריכטער געוויזען די טיעפע אונוויסענהייט און נאַרישקייט פון טשאָרטקאָווער יודען, זיי מעהר אַמוזירט, ווי אויפגעבראַכט געגען דער שווינדלערין; צי די געליטענע אליין האָבען ענדליך

זעהן, און ניט יעדער אָרט איז מסוגל, אַז דאָרט זאָל ער זיך אַנטפּלעקן...

הינטער חעם אַלטען טשאַרטקאָווער בית עולם איז דאָ אַ גרוב; הינטער דער גרוב — אַ גרויסער שטיין; הינטער דעם שטיין דריי קאַרטשעס. אויף דעם מיטעלסטען קאָרטש האָט געזאָלט דער „אוצר" זיך בעווייזען.

ברייגגען אַהין דעם „אוצר" פון איהר שטוב האָבען גע־דאַרפט צוויי ווייבער פון איהר לייב־וואַך, די וואָס האָבען מעהר אמונה געהאַט, וואָס האָבען איהר טרייער געדיענט.

דער טאָג און די שעה איז געקומען. דאָס איז געווען פריי־טאָג. גאַנץ שטעדטעל איז אַזוי ווי פערשטאַרבען אין שפּאַנענ־דער אונגעדולד און האַרץ־קלאַפּענדיגער ערוואַרטונג. נאָר קיי־נער האָט ניט געטאָרט זיך ווייזען, ניט אַרום איהר שטוב, ניט אויפ׳ן גאַנצען וועג, וואו מען וועט טראָגען דעם „אוצר". אַ חוץ די אויסגעקליבענע 2 ווייבער, די גליקליכע.

דעם ערשטען מאָל האָט מען זיי ערלויבט אריינגעהן אין קאַמער פונ׳ם „אוצר". איהם זעהן מיט די אויגען, איהם טאַפּען מיט די הענד, איהם טראָגען...

זי האָט אויפגעהויבען דעם קישען און געהייסען די וויי־בער נעהמען פון איהר צוקאָפּענס.

דאָס איז געווען אַ קופּערטעל מיט אַ חענדטעל, אַ גאַנץ געוועהנליכער איינגעוויקעלט אין אַ פּאַטשיילקע.

— נעהמט ביידע גלייך — האָט זי געהייסען — בשעת איהר וועט טראָגען טאָר מען אויף דעם שטאַרק ניט קוקען.

די ווייבער האָבען ציטערענדיג אָנגענומען דעם „אוצר", ביידע מיט אַ מאָל פאַר׳ן הענדטעל און אַ קרעכץ געטאָן:

— שווער..

נאָר באַלד האָט זיך בעוויזען אויף זייערע צורות אַ גליקלי־כער שמייכעל. זיי האָבען געוואוסט, אַז גאָלד איז שווער...

באַלד... באַלד...

איידער זיי זענען אַרויס פון שטוב האָט זי ערנסט און פייערליך געמעלדעט:

— איידער מיר קומען צו׳ם אָרט, טאָרט איהר זיך ניט אָבשטע־

מען עפעס אַן צו שושקען זיך און די פּנים'ער פון די פּיאַקער־ניקעס, וואָס האָבען איהר אַלע טאָג אין מקוה געפיהרט, זענען שוין ניט אזוי אונטערטעניג, ווי פריהער, האָט זי אַנגעהויבען צוטרעטען צו דער „חלוקה".

זרח דער בעדער — א נייע באַר! יאָסעל דעם פּיאַקערניק — 6 פערד, ווי די לייבען און אן אייגענע שטוב; יהושיע דעם חזן — א מויער; לייביש, דעם שניט־קרעמער — 2 מויערען; הענאָך דעם שניידער — א שטוב...

אַט דאָס זענען שוין געווען קלאָרע דבורים. דער עולם איז רוהיגער געוואָרען. אבער בלויז אויף א ווײַלע. באַלד גאָכדעם האָט אויסגעבראָכען כמעט א פּשוטע רעוואָלוציע.

די געדולד אפילו פון טשאַרטקאָווער יודען האָט געפּלאַצט. אומזיסט האָט „זי" גע'טענה'ט, אַז מ'זאָל ווארטען נאָך אביסעל, אַז די שעה איז נאָך ניט געקומען; אַז מענשען זענען נאָך ניט וואָרטה. עס האָט ניט געהאָלפען. דער קרעמער האָט א קוק געטאָן דעם חשבון פונ'ם „אוצר" — עס שמעקט שוין מיט 500 רייניש. דער שניידער האָט געוויס ניט געקענט ווארטען... מ'האָט אנגעהויבען שיקען נאָך געלד, מאָהנען פון אַלע זייטען...

לענגער פון אַלעמען איז פעסט געבליבען הערשעל ראַפּאַ־פּאָרט, דעם רבי'ס גבאי. ער האָט געדעקט מיט זיין וועקסעל דעם קרעמערס חוב. הערפאַר האָט „זי" איהם צוגעזאַגט פאַר יעדען רייניש — טויזענד...

איין מאָל אין א פינסטערע בלאָטיגע נאַכט האָט יאָסעל דער פּיאַקערניק איהר געפיהרט פון ניי־טשאַרטקאָוו אין אַלט־טשאַרטקאָוו. פּלוצלונג האָט ער אין מיטען דער בלאָטע, פער־קריכענדיג אין א זייטיגע געסעל, אבגעשטעלט דעם פערד און געמעלדעט קורץ:

— דעם אוצר! אַז ניט—קלעפּ!...

ד אָ ס האָט געמאַכט, אַז דער טאָג און די שעה איז נעהנטער געקומען און מענשען זענען ווערט געוואָרען דער „אוצר" זאָל זיך ווייזען.

נאָר ניט אַלע זענען זוכה דעם „אוצר" מיט די אויגען צו

פון הינטען איהם אנקוקען. — נאר אומזיסט.
„אליהו הנביא“ איז פערשוואונדען.

---

די הינטער־וועלטיגע האבען זיך פון אנהויב פערהאלטען צום „אוצר“ מיט א פערעכטליכען שמייכעל, ווי צו אלע חסידישע אבערגלויבערייען און נארישקייטען. נאר איינער פון זיי, דער „שאפירניק*)“, שאיע דער זייגער מאכער, א בייסענדער סאטיריקער, פאר וועמענס מויל גאנץ שטעדטעל האט געציטערט ווי פאר פייער, האט פון צייט צו צייט אונטערנעליינט „שפיל־קעס“ דעם „אוצר׳ס“ חסידים און חסידאצקעס. א שטיינער: אויף די „בריליאנטענע חלות“ האט ער געזאגט, אז דאס זיינען שטי־קער צעפוילטע האלץ: אויף די „געבראכענע רענדלעך“ — אז דאס זענען פאפירענע קנעפלאך. נור ניפטינער ווי זיין קריי־טיק איז געווען זיין שמייכעלע. בעגעגענדיג אימיצען פון זיי, פון די „אוצר׳ניקעס“. פלעגט ער א שמייכעל טאן ווי אונטער זיך אריינקיבעצען א ווערטעל, פון וועלכען יענער האט אזש א שפרונג געטאן. דער ווערטעל האט זיך אריינגעגעסען אין מוח און האט איהם גענאגט און געעגבערט טאג און נאכט. אזא כח האט געהאט שאיע דעם זייגער מאכער׳ס „ווערטעל“.

ביסלעכווייז זענען די איבעריגע שאפירניקעס אויך איבער־געגאנגען פון שטילער פעראכטונג צו א שארפער קריטיק. די שטעדטעל איז מיט יעדען טאג אונרוהיגער געווארען און דער פראסטער המון, די פיאקערניקעס, האבען אנגעהויבען שוין אונטערמורמלען.

„אז די רענדלעך זענען דא און אליהו הנביא האט זיך שוין אויך בעוויזען, טא וויפיעל איז דער שיעור צו ווארטען?“

דער „אוצר“ האט בעמערקט, אז ארום א י הם הויבט

---

*) „שאפירניקעס“ האבען געהייסען אין משארטקאוו די „משכילים“, די אויפגעקלערטע פון זייער רבי׳ן ר׳ ישעיה מאיר שאפירא. זעה די ווייטערדיגע סיפען און בילדער פון גאליציען.

פיל אויפהויבען עפעס א קיילעכדיגע, א בלישצענדיגע זאך, פון וואס דער קלונג האט זיך, אפנים, געהערט. זי פלעגט עס אויפ־הויבען און אריינלעגען צוריק אין קעשענע, אויף גיך, אזוי אבער, אז די ווייבער ארום איהר האבען דייטליך געקענט זעהן, אז דאס איז א גאלדען רענדעל.

אמאל פלעגט זי ארויסנעהמען פון ערגעץ א גאנצען פעקעל רענדלאך און ברעכען איינעם נאך דעם אנדערן. די „סוויטע" האט עס צוגעקוקט מיט אויסגעטארטשעטע אויגען און מיט אפע־נע מיילער פון איבערראשונג. נאר קיינער פון זיי האט נים געוואגט צו בעטען פאר זיך כאטש א האלבען, כאטש א שטיקעל רענדעל.

אט אזוי איז ביסלעכווייז „קלאר" געווארען אין שטעד־טעל „ווער" זי איז און, וואס ד א ס איז. פריהער האט מען זיך געשושקעט, דערנאך אלץ דייטליכער און דייטליכער גע־רעדט שוין אין די הייזער, אין די גאסען, אין די שולען, אין מרחץ און אין מקוות, להבדיל. אלע האבען שוין געוואוסט, אז דאס איז אן „אוצר", וואס גאט האט עקסטרא געשיקט אין טשארטקאוו, דורך דער הייליגער פערבארגענער צדקית.

אמאל האבען טשארטקאווער יודען און אידענעס מיט גרויס בשוואונדערונג דערזעהן, אז שבת, בשעת זי איז געווען פערשלא־פען אין שטוב וואס הושיע דער חזן האט איהר אבגעגעבען און געפראוועט דארט „התבודדות", איז אריין, גלייך צו איהר, אן אלטער חשובער יוד, מיט גרויסע ברעמען, מיט א ברייטען לאנגען גראהען באָרד, און האט פארבראכט ביי איהר דעם גאנצען טאג. דערנאך, איז ער ארוים, אזוי שטיל, אונבעמערקט, ווי ער איז אריין, און פערשוואונדען געווארען.

באלד נאכדעם איז זי ארוים און האט זיך געווענדט צו די ווייבער:

— האט איהר געזעהן, ווער עס איז ביי מיר געווען?

— יע! ווער איז דאס, דער?...

— אליהו הנביא...

— אליהו הנביא!... טאקע!?...

און גאנץ שטעדטעל האט זיך געלאזט איהם זוכען. כאטש

ווייבער. איהר לייבדינערין און טאַלמעטשערין, צווישען איהר און דעם עולם, איז געווען א אידענע, רחל שטעקעל, האָט זי געהייסען. (איצט איז שוין עליה השלום). נאָר אפילו איהר אייגענער לייב־מענש, רחל, האָט געקענט זיין די נעהענטסטע צו איהר בלויז פון יענער זייט טיר. צו איהר אין חדר האָט קיינער ניט געוואַגט אריין.

געגעסען האָט זי ביי׳ם רב׳ס גבאי, וועלכער האָט עס געהאַלטען פאַר א גרויסע זכיה, און האָט זיך געשעצט גליקליך דערפון. שלאָפען פלעגט זי מיט דער גבאי׳טע, מיט זיין ווייב הייסט עס אין בעט. געקליידט איז זי געווען אין סאַמעט און אין זיידענס. פלעגט אַנטאָן יעדען טאָג אנדערע קליידער. אָרימע לייט פלעגט זי טיילען נדבות פון דער פולער האַנד. פאַהרען פלעגט זי אין די שענסטע קאַרעטען. די פּיאַקערניקעס פלעגען זיך איבער איהר שלאָגען און ניט נעהמען ביי איהר קיין געלד. אלע טאָג פלעגט זי פאַהרען אין א וואַנע. דער בעדער פלעגט איהר געבען אין באַד אלע וואָוילטאָגען. שניידער האָבען איהר די קליידער גענייהט אומזיסט. קרעמער האָבען איהר אריינגעשיקט די בעסטע, די טייערסטע סחורות אויף וויפיעל און וואָס זי האָט געוואָלט.

פרייטאָג, 12 א זייגער בייטאָג, איז שוין ביי איהר געווען שבת. דעמאָלט האָט זי זיך פערשלאָסען ביי זיך אין שטוב און דעם גאַנצען שבת, ביז נאָך הבדלה, געפראַוועט „התבודדות“. אז זי פלעגט ארויסגעהן אויף א מינוט ווען זי האָט בעדאַרפט עפּעס האָבען צו די מענשען פון שטוב, צו איהר לייבוואַך — האָט זי גערעדט געצעהלטע ווערטער, און — נאָר לשון קודש.

אין א פינסטערע נאַכט פלעגט זי אמאָל ארויס מיט איהר מחנה ווייבער הינטער׳ן שטאָדט, און דאָרט אין א געהיימניס־פולען געשפּרעך, מיט א מאָל אויפהויבען די פאַטשיילע. דאַן פלעגען די ווייבער ביי איחר אין האַנד עפּעס צוויי לייכטענדע בריליאַנטען דערזעהן, יעדער בריליאַנט די גרויס ווי א חלה...

אמאָל פלעגט ביי איהר פון האַנד, מיט א כיון ארויספאַלען א לימענער טעפּעלע און צובראָכען ווערען מיט א קלונג. דאַן פלעגט זי א וואָרף טאָן זיך אויף דער ערד און געהיימניס־

# דער „אוצר“.

שוין א מעשה פון אנטערהאלבען צעהנדליג יאהר, אז דאס איז געוועזן, אז דער „אוצר“ איז פערשוואונדען. און טשארטקא־וואר יודען קענען דאס ניט פערגעסען. זיי ריידען וועגען ד ע ם מ ט בעדויערן, מיט פערדרוס, אבער אהן כעס.

פערשוואונדען איז דער אוצר אזוי פלוצלונג, אזוי געהיימ־ניספול, ווי „ער“ איז געקומען. א פיר־פינף חדשים צייט האט געדויערט יענער טרוים, דער גילדענער טרוים, וואס האט מיט אזא בכשופ׳טען שיין בעלויכטען די גאנצע שטעדטעל — אלע־מען, בוכשטעבליך אלעמען, אלט און יונג, ארים און רייך, פון הערשעל ראפאפארט דעם רב׳ס ערשטען גבאי ביז יאסעל דעם פיאקערניק בעל עגלה; פון הושיע דעם רבי׳ס חזן, ביז דאבע די נעגעל־שניידערין און טוקערין אין באד.

דער „אוצר“ איז אייגענטליך ניט געווען קיין „ער“ נאר א „זי“. א דארע און א בלייכע איז זי געווען, מיט א פערטראכ־טען, פערהיילינגטען פנים פון א רביצין. א יאהר 50 האט מען איהר געקענט געבען. פערפאהרען איז זי צו הושיע דעם חזן. פון וואנען זי איז געקומען און ווער זי איז האט מען ניט געוואוסט. נאר צו וואס האט מען געדארפט וויסען, וואס זי א י ז, אז מ׳ווייס וואס זי ק ע ן, וואס זי האט מיטגע־בראכט.

און איהר אויפפיהרונג איז געווען נאר מאדנע, חידושים׳־דיג. ארומגערינגעלט איז זי תמיד געווען מיט א גאנצע מחנה

„אפיקורס“ דערקלערט ער) האט געוואוינט אין יאנאווי, א דארף, נים ווייט פון לאשקאוויץ און איז געקומען מיט א חברה פון נאך אנדערע דרייסיג אינגלאך קיין לאשקאוויץ זעהן דעם „דבוק“. ער געדענקט, זאגט ער, די מעשה, פונקט, ווי זי וואלט ערשט פאר זייגע אויגען פאסירט.

ליבע מינוט, נאך א פערטעל שעה...

דער עולם ווערט אונגעדולדיג און קעהרט די בליקען צום רבי'ס זייט. דער צדיק ווערט בלייך. די אוינען שטארען, די הענד זינקען האפנונגסלאז.

מעכעל גיט זיך א הויב, גלייכט זיך אויס, פארקאטשעט די פאלע, דרעהט זיך אוים מיט'ן אחור צום רבי'ן, גיט א גע־שריי:

— יי־ש־ק־ע־י !...

און איז אוועק.

פויל, ווי אן אבגעשמיסענער, איז צוקראכען דער עולם און ווי פאר'גנב'עט אריין אין שול צוריק צו נעילה. אנשטאט „יום כפור" איז געווען „תשעה באב" אין שול. דער רבי אליין האט א ווארט מעהר ניט גערעדט. ער איז אוועק אויף זיין ארט און האט געגאסען מיט טרערען. נאכ'ן דאווענען האט ער זיך פאר־שלאסען אין שטוב, איז ערגעץ ניט ארויס, און האט מיט קיי־נעם ניט גערעדט. צוויי יאהר האט ער זיך ניט געוויזען אויף דער וויסער וועלט, האט געלעבט איינגעשלאסען, פארלאזען פון אלעמען. צום ענדע פון די צוויי יאהר איז ער געשטארבען און מיט איהם איז אין גאנצען פארלאשען געווארען די גזע פון ר' מאירל פרימישליאנער. און פון יענעם יום כפור אן איז געקומען א סוף צו די „דבוקים" אין גאליציען. מעכעל וואלאך האט זיי פארטריבען אויף אלע מאל...

מעכעל וואלאך איז שוין א יאהר 20 טויט. נאר זיין נא־מען ווערט נאך איצט אויסגעשפראכען אין מזרח־גאליציען און אין דער בוקאווינא מיט גרויס רעספעקט, ווי דער נאמען פון א מענשען, וואס איז געגאנגען אויף „קדוש השם" פאר דער השכלה. אין טשערנאוויץ, אויף דער רוסישער גאס, הויז נומער 22, וואוינט מעכעל וואלאך'ס זוהן, וועלכער קען אייך, אויב איהר ווילט, דערצעהלען די גאנצע געשיכטע פונ'ם לעצטען „דבוק", מיט אלע איינצעלהייטען. מיר האט די מעשה דערצעהלט וועלוויל גאדל, וואס וואוינט אויך אין טשערנאוויץ. ער איז איצט א יוד פון קרוב צו זעכציג יאהר. דאן איז ער גע־ווען א אינגעל פון 12 יאהר. (איך בין שוין דעמאלט געווען אן

רבי'ן אין א חוצפה'דיגער ארויסרופענדיגער פּאָזע און האָט איהם געמעלדעט הויך, אבמעסטענדיג איטליכעס וואָרט און וואַרפענדיג טריאומפירענדע בליקען אויפ'ן גאנצען ארומיגען עולם:

— טוט וואָס איהר קענט! איך בין ניט געקומען הערען אייערע מוסר. נאָר ווייזען פאַר דער וועלט אייער שווינדעל. איך עפען דעם מויל. נאָט: טרייבט אריין אין מיר דעם דבוק. אז ניט...

א דומפּפער ברום האָט זיך דורכ'ן עולם דורכגעטראָגען. די פאַרגליווערטע מענשען־כוואַליע האָט ווידער א ציטער געטאָן. אפּיקורס!... מומר להכעיס... משומד... האָט זיך ערטער־ווייז געהערט. נאָר א ברויזענדער „שאַ!" פון דער איבעריגער מענגע האָט ווידער די שטילקייט איינגעשטעלט.

דער רבי האָט אויף אן אוינגנבליק אציטער געטאָן. אראָב־געלאָזען דעם קאָפּ צו דער ערד און באלד אויפגעהויבען איהם צוריק, און מיט א בייזען צאָרן אויסגעשטרעקט די רעכטע האנד צו דער ווייבעל מיט'ן דבוק, וואָס האָט זיך געדרייט, געקווי־טשעט און געוואָרפען זיך מיט ווילדע תנועות צו מעכעלס זייט.

— שטיל, דו רשע! — האָט דער רבי א געשריי געטאָן — הערסט וואָס איך זאָג צו דיר?!... איך בין אויף דיר גוזר, אז דו זאָלסט ארויס פון דער אשה דורכ'ן מינדסטען פינגער פון דער לינקער האנד און אריין אין אזא רשע, ווי דו ביזט...

די מענשען־כוואַליע האָט ווידער א ברויז געטאָן. איז אבער באלד אליין פון זיך ווידער פאַרגליווערט געוואָרען. אלע־מענס אויגען האָבען מיט שרעק זיך נשוענדט אויף מעכעלען.

מעכעל האָט זיך אבער וועניג געקימערט פון די טויזענ־דער בליקען, וואָס האָבען איהם דורכגעדרונגען. ער האָט נאָך שפּאָטישער פאַרקרימט זיין אויג, ארויסגעשטעקט דעם צונג גלייך אנטקעגען דער ווייבעל מיט'ן דבוק:

— נאַ!... נו?!...

עס איז פאַרגאַנגען א מינוט, צוויי, דריי. מעכעל, דער רבי און דער „דבוק" שטעהען נאָך אלץ אין דער זעלבער פּאָזע. וואַרפענדיג גיפטיגע בליקען איינע קעגען די אנדערע. נאָך עט־

א יורענע, וואס האט געמאכט אוואיעס, זיך געקרימט, געוואר־פען מיט די הענר, מיט'ן קאפ. האט געשליידערט גיפטיגע בליקען אויף מעכלען. מיט אויסגעקריצע ציינער און אויסגעששפרייטע הענד, האט זי זיך געווארפען אויף איהם און געוואלט זיך איינעסען אין איהם מיט איהרע ציין און נעגעל. נאר מעכעל איז געשטאנען פעסט אויף זיין ארט און נאר גערראהט איהר מיט'ן פויסט: האלט הענד! דו שפלה, שווינדלשרקע!...

ענדליך איז ארויס פון שול דער רבי אין ווייסען קיטעל, אין טלית, די אויגען פארגלאצט. מיט לאנגזאמע פייערליכע טריט, ווארפענדיג בייזע בליקען אין מעכעל'ס זייט, געהט ער צו צום רונדען פלאץ. אין עולם ווערט א בעוועגונג, איבער אלע־מענס לייבער געהט דורך א ציטער. די שטימונג ווערט געשפאנ־טער מיט יעדען אויגענבליק. אלעס צערוקט זיך פאר דעם רבי'ן, אין שטילער פארכטיגקייט. קיינער וואגט נים א ווארט צו רייד־רען, אן אטעם צו טאן. די גאנצע מענשען־כוואליע איז ווי פאר־גליווערט געווארען.

דער רבי שטעלט זיך אב, זוכט מיט זיין שטרענגען דורכ־דרינגענרען בליק זיין בלוטיגען פיינד, מעכלען, הויבט אויף איהם אויף זיינע געדיכטע פינסטערע ברעמען, ווי א שטורם־וואלקען, און ווענדט זיך צו איהם, צו מעכלען, מיט א דראהענדען, אבער עטוואס ווייכען נגון.

„מיר האבען נים לאנג געזאגט אין דעם נאמען פון'ם רבונו של עולם: שובו, שובו מדרכיכם הרעים, — קעהרט זיך אום, קעהרט זיך אום פון אייערע שלעכטע וועגען... יעזוב רשע דרכו ואיש מחשבותיו און". זאל דער רשע פארלאזען זיין וועג, און דער זינדיגער מענש זיינע בייזע געדאנקען... היינט איז א טאג פון תשובה, פון סליחה ומחילה... בכן בין איך דיר מתרה, דו רשע, דו אפיקורוס מעכעל, שוב יום אחד, שעה אחת לפני מיתתך, — טו תשובה איין טאג, איין שעה פאר דיין טויט... דער אויבערשטער איז אן אל רחום וחנון און איך וועל דיר אויך מוחל זיין...

נאר מעכעל'ס ליפען האבען זיך פארקרימט נאך אין א מעהר שפאטישען געלעכטער. ער האט זיך אויסגעדרעהט צום

געקענט ווערען א קאנקורענט; צי דעריבער, ווייל דער טשארט־קאווער הויף איז געווען צו אריסטאקראטיש פאר אזעלכע האַ־מענטע מופתים, ווי ארויסטרייבען „דבוקים" און האט געקוקט קרום אויפ'ן לאַשקאַוויצער, — דאס ווייס מען ניט אקוראט. נאר דאס איז אלענפאלס ריכטיג, אז פונ'ם טשארטקאווער הויף האט מען געווארנט דעם לאשקאוויצער, ער זאל זיך ניט אריינ־לאזען אין א וכוח מיט די אפיקורסים, ווארום דער כח פון דער „סטרא אחרא", פון שטן הייסט דאס, איז שטארק און א קטרוג קען מאכען, אז זי, די „סטרא אחרא" זאל גובר זיין. דע־מאלט וועט זיין א חלול השם...

נאר פאר דעם לאשקאוויצער איז שוין געווען צושפעט אבצוזאגען זיך פונ'ן קאמפף. ער האט געמוזט אויפנעהמען דעם וועט. דערפאר האט ער איהם, דעם וועט־קאמפף, ארומגעשטעלט מיט גרויס פייערליכקייט און מורא'דיגקייט, כדי אבצושרעקען דעם שונא, ער האט געפרעגט ביי אן אדוואקאט אן עצה, צי וועט מען איהם ניט מאכען קיין פראצעס, ווען דער רשע וועט פון „דבוק" געטויט ווערן. האט דער אדוואקאט איהם געענט־פערט, אז ווענען אזא מין מארד, וואס איז געשעהן דורך א ווארט איז אין געזעצבוך קיין שטראף ניטא. דאן האט ער דורך מענשען און בעזונדערס דורך מעכעל'ס קרובים געזוכט אבצוהאלטען איהם פון זיין עזות, ווארנען איהם פאר'ן ביטערן סוף. אבער מעכעל האט זיך געהאלטען איינס. ער האט פאר קיין זאך קיין מורא ניט, און ער איז גרייט אויף אלץ.

דאן האט דער לאשקאוויצער מיט א כוון בעשטימט דעם טאג פון דעם וועט־קאמפף אויף יום כפור, און דוקא פאר נעילה, ווען יעדער יוד איז אנגעשראקען פאר'ן יום הדין, פאר דער „חתימה". אבער דאס האט מעכעלען אויך ניט אבגעשראקען. זייגע פריינד אין טשארטקאוו האבען מורא געהאט פאר זיין לעבען און האבען געבעטען פאר איהם שוץ ביי דער ארטיגער רע־גירונג, וועלכע האט זיך אויך פעראינטערעסירט אין אט דעם מערקווירדיגען צוויי־קאמפף און האט געשיקט אויפ'ן פלאץ אין לאשקאוויץ פאליציי.

דער „דבוק" איז אויך געווען אויפ'ן פלאץ. דאס איז געווען

דאן איז ארויסגעטראָטען מעכעל. ער איז געקומען צום רב שאַפּירא און דערצעהלט איהם זיין פּלאַן: ער וועט ארויסרופען דעם לאַשקאַוויצער „צדיק" אויף א צוויי־קאַמפּף. ער וועט „מקדש השם" זיין דער השכלה. ער וועט אויפווייזען דער וועלט דעם לאַשקאַוויצער'ס בעטרוג און שווינדעל.

דער רב שאַפּירא האָט איהם אבגעשלאָגען פון דעם פּלאַן: דער אמת קעמפּפט ניט מיט שטורם און מיט געפּילדער. שטיל און בעשיידען איז זיין וועג. דער שקר וועט סיי ווי ניט דויערן לאַנג. די פינסטערנים מוז אנטלויפען פאַר דעם שטילען שיין פון ליכט.

נאָר מעכעל האָט ניט געפאָלגט. ער נעהמט אויף דעם קאַמפּף אויף זיין אייגענע אחריות. דער רב האָט אויך ניט געזוכט איהם אבצוהאלטען.

מעכעל האָט געבעטען זיינע קרובים איבערגעבען דעם לאַשקאַוויצער זיינע ווערטער: ער, מעכעל, דער „שאַפּירניק", דער משכיל, לאַכט פון זיינע „דבוקים". ער זאָגט, אז דאָס איז א שווינדעל, א מיטעל צו פערפינסטערען דעם פּראָסטען המון און אויסנאַרען געלד. און אויב דער רבי שטעהט פעסט דערויף, אז די מעשיות מיט די „דבוקים" זענען ניט קיין קונצען נאָר אמת, טו זאָל ער אפּען פאַר דער וועלט דאָס בעווייזען. אויב ער קען ארויסטרייבען א „דבוק" פון אייגעם, דאַרף ער איהם אויך קענען אריינטרייבען אין אן אנדערן. ער, מעכעל, איז גרייט אריינצונעהמען אין זיך דעם „דבוק". אויב דער רבי וועט ווייזען פאַר אלעמען, אז ער קען באמת אי ארויסטרייבען א „דבוק" אי אריינטרייבען זאָל ער בעשטימען א טאָג ווען דאָס זאָל געשעהן.

מעכעל'ס קרובים האָבען איבערגעגעבען זיין פאָרשלאַג. דערזויילע האָט אנגעהויבען קלינגען מיט דער געשיכטע טשאַרטקאָוו און לאַשקאַוויץ און אלע שטעדט און שטעדטלאך ארום. מ'זאָגט, אז דער טשאַרטקאָווער „הויף" האָט שטילערהייט אונטערגעגעבען מעכלען קוראַזש. צי דערפאַר, וואָס לאַשקאַ־וויצער „צדיק" איז גרויס געוואָרען, האָט אנגעהויבען פּיהרען א הויף מיט גרויס פּאָמפּ, מיט פּדיונות און גבאים, און האָט

כעלע וואלאך: א קליין מענשעלע, מיט א גאל־גראהליך בערדיל, תמיד מיט א שפּאַטיש שמייכעל אויף די ליפּען. דער שמייכעל האָט איצט אַנגענומען אַן אונגעשוועהנליכען אויסדרוק. אין זיינע גראָהע קליינע אויגען האָט געברענט א פייער פון א גבור, וואָס איז גרייט צו וואַרפען זיך אין ערביטערטען קאַמפף מיט'ן שונא, נאָר איז זיכער אין זיין זיעג; און אַז זיין זיעג איז דער זיעג פון ליכט, פון אמת איבער שקר און פינסטערנים.

מעכעלע וואלאך איז געווען א פּשוטער יוד, א קרעמער. מיט עטליכע יאָהר צוריק איז ער נאָך געווען א חסיד. פון דעם ר'ב שאפּירא און די „שאַפּירניקעס" האָט ער חוזק געמאַכט. נאָר פּלוצלונג, מ'ווייס ניט ווי אַזוי, איז ער געקומען צום רב. האָט ביי איהם אָנגעהויבען ביסלאַך צו נעהמען, דעם „המגיד" סוקען. און געוואָרען איינער פון זיינע טרייעסטע אַנהענגער. וואָס איז גרייט געווען צו געהן פאַר'ן רבי'ן און פאַר דער „השכלה" אין וואַסער און פייער.

אַז מעכעל האָט געלעזען אין „המגיד" א קאָרעספּאָנדענץ, ווי אַזוי דער לאַשקאָוויצער „צדיק" שיקט פאַרנאַנדער איבער דער וועלט געדרוקטע בריעף, אַז ער היילט אַלע חולאת'ן; אַז זיין בעזונדערע ספּעציאַליטעט איז ארויסצוטרייבען דבוק'ן; אַז הונדערטער און הונדערטער „דבוקים" האָט ער שוין ארויס־געטריבען, און הונדערטער און הונדערטער ווייבער און מייד־לאַך זענען דורכ'ן צדיק געגעזען געוואָרען, האָט ער, מעכעל, זיך גענומען שטאַרק צוהאָרכען און פאַרנאַנדערפרעגען: וואָס טוט זיך אין לאַשקאָוויץ. ער האָט דאַרטען גראַד געהאַט קרובים. זיי האָבען ניט שטאַרק געגלויבט און ניט געוואַגט אָבצולייי־קענען. איין זאַך איז קלאָר געווען: אַז דער רבי האָט קיין הענד ניט; אַז לאַשקאָוויץ איז פול מיט „דבוקים"; אַז די „דבוקים" האָבען אַנגענומען אַן עפּידעמישען כאַראַקטער. פון אַלע שטעדט און שטעדטלאַך האָבען זיך געצויגען קיין לאַשקאָוויץ אַלטע און יונגע, איבערהויפּט ווייבער און מיידלאַך, געכאַפּטע פון א דבוק"... די לופט איז פול געווען מיט „דבוק". וואו מ'איז געגאַנ־גען און וואו מ'איז געשטאַנען האָט מען געהערט פון „דבוקים" און פון דעם לאַשקאָוויצער'ס גרויסע וואונדער.

וועמעס כח איז שטארקער: צי דער כח פון די צדיקים, פון דער הייליגער אמונה, צי דער כח פון שטן, פון אפיקורסים, „רחמנא לצלן", — אזוי האבען געטראכט און גערעדט די פרומע ווייבער, די אלטע יודען, די אנהענגער פון דער הייליגער נזע, פון דעם צדיק ר' אוריה ליב לאשקאוויצער.

„היינט דארף ענטפלעקט ווערען פאר דער גאנצער וועלט— וועמעס מאכט איז גרעסער: צי די מאכט פון פינסטערניש, פון אבערגלויבען, צו די מאכט פון ליכט און אויפקלערונג" — אזוי האבען געקלערט די אנהענגער פון השכלה, די בעוואונדערער פון דעם העלדענמוט, מיט וועלכען דער „שאפירניק" „מעכעלע וואלאך" האט געוואגט ארויסצורופען אויף דעם וואונדערליכען „דועל" דעם לאשקאוויצער רבי.

די צאהל פון די און יענע איז אבער געווען ווי א טראפען פון ים געגען דער גרויסער מעננע פשוט נייגעריגע מענשען, וואס זענען געקומען זעהן דעם גרויסען וואונדער, ווי אזוי דער צדיק וועט, בפני כל עם ועדה, פאר דער גאנצער וועלט מענשען, אויף דעם פרייען פלאץ, אונטער'ן פרייען הימעל, צווישען מוסף און נעילה, אין דער ביי זיין פון פאליציי און זשאנדארמען — ארויסטרייבען דעם „דבוק" פון א ווייבעל און אריינטרייבען איהם אין מויל פון אפיקורס, דעם „שאפירניק" — מעכעלע וואלאך.

אט איז שוין דער חזן אויסגעגאנגען מוסף. אין שול איז שוין קיין נפש ניט געבליבען. אחוץ דעם רבי'ן, רבי אורילע און נאך אפאר אלטע מזרח־וואנד־יודען, וואס האבען איהם ניט געוואלט פארלאזען. עס הערט זיך פון זיין ווינקעל מורא'דיגע דבקות און בכיות. זיי קלינגען אב אין קרעכצען פון עטליכע אלטע ווייבער, וואס זענען געבליבען אין ווייבערשער שול.

און דארטען, אויפ'ן פלאץ, שטעהט דער טויזענד־קעפ נער עולם אוןווארט אין שפאנענדער אונגעדולד. די מעננע וואקסט און וואקסט. א קינד אין וויעג איז ניט געבליבען. עס ציהען זיך גויים און גוייעס, שקצים און שיקסעס פון שטעדטעל פון די ארומיגע דערפער. אין מיטען שטעהט דרייסט און מוטיג מע־

# דער לעצטער „דבוק".

נאך קיינמאל, קיין מאל האט לאשקאוויץ*) ניט איבער־געלעבט דאס, וואס זי האט איבערגעלעבט יענעם יום כפור.
אין שול האט מען געהאלטען ביים ענדיגען מוסף. נאר דער עולם איז זיך שוין לאנג צולאפען און אין שול זענען איבערגע־בליבען נאר די אלטע, די פרומע יודען. אין איין ווינקעל ביים ארון קודש איז געשטאנען אין טלית און קיטעל דער לאשקעווי־צער רבי, הער לעצטער צווייג פון ר' מאיר פרימישליאנער'ס גזע. ער האט מיט גרויסע דבקות מתפלל געווען צו גאט, גערופען דעם זכות פון זיין הייליגען זיידען, דעם צדיק רבי מאיר'ל פרי־מישליאנער, ער זאל איהם בייזשטעהן.
אין דרויסען, אויפ'ן גרויסען פלאץ הינטער בית המדרש האט שוין לאנג געברויזט, ווי פון כוואליעס אין ים. הונדערטע מענשען, צונויפגעפאהרענע פון טשארטקאוו, בוטשאטש, אטעני, פון פראשעווע, אפילו פון סאמע טארנאפאל זענען געקומען מענשען, גרוים און קליין זענען געקומען, צוקוקען דעם קאמפף, דעם ריזיגען צוויי־קאמפף צווישען דעם הייליגען רבי'ן, דעם אור־אייניקעל פון ר' מאיר'ל פרימישליאנער, און דעם „אפיקורוס" דעם „שאפירניק" מעכעלע וואלאך פון טשארטקאוו, וואס האט היינט ארויסגערופען דעם רבי'ן אויף א וועט־קאמפף.
„היינט דארף ענטפלעקט ווערען פאר דער גאנצער וועלט,

*) א דערפעל נעבען טשארטקאוו.

פריץ. בעקומענדיג א פארציע שמיץ האט ער זיך מודה געווען און געוויזען, וואו דאס בייטעלע מיט די דוקאטען ליגען.

די מעשה איז באלד בעוואוסט געווארען אין גאנץ שטעטעל. איצט האט רב הערשעלע ניט געהאלטען פאר נויטיג צו פארבארגען עפעס. ער איז באלד ווידער אוועק אין סניאטין צו מאיר אנשלען, האט איהם אבגעגעבען די פינף הונדערט דוקאטען, און געפרעגט: פאר וואס האט ער אויף זיך גענומען די שולד און וואו האט ער גענומען דאס געלד צו באצאהלען די גנבה, וואס אן אנדערער האט געגנב'עט?

— איך האב געזעהן — האט מאיר אנשעל געענטפערט, אז דער רבי איז זיך שטארק מצער און האב רחמנות געהאט אויף די ארימע לייט... האב איך פארקויפט און פאר'משכונט מיינע גאנצע בעל־הבתישקייט און געליהען ביי וועמען איך האב געקענט אין שטעדטעל, ביז איך האב געקראגען די סומע צוויי הונדערט דוקאטען. דערנאך האב איך מקצר געווען מיין הוצאה, און דער אויבערשטער האט מיר געהאלפען — איך האב געקענט אייך אויסצאהלען דאס איבריגע...

— מאיר אנשעל! — האט רבי הערשעל געזאגט, זעגענענדיג זיך מיט זיין אמאליגען משרת הארציג און התלהבות'דיג, — מאיר אנשעל! ביזט א יקר א יוד!... זיי געזונד! דער אויבערשטער זאל דיר געבען ברכה און הצלחה אין אלץ, וואס דו וועסט טאן... דיר און דיינע קינדער און קינדס־קינדער...

און רבי הערשעלע'ס ברכה איז מקוים געווארען...

אויסגעשאַטן די דוקאַטן אויפ'ן טיש פאַר רבי הערשעלען אין די אויגן.

דער רב איז אַן ערשטוינטער געבליבן. דאָס איז זיין ביי־טעלע מיט די דוקאַטן... וואָס איז דאָס אַזוינס?... ווי קומט דאָס ביי־טעלע צום פריץ?... און די דוקאַטן?... און מאיר אַנשעל?...

— דאָס איז דיין ביי־טעל, פאַני ראַבין? — האָט דער וואָ־יעוואָדאַ געזאָגט, — דערקענסט?... נאַ, נעהם דיין געלד... די גנבה האָט זיך אָבגעזוכט... נאָר דריי דוקאַטן האָט דער גנב צייט געהאַט אויסצוגעבן. די איבריגע 497 גאָלדענע מטבעות זענען גאַנץ. נעהם דאָס געלד און פאָהר אַהיים.

רבי הערשעלע האָט פון שטוינונג גאָר ניט געוואוסט וואָס צו זאָגן. דאָס געלד איז געבליבן ליגן אויפ'ן טיש. ער האָט זיך דערצו ניט צוגעריהרט. אין עטליכע מינוט אַרום, אַז ער איז געקומען צו זיך, האָט ער, שטאַמלענדיג, געפרעגט ביים פריץ: וואָס איז דאָס פאַר אַ רעטענים?

דער פריץ האָט געהייסען אַריינפיהרען אין זאַל אַ פויער און אַ פויערטע. ווי די פויערטע האָט דערזעהן דעם רב, איז זי איהם נעפאַלען צו די פיס מיט אַ געוויין, ער זאָל איהר מוחל זיין, דער פויער האָט גענומען דאָס זעלבע.

די מעשה האָט זיך באַלד דערקלערט.

די פויערטע איז געווען די גוי'ע וואָס האָט אויפגעראַמט ביים רב אין שטוב יענעם ערב פסח, ווען דאָס געלד איז פאַרפאַ־לען געוואָרען. ריינינענדיג ביים רב אין חדר, האָט זי געפונען די טיש־קעסטעל אָפען און אין טישקעסטעל דאָס ביי־טעלע מיט די דוקאַטן. זי האָט געוואוינט אין אַ דערבייאיגען דאָרף. האָט זי אַוועקגעטראָגען דאָס געלד צום מאַן. יענער האָט עס בעהאַלטען אַ לענגערע צייט. ענדליך האָט ער ניט אויסגעהאַלטען: אַוועק־געטראָגען איין דוקאַט צום קרעטשמער פון דאָרף און פאַר־שכורט. ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט איהם געפונען. אין אַ פּאָר טעג אַרום — אַ צווייטען. ווען ער האָט עטליכע טעג שפּעטער געבראַכט אין קרעטשמע אַ דריטען דוקאַט, איז שוין די זאַך געוואָרען פערדעכטיג. מ'האָט איהם פאַרנומען און געבראַכט צום

רינגע. נאָר בעזונדער האָט איהם געפרעהט דאָס האַרץ פאַר די יתומים און אלמנות.

מאיר אנשעל האָט געהאַלטען וואָרט: ער האָט אָבגעשיקט ביסלעכווייז די איבעריגע דריי הונדערט דוקאַטען.

עס זענען אוועק א יאָהר, אָדער צוויי. די גאַנצע מעשה איז כמעט שוין פאַרגעסען געוואָרען. פלוצלונג, אין א שענעם, אָדער געוועהנליכען פריהמאָרגען קומט צום רב רבי הערשעלען א רייטער פונ׳ם „וואָיעוואָדאַ״ און פערלאַנגט, אז דער רב זאָל מיט איהם שוין פאָהרען צום פריץ. ער דאַרף איהם עקסטרא גוויטיג.

דער רב האָט זיך דערשראָקען. גאַנץ שטעדטעל איז אויך שטאַרק אונרוהיג געוואָרען. מסתמא שמעקט שוין מיט א גזרה, מיט א בלבול. מ׳האָט אָבער גאָר נישט געקאָנט העלפען. אז דער פריץ רופט, מוז מען פאָלגען. קהל האָט געדונגען דעם רב א פוהר און בעגלייט איהם מיט ברכות, אז דער אויבערשטער זאָל אָבהיטען איהם און כלל ישראל פון שלעכטס.

רב הערשעלע איז אוועקגעפאָהרען צום „וואָיעוואָדאַ״ אין בעגלייטונג פון רייטער, און אידען האָבען זיך געזעצט אין די שולען זאָגען תהילים.

געגען רב הערשעלעס ערוואַרטונג האָט דער פריץ איהם פריינדליך אויפגענומען. נאָר זיין שרעק איז געוואָרען נאָך גרעסער, ווען דער וואָיעוואָדאַ האָט איהם געפרעגט: צי האָט מען ביי איהם מיט א צייט צוריק ניט גענגב׳עט פינף הונדערט דוקאַטען? און פון וואַנען קומט צו איהם, צו אַן אָרימען רב, אזוי פיעל גאָלד?

דער רב האָט דערצעהלט דעם פריץ די מעשה, אָבער ניט אין גאַנצען. דאָס געלד איז געווען שטעדטעלדיגע — פון שלישות׳ען, פון אָבשפּאָרענסען. און נאָך אזוינע איינלעגעניסען. צו גענגב׳עט האָט מען עס טאַקע, אָבער ווער ווייס קיינער ניט.

ער האָט ניט געוואָלט אַרויסגעבען מאיר אנשלען דעם פריץ. למאי מאַכען א אידען א שלעכטען שם? בפרט, אז ער האָט אָבצאָהלט ביז א פרוטה.

דער פריץ איז אַרויס, און אין א ווײַלע אַרום — אַריין צוריק, טראָגענדיג א בייטעל מיט גאָלדענע דוקאַטען אין האַנד און

געווים א יורען נים חושד געווען. „ר' נתן ור' לקח" — גאָט האָט געגעבען און גאָט האָט גענומען. אָבער: ווי וועט ער קענען צווזעהן די טרערען און יאָמערן פון אָרימע יורען, פון יתומים און אלמנות?...

און מיט זעהר א שווער הארץ לאָזט זיך רבי הערשעלע אין סניאטין, אין דער דערבייאיגער שטעדטעל, וואו מאיר אנשיל האָט געוואוינט. ער האָט קיינעם אין שטאָדט קיין מעשה ניט דערצעהלט. איידער ער וועט זיך אליין דערוויסען און איבער־ציינען טאָר מען דאָך חלילה ניט מוציא שם זיין צום שלעכטען אויף א יורען.

מאיר אנשיל איז געוואָרען מאָרגנע איבעררעאשט, ווען ער האָט דערזעהן ביי זיך זיין רבי'ן. ער האָט זיינע אויגען ניט געגלויבט: ווי קומט צו איהם אזא זכיה, אז דער רבי זאָל קומען צו איהם! ער האָט גאָר ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן איבער'ן רבי'ן.

אין גיכען איז אָבער זיין שמחה פערשטערט געוואָרען, ווען ער האָט בעמערקט אויף דעם רבינס פנים און אין זיין ריידען א גרויסע אונרוהיגקייט. ביסלעכווייז איז איהם קלאָר געוואָרען: וואָס האָט געבראַכט דעם רבי'ן צו איהם, צו מאיר אנשעל דעם משרת...

מאיר אנשעל איז בלאַס געוואָרען אויף אן אויגענבליק און האָט אין פלוג גאָר נישט געענטפערט. ער האָט געבעטען דעם רבי'ן זיצען א ווייל. ער וועט באַלד אריינקומען. דער רבי זאָל גאָר קיין צער ניט האָבען. ער וועט דאָס געלד אָבגעבען...

א פאָר שעה האָט רבי הערשעלע געמוזט וואַרטען. ענדליך איז מאיר אנשעל געקומען.

— רבי — זאָגט ער — נאָט אייך דערווייל צוויי הונדערט דוקאַטען. די איבריגע וועל איך אייך אָבשיקען ביסלעכווייז. אָבער זייט רוהיג. איהר וועט בעקומען דאָס געלד אין גאַנצען.

רבי הערשעלע איז אַוועק מיט א פיעל דערלייכטערטען געמיט. א יוד בלייבט א יוד... א בייזע שעה געווען... א נאַרישקייט געטאָן... אָבער אין דעם אָרט וואו בעלי תשובות שטעהען קען קיין צדיק גאָר ניט שטעהן... ער וועט געווים אָבגעבען דאָס איב־

אַרימען משרת איז ער געוואָרען אַ קרעמער און לייט זאָגען, אַז ער מאַכט גוט, האָט געלד.

בשעת מאיר אנשיל איז געווען אַ משרת ביין רב, האָט מען, בכלל, וועגען איהם ווענינ געקלערט. וואָס קען מען קלערן וועגען אַ משרת? אַז ער איז אַוועק האָט מען גענומען אַן אַנ־דער משרת. קנאַפּ אַרימע בחורים איז דאָ אין אַ יודיש שטעדטעל? אַ רב איז נאָך חלילה קיין מאָל ניט געבליבען אָהן אַ משרת. איז מאיר אנשיל געווען אַן עהרליכער מאַן, צי ניט? די פראַגע איז כלל קיין פראַגע ניט געווען. וואָרום וועלכער משרת וועט זיך דאָס ערלויבען צו גנב'ענען עפּעס ביי אַ רב? בפרט ביי רבי הערשעלען, וואָס איז געווען אַזאַ צדיק און געווען בעריהמט נים בלויז אין טשאַרטקאָוו, נאָר ווייט אַרום, פאַר אַ בעל מופת און אַ הייליגען מאַן. אגב: וואָס האָט מען געקענט נעהמען ביין רב אַ חוץ זיין אַלטען קאַפּטען, די הילצערנע לעפעל און צינערנע טעלער?

קורץ: עס איז ביז איצט קיין שום גרונד נים געווען צו קלערן וועגען מאיר אנשיל, ניט צום גוטען, ניט צום שלעכטען. האָט דער רבי און די רעבעצן דערהערט, אַז זייער געוועזענעם משרת האָט גאָט מצליח געווען און ער האָט פּרנסה — מהיכא תיתא! האָט זיי הנאה געטאָן. וואָרום, אַז דער אויבערשטער וויל קען ער אַלעמען געבען. און וועמען ער גיט — יענער מסתמא איז ווערט.

איצט איז אָבער פּלוצלונג געוואָרען אַ קשיא? פון וואַנען קומט צו מאיר אנשלען אַזוי גיך געלד און הצלחה? דער רב האָט זיך דערמאָהנט, אַז פון פאַר מאיר אנשיל'ס אַוועקגעהן ביז'ן „בדיקת חמץ" האָט ער אין קעסטעל ניט אַריינגעקוקט. קיינער האָט קיין געלד ניט געבראַכט פאַר דער צייט.

און דער חשד איז אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער געוואָרען אויף מאיר אנשלען. וועה געטאָן האָט רבי הערשעלען זעהר די הארץ חושד צו זיין אַ יודען. אָבער קיין אַנדערער, אַ חוץ דעם משרת, האָט דאָך ביי'ן רבי'ן אין חדר קיין איינגאַנג ניט גע־האָט. קיין שום מענש איז ניט געווען, אויף וועמען מ'האָט געקענט קלערען. וואָלט דאָס געווען זיין איינען געלד, וואָלט ער

משרת מאכט פון זיין קרעמיל גאנץ גוט.

אין דער צווישען־צייט האט געטראפען ביים רבי'ן ר' חער־שעלע אזא סבה: ערב פסח איז דער רב אומגעגאנגען מיט דער הילצערנער לעפעל און מיט די פאר פעדערן, ווי דער דין און דער מנהג איז, אויסראמען דעם חמץ פון אלע ווינקעלאך. נאכדעם, ווי ער איז פארטיג געווארען מיט אלע אפענע און באהאלטענע ווינקלאך, שפאלטען און לעכער, האט ער אויך אריינגעקוקט, ווי אלע ערב פסח, צו „בדיקת חמץ", אין דעם טישקעסטעל פון זיין טיש, ביי וועלכען ער איז געזעסען און געלערנט. צו זיין גרויסער פרייד האט דער רב דארט געפונען אלץ כשר און ריין — קיין איין ברעקעל חמץ האט זיך ניט פארוואלגערט. אבער צו רב הערשעלעס נאך גרעסערען שטוינען און פארדראס האט זיך אין דעם טיש־קעסטעל ניט געפונען מעהר די בייטעלע מיט די 500 דוקאטען (רענדלאך), וואס ער האט דארט געהאלטען.

וואלט די בייטעלע מיט די 500 דוקאטען געווען זיינע, רבי הערשעלעס, וואלט דער רב אפשר קיין פיעל צער ניט געהאט. ווארום רבי הערשעלע האט באלאנגט צו יענע רבנים, וואס האבען בטבע ניט ליב קיין געלד. דאס געלד איז אבער פרעמדס, שלישית־געלדען, אבשפארענעסען פון ארימע לייט, נדן'ס פון יתומים און יתומות, ביי וועמען נאך פון גאר אמאל אז, דעם רב'ס טישקעסטעל, איז די זיכערסטע אייזערנע קאסע. אט די אלע געלדען די טרייסט און האפנונגען פון צעהנדליגע און אפשר הונדערטער ארימע לייט זענען איצט פארשוואונדען געווארען פון זיין קעסטעל. וואס וועט זיין איצט מיט אלע טשארטקאווער ארימע לייט? וואס וועט ער זאגען די אלע, וואס האבען איהם, זייער רב, פארטרויט זייער האב און גוטס?

אט פאר וואס רבי הערשעלע האט זיך שטארק מצער געווען, ווען ער האט א קוק געטאן, אז דאס טישקעסטעל איז פוסט.

ביים רבי'ן אין שטוב איז געווארען א רעש. מ'האט גענומען קלערען: ווער האט עס גענקעגט טאן? וועמען קען מען חושד זיין?

נאך א סך קלערען האט מען זיך דערמאהנט אן מאיר אנש־לען, וועלכער איז מיט א האלב יאהר צוריק אוועק. פון אן

פנקס איז דאך ביי זיי אין האנד געווען און געפינט זיך נאך איצט אינ'ם רבי'ס ביבליאטעק. און דער רבי האלט איהם טייער, ווי די אויג. די אויסגעריסענע בלעטער זענען, מסתמא, אריין אלס מאטעריאל אין די ספרים, וואס חסידישע מעשיות־זאמלער האבען געדרוקט וועגען דעם בעריהמטען טשארטקאווער רב, רבי הערשעלע און זיין סאך מעהר בעריהמטען זוהן ר' שמעלקע, אונטער דעם נאמען „שמן רטוב". איך האב טאקע אין דעם דאזיגען ספר געטראפען עטליכע זאכען פונ'ם טשארטקאווער פנקס ארויסגענומען. די זאכען האב איך אין סאמע פנקס ניט געפונען. איז ביי מיר קיין ספק ניט, אז די בלעטער וואס פעהלען אין פנקס, זענען אויסגעריסען געווארען פון ד י, וואס האבען דעם דערמאהנטען ספר פארפאסט. אין דעם דאזיגען ספר האב איך אויך די לעגענדע פון ראטשילד'ס עשירות געפונען. נאר דארט איז זי געבראכט פארביינעהענדיג און פארקירצט. איך גיב דא איבער די לעגענדע אויף דעם גרונד פוןביידע קוועלען: די געשריבענע און די מינדליכע, ווי עס האבען מיר איבערגעגעבען אין טשארטקאוו בעגלייבטע מענשען אין דעם נאמען פון ביידע טשארטקאווער רביי'אים.

אט וואס די לעגענדע דערצעהלט:

ר' מאיר אנשיל, דער שטאמפאטער פון דער פאמיליע ראטשילד, איז געווען א טשארטקאווער יוד. אין די יונגע יאהרען האט ער געהייסען פשוט: מאיר אנשיל און איז געווען א משרת ביי ר' הערשעלען, דעם טשארטקאווער רב. ער איז דאמאלס נאך געווען א בחור.

דערנאך האט מאיר אנשיל חתונה געהאט פון א קליין שטעדטעל סניאטין, ביי טשארטקאוו. צי איז איהם מאוס געווארען די שטעל פון א כלי קודש, אדער ער האט בעקומען עטליכע רייניש (גולדען) נדן און גלאט חשק געהאט צו מסחר — קורץ ער איז אוועק פונ'ם רבי'ן און געמאכט א קרעמיל אין סניאטין.

מאיר אנשיל האט א פנים צו האנדעל מעהר געטויגט, ווי צו דעם אמט פון א שמש ביים רב. ווארום אין א קורצע צייט האט זיך אין טשארטקאוו פארשפרייט קלאנגען, אז דעם רבי'ס

# ווי אזוי ראטשילד איז אן עושר געווארען?

(א לעגענדע פונ׳ם טשארטקאווער פנקס)

דער טשארטקאווער פנקס איז איינער פון די אינטערע־סאנטעסטע פנקס׳ן, וואס זענען נאך, צום גליק, ביי אונז אי־בערגעבליבען. איך האב דעם פנקס געהאלטען אין האנד. צו בעקומען איהם איז מיר שווער אנגעקומען. ער געפינט זיך ביים איצטיגען טשארטקאווער רבי׳ן. איך האב געברויכט א סך השתדלות, ביז איך האב גע׳פועלט דורך שטארקע פראטעקציע, טאקי פונ׳ם רבי׳ס טאכטער חוה׳לע אליין, אז דער רבי, איהר טאטע, זאל מיר ערלויבען אריינקוקען אין פנקס.

א סך אינטערעסאנטע זאכען האב איך דארט געפונען. נאר, צום בעדויערן, זענען פונ׳ם פנקס ניט וועניג וויכטיגע בלעטער אויסגעריסען געווארען.

צווישען די אויסגעריסענע בלעטער איז אויך געווען די מעשה: מיט וואס האט ראטשילד זוכה געווען צו זיין אזא ג׳עושר? דערפאר אבער לעבען די לעגענדע אין מויל פון טויזענדער טשארטקאווער חסידים, וואס דערציילען איהר אינ׳ם נאמען פונ׳ם אלטען טשארטקאווער, זכרונו לברכה, ווי אויך פון זיין זוהן דעם איצטיגען טשארטקאווער רבי, ר׳ ישראלניו, זאל לעבען. זיי ווידער — אי דער אלטער פארשטארבענער רבי אי זיין זוהן, דער איצטיגער, האבען עס דערצעהלט אינ׳ם נאמען פונ׳ם פנקס. אז די מעשה איז ווירקליך אין פנקס געשטאנען האבען מיר קיין שום גרונד זיי ניט צו גלויבען. ווארום דער

האט זי זיך מיט דער גאנצער געווינד ארייגגעקליבען אין באד. שטעלט זיך פאר אייך פאר אזא מין קארטינע: דארטען, אויף די שוויץ־טרעפ זיצט זיך געמיטליך דער מרחץ־גוי, רויכערט זיין לולקע און פייפט פון גרויס הנאה, אנטקעגען אונטען ליגט זיך בהרחבה'דיג זיין הונד און גיט פון צייט צו צייט א קוויטש, מיט וואס ער אקאמפאנירט זיין באלעבאס פייפען. ווייטער אבי־סעל, נעהענטער צום הייסען קעסעל זיצען דער בעדערקעס צוויי מיידלאך, פארטיפט אין א פוילישען ביכעל. זיי זענען היינט־וועלטיגע. ביי דער אנטקעגענדיגער וואנד, אויף א ברעט, וואס איז איבער געווארפען אויף צוויי שעפלאך, זיצט די בעדערקע מיט נאך א ווייבעל, א שכנה א פנים, שטריקען א זאק, שמועס'ן געמיטליך צווישען זיך און האבען א פנים, שטארק הנאה פון דער פארע און דער ווארימקייט. הינטער די ווייבער, וואשט זיך א מאנספערשוין אין א „וואנע", ד. ה. אין א לאנגען צובער, קוים פארשטעלט מיט א פאר נידעריגע, שווארצע האלבע ווענט־לאך. דער מרחץ־גוי האט ארייגגעגאסען דא, אין צובער א שע־פעל (א מין הויכען עמער, אונטען ברייט און אויבען שמאל) קאלטע און א שעפעל הייסע וואסער, אוועקגעשטעלט לעבען צובער נאך צוויי שעפלאך מיט קאלטע און ווארימע וואסער, אוועקגעלעגט דערביי אויף א צעבראכען בענקעל, אן אויפגע־טרענטען זאק, וואס דארף דיענען פאר א ליילאך און — די „וואנע" איז פארטיג.

די באד הייצט מען צוויי מאל א וואך. דינסטאג פאר ווייבער און דאנערשטאג אויף פרייטאג — פאר מאנסביל. דער צו־בער אין ווינקעל — דאס איז די איינציגע „וואנע" אין שטעד־טעל.

ד. ה. 16־18 שעה אין מעת לעת אויף צעהן א האלב שעה. דאס העלפט אבער גארנישט. ס׳איז ניטא וואס צו טאן. זעלנער, מעק־לעריי, קליינהאנדעל, גוי׳אישער וואכער — דאס זענען היגע יו־דעשע פרנסות. אלץ, וואס איז ענערגישער, טיכטיגער אין דער יוגענד צוזאמפט זיך, עמיגרירט. א אינטערעסאנטע ערשיינונג איז דא, וואס איז ערגעץ ניט צו בעמערקען אין קיין יודישע שטעדטעל: קיין יודישע שוסטער זענען לחלוטין ניטא. דער גאנ־צער שוסטער־פאך ליגט ביי גויים אין די הענד. די קריסטליכע שוסטער האבען דערהאלטען זייער צעך אין דער פארם, ווי עס געווען מיט הונדערטער יאהרען צוריק. שוסטעריי איז ניט בלויז ביי זיי א פריווילעגיע נאר א גרויסער יחוס. די שוסטער זענען די יחסנים פון שטעדטעל. זיי זענען די גבאים אין די קלויסטערס, די בעלי דעה׳ס אין שטאדטיגע. אז א קר סט א בעל הבית אר־בייט זיך ארויף און וויל האבען כבוד קויפט ער זיך איין פאר אן עהרענמיטגליעד אין שוסטערשען צעך.

א „מערקווירדיגקייט״ פונ׳ם 20טען יאהרהונדערט איז אויך די בוטשאטשער יודישע באד. א טיפ פון א מרחץ אין א פארוואָרפען יודיש שטעדטעל מיט א פאר הונדערט יאהר צוריק. אין עטליכע יאהר ארום וועט דער מרחץ געווים חרוב ווערען. איך וויל איהם ראטעווען פון פערגעסענהייט און געבען פון איהם כאטש א קורצען בילד. שטעלט זיך פאר א גרויסע פינ־סטערע שטוב, די ווענד שווארץ פון שימעל און פון פארע. אין איין זייט א רייהע לאנגע טרעפ — דער פאל; אין דער אנדער זייט — א קעסעל מיט הייסע וואסער. היינט איז דאנערשטאג, ערב שבת — האט מען געהייצט די באד. אויף קאלטע וואסער איז ניטא קיין ברונען, קיין קעסעל, קיין קראן. די באד שטעהט ווי אלע הייזער, אויף א בארג־ארויף. צווישען די בערג לויפען ערטער ווייז שטראמען און בילדען שענע וואסער־פאלען. האט די באד ארייננעפאקט מיט פארשיידענע אלטפרענקישע טריקס, א שטויגער, ווי א הילצערנער רינשטאק, אזא שטראם, און צאפט פון איהם קאלטע וואסער, פשוט און לייכט. ווייל מ׳הייצט היינט די באד אויף מארגען, איז דא היינט וואַרים. און אזוי ווי ביי דער בעדערקע אין קאמער (טאקע דא דערביי) איז קאלט,

קיין און זייער אחדות. וואו א שטערן זאל ניט זיין: אין אמעריקא, אין פראנקרייך, אין דייטשלאנד, אין רומעניע, אין עניפטען, — פון אומעטום איז ער פערבונדען מיט'ן צענטער — מיט בוטשאטש. דעם פאריגען יאהר האבען אלע שטערנס פון דער גאנצער וועלט זיך ארגאניזירט אין איין משפחה — פעראיין. יעדער פון די שטערנס־מיטגליעדער צאהלט ניט וועני־גער פון 1 קראנע מאנאטליך. פאר'ן פאריגען יאהר 1913 האבען זיי, לויט ווי איין היסטאריקער דערצעהלט, 4100 קראנען גע־זאמעלט. דאס געלד געהט אויף צו שטיצען ארימע פאמיליאנ־טען. היי יאהר רעכענען זיי אויפצורופען אין בוטשאטש א שטערן־קאנפערענץ.

די מאראלישע פיזיאנאמיע פון די שטערנס איז ניט קיין אי־אי. דער אויבען דערמאהנטער בירגער־מייסטער — בערוש שטערן, וואס זיצט אויף זיין בירגער־מייסטער־שטוהל 35 יאהר נאכאנאנד און איז צו דערזעלבער צייט אויך אבגעארדענטער אין רייכסראט, רייסט פון לעבעדיגע און פון טויטע, רואינירט די שטעדטעל. זיין קאנדידאטור ווערט שטענדיג אונטערשטיצט פון דער פוילישער שלאכטע, ווייל ער איז איהר געהארזאמער דינער. אזוינע יודישע אבגעארדענטע און בירגער־מייסטערס — בלינדע געוועהר אין די הענד פון די פריצים — בעמערקען מיר אפט אין גאליציען. נאר בוטשאטש צייכענט זיך דערמיט וויע־דער אויס געגען אנדערע שטעדטלאך. ערגעץ האט די טרויעריגע ערשיינונג ניט אנגענומען אזא העסליכען פנים, יווי דא.

ניט קוקענדיג אויף איהר יחוס'דיגער פערגאנגענהייט בעלאנגט בוטשאטש צו די ארימסטע און קולטורעל־נידעריגסטע שטעדטלאך אין גאליציען. עס עקזיסטירט דא א ציוניסטישער און א סאציאליסטישער פעראיין, נאר ביידע זענען וועניג אין שטאנד צו מאכען אביסעל ליכטיגער אין שטעדטעל. די ארבייי־טער־בעוועגונג האט דא דורכגעמאכט א שווערען קאמפף. א דאנק איהר איז דער ארבייטס לוין געשטיגען פון 4־6 רייניש א וואך אמאל אויף 10־11 רייניש (גולדען) איצט. און די ארבייטס־צייט פערקירצט פון אמאליגען „עבודת פרך" ווען מ'האט געאר־בייט פון א בליאסק אויף טאג ביז 11 אזייגער אין דער נאכט,

ריע, זייערע לענענדעס אפילו. זייער שטאמפאטער האט גע־הייסען יענקיל שטערן. לויט ווי דער היסטאריקער פון שטעד־טעל — נאטירליך, אויך א שטערן — האט מיר ערקלערט, איז זיין עלטער־עלטער־זיידע געקומען אהער פון פויזען. איהם האט אראבגעבראכט דער דוכס (דוקעס) דער גראף פאטאצקי, צו וועמען דאס שטעדטעל האט בעלאנגט. יענקעל שטערן איז געווען ביין גראף פערוואלטער פון זיינע פינאנצען. ער איז געווען פון די ערשטע יודען, אויב ניט דער ערשטער יוד אין שטעדטעל. שפעטער, אז אין בוטשאטש איז געווארען א היבשע יודישע גע־מיינדע, איז יענקל שטערן, אלץ פינאנץ־מיניסטער פונ'ם דוכס, געווען פיהרער און, — ווייל ער איז געווען א גרויסער בעל דעה ביין פריץ — פאקטיש דער הערשער איבער דער יודישער גע־מיינדע. נאט האט געבענשט די שטערנס מיט רייכקייט און גרויס פרוכטפערקייט. כאטש בוטשאטש האט פארזייט מיט שטערנס די גאנצע וועלט, איז פונדעסטוועגען אין בוטשאטש גופא אויך געבליבען פון זיי א סך. שטעדטעל איז שוין לאנג ארוים פון די פאטאצקעס הערשאפט. אבער ניט פון די שטערנס. צו זיי בעלאנגען העלפט מויערן, די רייכסטע געשעפטען, די שענסטע „שטעדט" אין אלע מזרח־ווענד פון אלע שולען. זיי האט אויך צו פערדאנקען בוטשאטש דערמיט, וואס זי איז הונדערט יאהר נאכאנאנד געווען א פעסטונג פון מתנגדות. ווייל, ווי מעכ־טיג די חסידים זענען ניט געווען אין גאליציען, האבען זיי ניט געקענט איינברעכען די הונדערט־יעהריגע אייזערנע מאכט פון די שטערנס. און די פעסטונג וואלט נאך איצט אפשר ניט גע־פאלען, ווען ניט דער פערראט פון דיזעלבע שטערנס. ווארום, ווי דער לעזער וויים, האט דער פרעזעס פון דער קולטוס־גע־מיינדע — א שטערן — געגומען ביי די חסידים „לאפקע" צוויי מויזענד גולדען. דער דאזיגער שטערן, אגב געראדט, זיצט שוין אויף זיין פרעזעס־שטוהל ניט מעהר און ניט ווענינער ווי 35 יאהר! געוועהלט ווערט ער אלע דריי יאהר „איינשטימיג" ד. ה. פאקטיש, בלויז מיט זיין איין שטימע און דערמיט, וואס קיינער אין שטעדטעל וואגט ניט צו געהן געגען דער „משפחה".

די „משפחה" איז שטארק, ווי געזאגט, מיט זייער רייכ־

זיהן, — גרויסע דאַקטוירים.

דאָס מערקווירדיגסטע איז, אז גראד היי יאָהר*) איז גע־פאַלען די מתנגדישע פעסטונג. בוטשאַטש, וואָס האָט העכער ווי הונדערט יאָהר אויסגעהאַלטען דעם קאַמפף געגען דעם דראַנג פון חסידות, איז געפאַלען א קרבן, איינגענומען געוואָ־רען פון די חסידים. היינט איז אין בוטשאַטש א רב א חסידי־שער ד ע ר קאַנדידאַט, וועמען דער טשאָרטקאָווער רבי האָט דיקטירט. אמת דאָס האָט געקאָסט 2000 גולדען „לאַפּקע" דעם מתנגדישען קולטוס־פאַרשטעהער, אבער פון היי יאָהר אָן האָט שוין בוטשאַטש פאַרלאָרען איהר היסטאָרישע גרויסקייט. בוטשאַטש איז, ווי אַלע שטעדטלאַך אין גאַליציען, געוואָרען א נעסט פון חסידות, א שפּייז־קאַמער פאַר גוטע יודען.

בוטשאַטש צייכענט זיך אויס מיט נאָך א שטריך, וואָס מיר בעמערקען אומעטום אין גאַליצישע שטעדטלאַך, אבער ערגעץ טרעט דאָס ניט ארוים אזוי בולט פאר'ן אויג ווי דאָ.

דאָס איז די מ ש פ ח ה ־ ק ר ע נ ק.

פון פיער שטראַפען ליידט גאַליציען מעהר ווי אַלע לענ־דער אין אייראָפּא: פון הונגער, פון טיפוס, פון אזיאַטישע כאָ־לערא און פון — משפחה־קרענק. אין יעדער שטעדטעל הערשט א משפחה — א יחסנ'טע. אין מאַנאַסטרזשיסק זענען דאָס די סאַפרינס; אין סטאַניסלאַוו — די האַלפּערינס; אין בי־טשוטש — די ש ט ע ר נ ס. ווער איז אין ביטשוטש בירגער־מייסטער (סיטי מעיאַר) — א שטערן! ווער איז קולטוס־פאַר־שטעהער? — א שטערן! גבאי אין שול? ווייטער א שטערן! רב אין שטעדטעל — ווידער א שטערן! דאָקטאָר, סעקרע־טאַר פון דער געמיינדע, פּראָפּינאַטאָר, (דער וואָס האָט דאָס איינציגע רעכט צו פערקויפען בראַנפען) — אַלץ א שטערן, א שטערן, א שטערן... די הערשאַפט פון די שטערנס דויערט שוין דאָ פון דור דורות, העכער ווי הונדערט יאָהר. די שטערנס זענען פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט. נאָר דאָ, אין בו־טשאַטש, איז זייער נעסט. די שטערנס האָבען זייער היסטאָ־

*) געשריבען אין 1913.

נוסח האָט ער ניט געטאָרט. האַלטען אַ טיש, זאָגען תורה, צו־גערהמען חסידים — חס וחלילה! אַז אַט דער צדיק איז גע־שטאָרבען האָבען זיינע בוטשאַטשער באַהאַלטענע חסידים אויפגעמויערט אַן „אוהל", אַ שטיבעל הייסט דאָס, ביי נאַכט. איבער איין נאַכט איז זי געוואָרען פאַרטיג. קיינער אין שטעד־טעל האָט ניט געוואוסט וואָס, ווען, ווער. וואָלטען זיי געמויערט די שטיבעל ביי טאָג, וואָלט מען זיי מיט די צינגל צופלעקט די מוחות. וואָלט מען אין שטעדטעל געוואוסט — ווער, וואָלט מען זיי אַרויסגעיאָגט פון בוטשאַטש דעמזועלבינען טאָג.

פונדעסטוועגען האָט זיך ביסלעכווייז, ביסלעכווייז געיאָוועט אין בוטשאַטש אַ הייפעלע חסידים, וואָס האָבען זיך שוין מיט דער צייט דערוועגט ווייזען זיך שבת אין גאַס אין אַ שטריימעל און האָבען אַן אייגענע שטיבעל. שטעדטעל האָט די ערשטע חסידים גערופען „לצים" און זייער שטיבעל רופט זיך נאָך הייגט, „לצים־שטיבעל". אָבער אפילו די חסידים, די בוטשאַ־טשער, זענען אויך געווען גאָר ניט קיין געוועהנליכע. זיי האָבען זיך צוטיילט אין צוויי מינים. איין סאָרט חסידים האָט געראָ־ווענט „נוסח ספרד" און צום רבי'ן ניט געפאָהרען. אַ צווייטער האָט געהאַלטען פון רבי'ן אויך. דער ערשטער מין חסידים זע־נען געווען פשוטע אפיקורסים. וועגען איינעם פון זיי, בערוש האָפמאַן, דערצעהלען בוטשאַטשער יודען, אַז ער איז אַמאָל גע־קומען יום כפור אין חסידישער שטיבעל אין זיין שטריימעל. אַ שכן איז צוגעגאַנגען צו איהם און זאָגט: ר' בערוש, עפּעס שמעקט פון אייך אַזוי ווי רויך. ר' בערוש האָט איהם דערויף געענטפערט: אַז איך עס אָב, מוז איך פאַרויכערן. פון אַ צוויי־טען, זישע מאַנדעל, דערצעהלען די בוטשאַטשער, אַז ביי איהם איז שוין געווען אַזאַ מנהג: שבת פאַררויכערן די ליולקע, אָנ־טאָן די שטריימעל און זעצען זיך אין פענסטער פאַרריכטען די הויזען.

ביי אַלעם דעם האָט אַ בוטשאַטשער יוד ביז מיט אַ יאָהר 20 צוריק מורא געהאַט צושיקען די קינדער אין דער שולע. דער ערשטער איז געווען אַ קצב, וואָס האָט זיך דערוועגט זיינע זיהן אָבצוגעבען אין דער שולע. הייגט זענען זיי, — דעם קצב'ס

וואגט צו נעבטיגען אין שטעדטעל. איינער, א גוטער יוד, האט זיך געקליבען קומען אהער, האט מען איהם אנגעזאגט, אז מ'וועט איהם איבערברעכען די פיס. טאקע מיט אט די פשוטע ווערטער. דעם „בעשט" „(בעל שם טוב") פלעגען זיי רופען „בעסטיע".

די בוטשאטשער מתנגדים זענען געווען גאר עפעס מאדנע, ניט ווי אומעטום, אין דער וועלט. צווישען זיי זענען נאך מיט זעכציג, זיבציג יאהר צוריק געווען משכילים, שארפע „בעלי תנך" און „בעלי לשון". נאך איצט האט מען אין גאליציען שטארק דרך ארץ פאר א „בוטשאטשער". צו דערזעלבער צייט זענען זיי געווען לומדים און מורא'דיג פרום. די פרומקייט איז געלעגען דערהויפט אין לערנען און דאווענען. דעם בוטשאטשער מתנגד'ס טאג און נאכט זענען געווען געמאסטען אויף א האר. צוויי אזייגער פאר טאג האט מען אנגעהויבען אין די שולען צו דאווענען „ותיקין". צו שחרית, צו מנחה, צו מעריב, צו קבלת־שבת האט קיינער ניט געטארט פארשפעטיגען אויף א רגע. דאסזעלבע איז געווען מיט'ן לערנען, מיט אלע דינים און מנהגים. א מוסטער פון טרוקענער, געמאסטענער, פערברענטער מתנגדות איז ר' דוד וואלף וועקסלער, וועלכער איז געשטארבען שוין עטליכע צעהנדליג יאהר, נאר בוטשאטשער יודען געדענ־קען נאך איהם זעהר גוט און יעדער האט צו דערצעהלען פון איהם פעק מיט מעשיות.

עס איז נויטיג צו בעמערקען, אז ווי טרייף א חסיד איז ניט געווען אין בוטשאטש, האט זיך דאך נאך פון אמאל, מיט א סך יאהרען צוריק, אריינגעגנב'עט אין שטעדטעל חסידות, אלס קאנטראבאנדע דורך שדוכים, וואס בוטשאטש האט גע־שלאסען מיט אנדערע שטעדטלאך. ווייל ארום איז דאך אלץ געווען חסידיש, האט מען ניט געקענט אויסמיידען, אז ס'זאל זיך ניט אריינכאפען אין שטעדטעל א חסיד אין דער געשטאלט פון אן איידעם. אמאל איז אפילו געווען אין בוטשאטש א רב — א גוטער יוד, א צדיק. ווי אזוי דאס איז געשעהן, קען קיינער ביז היינטיגען טאג ניט ערקלערן. ס'פארשטעהט זיך: דער „צדיק" איז געווען א באהאלטענער. דאווענען אין שול חסידישען

# די לעצטע פעסטונג.

נאך טשארטקאוו איז בוטשאטש די מערקווירדיגסטע שטעדטעל אין גאליציען. שוין די געאגראפישע לאגע פון דער שטעדטעל איז ניט קיין געוועהנליכע. דאס איז א שטיק שווייץ, וואס איז אריינגעפאלען צו גאליציאנער יודען אין די הענד. א פערברודיגטע שענהייט. אבער אפילו אין די שמוץ און — אין ווינטערצייט בעצויבערט אייך די שענהייט פון די בערג און טאלען, הויכע בערג און טיעפע טאלען, פון וועלכע די שטעדטעל בעשטעהט. לאזט איהר די געאגראפיע און נעהמט די היסטאריע פון שטעדטעל — ווערט איהר אויך איבעראשט. אין היסטארישען יחוס קען זיך בוטשאטש מעסטען מיט טשארטקאוו. איז טשארטקאוו די ווינקעלע פון גוטע יודען, שמ'ט בוטשטאטש גראד אלס נעסט פון זייערע ביטערסטע פיינד — מתנגדים, ביי וועמען א חסיד און דער רב איז געווען טרייף ווי חזיר און יאגען א חסיד און דעם רבי'ן ביז אין טויט אריין איז געווען די גרעסטע מצוה. דער קאמפף פון בוטשאטשער מתנגדים מיט די ארומיגע גאליצישע חסידים און גוטע יודען איז געווען א לאנגער — א הונדערט־יאהריגער, האט זיין היס־טאריע, א מערקווירדיגע היסטאריע. בשעת גאליציען איז אין גאנצען איינגענומען געווארען פון די גוטע יודען, איז געווען פארפלייצט מיט חסידים, איז בוטשאטש אין גאנצען לאנד, געווען די איינציגע פעסטונג פון די מתנגדים, מתנגדים פרינ־ציפיעלע, פארביסענע, אונברחמנות'דיגע. א רב האט ניט גע־

מען אמאל א חתונה געשפּילט. אין מיטען שפּילען און טאַנצען איז דאָס הויז מיט די חתונה־לייט, מיט די קלעזמער, מיט אלץ מיט אַן אַנדער אין דער ערד איינגעזונקען געוואָרען. פון וועלכע צייטען די לעגענדע שטאַמט, איז ניט קלאָר. דער פּלאַץ צייכענט זיך מיט גאָר נישט אויס פון אַנדערע פּלעצער. נאָר בויען דערויף האָט מען מורא.

בראָד, ווי אַנדערע יודישע שטעדט, ברענט ניט זעלטען. נאָר איין גאַס זאָגען בראָדער יודען, ברענט קיינמאָל ניט. ס'הייסט א פּאָר מאָל האָט דאָרט יאָ געברענט — אָבער קיין יודיש הויז קיין מאָל ניט.

מיט וואָס זשע האָט די גאַס זוכה געווען? איז די מעשה, אַז דאָרטען האָט אַמאָל געוואוינט א שמש און דער שמש האָט באדינט אַן אַלטען רב. אַז ס'איז געקומען די צייט דער רב זאָל נפטר ווערען, האָט דער שמש, פאַר זיין לאַנגען טרייען דיענסט, געבעטען ביין רב א ברכה. דער רב האָט דעם שמש געבענשט, אַז זיין גאַס זאָל קיין מאָל ניט ברענען. און די ברכה, זאָגען בראָדער יודען, ווערט מקוים ביז היינטיגען טאָג. אַפּאָר מאָל האָט זיך דאָרטען אָנגעכאַפּט, אָבער אין א יודישער הויז קיין מאָל ניט.

אַזעלכע לעגענדעס האָט איהר גאַנץ אַפּט אין דער יודע־שער שטאָדט און שטעדטעל. דערפון איז קענטיג, אַז א שרפה איז געווען ביי יודען די גרעסטע צרה און א פייער־פערזיכע־רונגס פּאָליס אין דער געשטאַלט פון'ם רבי'ס ברכה איז געווען די בעסטע מתנה.

דרונגען מיט א טיעפער בענקענים און שמערץ. זבארזשער האט זעלטען געזונגען אוי־ף יודישע נאציאנאלע און סאציאלע טע־מעס, ווי צונזער א שטויגער. זיינע טעמעס זענען אינערליכע נשמה־איבערלעבונגען, זענען אלמענשליכע, טעמעס פונ׳ם אייביגען וועלט־שמערץ.

וועלוועל זבארזשער איז געווען א געניאלע נאטור, איינער פון די רייכסטע און מערקווירדיגסטע טיפען, וואס גאליציען האט ארויסגעבראכט. באטש יאהרען זענען אוועק ווי ער איז טויט, לעבט דאך זיין אנדענקען אין גאנץ מזרח־גאליציען און בעזונדערס אין בראד, ווי ער וואלט ערשט נעכטען געשטאר־בען. זיין נאמען איז ארומגערינגעלט מיט א קראנץ פון לעגענ־דען, וואס ווייזען אלע אויף דער אונגעוועהנליכער רייכער בע־גאבטקייט פון זיין פערזענליכקייט.

פון דיכטער צום דענקער. אין בראד איז געבארען געווא־רען און זיין יוגענד דא פארבראכט דער בעריהמטער פילא־זאף און דענקער — קראכמאל, וואס האט געשפילט אין אנהויב פון 19טען יאהרהונדערט דיזעלבע ראלע, וואס דער „רמבם“ אין זיין צייט. ווי דער „רמבם“ האט געוואלט פארבינדען דאס יודענטום מיט אריסטאטלעס פילאזאפיע, אזוי האט אויך קראכמאל געשטרעבט צו פעראייניגען די יודישע תורה מיט דער העגעליאנישער פילאזאפיע. דער נאמען פון זיין גרויסען ווערק „מורה נבוכי הזמן“ איז אויך עהנליך צום נאמען פון דעם רמבם׳ס בעריהמטען „מורה נבוכים“. פונקט ווי דער „מורה נבוכים“ מיט 800 יאהר צוריק, האט אויך דער „מורה נבוכי הזמן“ אריינגעבראכט זעהר פיעל ליכט אין די מוחות פון דער יודישער יוגענד, און קראכמאל ווערט נאך איצט גע־שעצט, ווי איינער פון די גרעסטע יודישע דענקער פון אלע צייטען.

צו ענדיגען מיט׳ן אלטען בראד — א פאר בראדער לע־גענדעס: לעבען דער היגער אלטער שול איז דא א לעדיגער פלאץ. קיינער ווייס ניט ווען דער פלאץ געהערט, נאר קיינער וואגט ניט דערויף צו בויען. אויף אט דעם פלאץ, זאגען אלטע יודען, איז אמאל א הויז געשטאנען און אין שטוב דארטען האט

אנגעהויבען. ווייניג לעזער פון יודיש איז באקאנט אַז דער נאָמען, און דאָס איז אַ שאָד. וועלוועל זבארזשער איז דער גרעסטער גאַליצישער פאָלקס־זינגער. אין שטארקייט פון טאַ־לאַנט און רייכקייט פון טעמעס קען זיך גלייכען מיט איהם נאָר אליקום צונזער. כאָטש זבארזשער איז נאָר פון א בעזונ־דער טיפּ. אַז די צוויי גרויסע פאָלקס דיכטער (אין אמת'ן, אין ריינעם זין פון אונגעקינסטעלטער פאָלקס דיכטונג) האָבען גע־שלאָסען מיט זיך די לאַנגע עפּאָכע פון יודישע פאָלקס־פּאָעזיע. געשלאָסען גלענצענד. פאַר דער גאַנצער צייט וואָס דאָס יודישע פאָלקס־ליעד עקזיסטירט, האָט די אונמיטעלבארע, אונגע־קינסטעלטע יודעשע פאָלקס־פּאָעזיע ניט געוואוסט פון אזעלכע טאַלאַנטען. ניט דאָ איז דער פּלאַץ אָבצושטעלען זיך לענגער אויף דער אבשאצונג פון וועלוויל זבארזשער, אלס יודישען פאָלקס־דיכטער. נאָר ווען מ'רעדט וועגען בראָד מוז אַט דער נאָמען דערמאָהנט ווערען. געבאָרען אין זבאראזש, א קליינ־שטעדטעל אין מזרח־גאַליציען, ביי דער סאמער רוסישער גרע־ניץ, און דאָרט ערצויגען האָט דאָך עהרענקראַנץ (די פאמיליע פון וועלוועל זבארזשער) געקענט ווערען א פאָלקס־זינגער נאָר דאָ, אין בראָד. אין יענער צייט פונ'ם פרעהליכען, זאָרג־לאָזען בראָדער לעבען. מ'דארף אויך דערמאָהנען, אז וועלוועל זבארזשער איז געווען דער טאַטע פון דער יודישער אָפּערעטע. פון דעם יודישען קאָבארעט און מוזיק־האָל. אזוי ווי בעריל בראָדער האָט ער אויף חתונות קיין מאָל ניט געזונגען, נאָר אין ווייַנהייזער, אין א לוסטיגער קאָמפּאַניע, ביי אַ גלאָז וויין. פריהער אליין, דערנאָך מיט א פּאָר העלפער, פון וועלכע עס האָבען זיך שפּעטער ענטוויקעלט די בעריהמטע בראָדער־זינגער. מיט זעהר גרוים מיה האָט זיך מיר איינגעגעבען צו ראטעווען פון פערגאַנגענהייט זבארזשערס שענסטע נגונים. 15 פון זיי האָב איך אויף נאָטען אויפגענומען. כאָטש וועלוועל זבארזשער איז געווען א ווילדע דיכטערישע נאַטור, א וואולקאַנישער טעמפּעראַמענט, האָט שטענדיג געזונגען אין וויינ־הייזער גע־זעסענדיג אין זיך גלעזער וויין; האָט געזונגען שטענדיג אין לוס־טיגע קאָמפּאַניעס, זענען דאָך זיינע בעסטע ליעדער, דורכגע־

גאנץ לעבען געבליבען.

אין ר׳ שלמה קלוגער׳ס צייט איז אין בראָד חלירע געוועזן. א סך קרבנות האָט זי צוגענומען. חברה קדישא האָט קיין הענד ניט געהאַט. האָט די שטאָדט־רעגירונג צוליעב סאַניטאַרישע צוועקען, א וואָגען איינגעפיהרט. די משכילים זענען דערפון צופרידען געווען. האָט רבי שלמה קלוגער ארויסגעשיקט 30 קצבים און זיי האָבען דעם וואָגען צוהאַקט. דערמיט האָבען זיך אנגעפאַנגען און געענדיגט די „רעפאָרמעס“ אין בראָד. ניט קוקענדיג אויף דעם איז אָבער בראָד געווען די וויגעלע פון דער השכלה אין גאַליציען. דאָ האָט געלעבט דער גרעסטער סאַטי־ריקער פון יענער עפּאָכע — ר׳ יצחק ערטער. פון דאַנען האָט דער מענדעלסאָן פון די רוסישע יודען — ר׳ יצחק בער לעווינסאָן, ארויסגעפיהרט די השכלה אין רוסישען געטאָ.

בראָד איז אויך געווען די וויגעלע פון יודישען טעאַטער. ניט אלע ווייסען, אז בעריל בראָדער, אַט דער בעריהמטער גאַליציאַנער בדחן, איז געווען אַזוי צו זאָגען, דער ערשטער יו־דישער אַקטיאָר. ער האָט זיינע ליעדער ניט בלויז געזונגען, נאָר צו דערזעלבער צייט אויך פאָרגעשטעלט סצעניש. האָט ער געזונגען א ליעדעל פון א בעקער, האָט ער דערביי שטענדיג געהאַלטען א לאָפּעטע אין האַנד, א פאַרטוך אויף די לענדען אנגעטשעפּעט, און די אַרבעל ביז ארויף פערקאַטשעט. נאָר דער אויווען, אין וועלכען ער האָט מיט דער לאָפּעטע געשאַרט, איז געווען ניט קיין אמת׳ער, נאָר אן איינגעבילדעטער. אַזוי האָט ער אויך א בעל עגלה געזונגען, האַלטענדיג א בייטש אין האַנד, און ד. ג. פאַר בעריל בראָדער האָט מען אין רוסלאַנד און גאַליציען געוואוסט נאָר פון „פורים־שפּיעל“. נאָר זעלטען פלעגט א „מאַרשאַליק“ אויף א חתונה א „פאַרשטעל“ מאַכען. בעריל בראָדער אָבער פלעגט אויף חתונות ניט געהן. ער פלעגט זיינע „פאַרשטעלען“ מאַכען גלאַט אין קאָמפּאַניע, צווישען לוסטיגע חברה.

אלס טאַלאַנט איז בעריל בראָדער ניט קיין אי־אי. נאָר ניט אין אן ערך העכער און טיעפער פון איהם איז געווען וועל־וועל זבאַרזשנע, וואָס האָט אויך דאָ, אין בראָד זיין קאַריערע

און וואו עשירות דאַרטען איז חכמה, דאַרטען איז תורה. מיט די „חכמי הקלויז", אַט די בעריהמטע בראָדער מתנגדים, וואָס האָבען דעם „בעל שם טוב" אין חרם אריינגעלעגט און פאר זיי האָבען די גוטע יודען מיט זייערע חסידים יאָהרענלאַנג געציטערט, האָט די וועלט געקלונגען. אז א בערדיטשעווער גביר האָט געוואָלט אן עלוי אן איידעם בעקומען, איז ער גע־פאָהרען „קויפען אן אינגעל" אין בראָד. בראָד האָט געהאַט א רב ר' שלמה קלוגער — איינער פון די וואונדערליכסטע אין אַנהויב פון פאַריגען יאָרהונדערט. דער דאָזיגער רב האָט גע־פסק'עט שאלות ניט קוקענדיג אין שלחן ערוך. „וועמעס ביז־טו?" פלעגט ער פרעגען די ווייבעל, צי די מיידעל, וואָס איז געקומען מיט אן עוף, אדער אַן אנדער שאלה פון טאָפּ־טעלער־לעפעל.

— „ר' הושיע־בער'ס, דעם סוחר'ס, — ענטפערט די שאלה־פרעגערין.

— טרייף! — פסק'ענט ר' שלמה קלוגער.

— „וועמעס ביזטו? — פרעגט ער א צווייטער, וואָס א־ז אויך געקומען מיט א עהנליכע שאלה.

— זעליג דעם בעל עגלה'ס...

— כשר!

ר' יואל העלפערדיג האָט געהאַט א זעקעל־קערבלאַך און — א משוגענע ווייב. ער איז געוועזן ביי צעהנדליגע רבנים, מ'זאָל איהם מתיר מאַכען א גט, ביי קיינעם האָט ער ניט גע־פועלט. ר' שלמה קלוגער האָט גענומען די שאלה, אויפגעשרי־בען זיך מיט נאָך אנדערע גרויסע רבנים, און געפונען א היתר. ר' יואלע מיט'ן זעקעל קערבלאַך האָט דורך א טרייען מענשען אין א פערמאַכטען קאַנווערט דעם רב א „דאַנק" געשיקט. ר' שלמה קלוגער עפענט דעם קאָנווערט: א הונדערטער...

האָט ער אויף זיך דעם קאַפּטאַן צוריסען.

— וואָס? — האָט ער א געשריי געטאָן, — די תורה פער־קויפען?! — מ'טאָר ניט גט'ן! אסור!...

און ר' יאָעלע, וואָס האָט זיך ערלויבט דעם רב באַטש אחר המעשה — כאַבאַר צו געבען, איז א געבונדרענער זיין

לאַנד פון עסטרייך איז גאַליציען. די אָרימסטע שטאָדט פון גאַליציען איז בראָד. די אָרימסטע גאַס, איז די שול גאַס. די אָרימסטע שול אויף דער שול־גאַס איז - מאַטשעווער קלייזעל. דאָרטען אונטער אויוועז זיץ איך.

— וואָס זשע טוסטו דו? — פרעגט איהם דער ערשטער.

— איך קראַץ מיך, — ענטפערט דער חסיד.

אזוי שילדערט פאַר מיר בראָדער יודישען לעבען טאַקע א בראָדער יוד גופא, פערעלמאַן, א קלוגער יוד, וואָס קען אויס־געצייכענט זיין שטאָדט, איהר היסטאָריע, איהר יחוס'דיגען אַמאָל און טרויעריגען איצט.

דער אויסדרוק „איך קראַץ מיך“, דאַרף מען אַננעהמען כּמעט בוכשטאַבליך. העלפט בראָדער יודען קראַצען זיך טאַקי. דאָס קומט דערפון, וואָס זיי קראַצען פּעדערן. דאָס איז די הויפּט־פּרנסה פון בראָדער יודען.

צו די פּעדערן און „פּענדלאַך“ קראַצט מען אויך אביסעל חזיר־האָר, א ביסעל פערד ־האָר. אָט דאָס איז איבערגעבליבען פון דער אַמאָליגער בעריהמטער שטאָדט בראָד פון איהר גרויס־סער שפע, פון איהרע גוואַלדיגע עשירות.

וואו זענען אַמאָליגע יאָהרען, בשעת בראָד איז געווען א פרייע שטאָדט, אזוי ווי איצט טריעסט. בשעת פון רוסלאַנד האָט מען געמעגט אהער פראַנק און פריי אַלץ אריינפיהרען; בשעת דורך דאַנען איז געגאַנגען דער גרעסטער מסחר מיט בהמות, מיט געטריידע, מיט פעל, מיט חזיר־האָר, מיט אַלער־ליי רויהע פּראָדוקטען, וואָס רוסלאַנד פערמאָגט און פיהרט ארויס קיין אויסלאַנד. געגאַנגען איז דאָס אַלץ דורך יודישע הענד. יודען האָבען געלעבט בהרחבה. און דערצו איז אַלץ גע־ווען אזוי ביליג. אז א יונגער מאַן האָט פערדינט 75 קאָפּיקעס (נאָך היינט נעהט דאָ דער חשבון אויף רוסיש געלד) א וואָך האָט מען געזאָגט: מעגסט שוין חתונה האָבען. אז גאָט האָט געהאָלפען ארויפאַרבייטען זיך אויף דריי קאַרבען א וואָך האָט מען געלעבט, ווי א גראף: מיט זילבערנע כלים, מיט צוויי בעקעשעס (לאַנגע קאַפּאָטעס) — א וואָכעדיגע און א שבת'די־גע; מיט אייגענע קיה און א שטאָדט אין מזרח־וואַנד.

# אין דער היים פון „בעריל בראָדער" און „וועלוויל זבאַרזשער".*

— פאַר וואָס האָט בראָד, אָט די בעריהמטע יודישע שטאָדט אזא מאָום'ן נאָמען?

— ווייל דאָרט איז א סך בלאָטע. „בראָד" הייסט זומפ, בלאָטע.

— פאַר וואָס איז אָבער גראָד דאָ אזוי פיעל בלאָטע? —

ווענען דעם געהט אום אזא לעגענדע טאקע ביי די בראָדער יודען גופא:

נאָכדעם ווי גאָט האָט אדם הראשונ'ען געוויזען אלע חיות, האָט ער איהם בעוויזען אלע שטעדט וואָס וועלען זיין אויף דער וועלט. מסתמא האָט ער איהם אויך געוויזען בראָד.

אדם הראשון האָט א קוק געטאָן אויף בראָד.

— אָט דאָס איז — זאָגט ער — א שטאָדט?!

און האָט א שפּיי געטאָן.

פון אדם הראשונ'ס שפּיי איז געוואָרען די בלאָטע און ביז היינטיגען טאָג.

א חסיד בעגעגענט דעם אנדערן און פרעגט איהם: פון וואַנען ביזטו? וואו וויינסטו? וואָס טוסטו?

ענטפערט דער אנדערער: ס'איז דאָ אויף דער וועלט פיער וועלט־טיילען. דער ארימסטער פון זיי איז — אייראָפּא. די ארימסטע לאַנד פון אייראָפּא איז עסטרייך. די ארימסטע

אוים'ן בעט ליגט ער ווי א שטיק גליהענדער אייזען. דער פיבער ווארפט איהם. די ציינער קלאפען זיך. פון זיי ווארפען זיך צייטענווייז אבגעריסענע ווערטער: בורים!... הינד... אוים מיט דער קאראאימישער אמונה... איך וועל ניט געהן מיט זיי דאווענען... משיח מוז קומען...

לאנגט זי איהם דעם „קיבינמשיק“, — א מין קוגעל אנגעפילט מיט שטיקלאך פלייש, קעז, ציבעלעס, שמאלץ. לוי האט ליעב דעם דאזיגען מאכל. נאכ'ן עסען נעהמט ער זיך צו די זמירות. מורמעלט קוקענדיג אין סדור. נאר דער קאפ איז צוטראגען, די הארץ קען זיך ניט בערוהיגען. ער מאכט אויף גיך די „ברכה אחרונה“.

— געה ארויס אביסעל אין הויף, — בעט זיך די אלטע, וועסט זיך בערוהיגען אין דער פרייער לופט.

— אויפ'ן הויף! דו אויך, מאסי. רעדסט מיך אן... חוה האט אויך אנגערעדט אדמ'ן צו זינד... ניין, איך וועל ניט ארויס!... היינט איז שבת. „אל יצא איש ממקומו“ (א מענש טאר ניט אוועק פון זיין ארט) שטעהט אין דער תורה... און זיי געהען, שפאצירען אום שבת... א הארבע עברה... אט איז דער הייליגער ספר „אדרת אליהו“, דא זענען אויפגעקליבען אלע קאראאימישע דינים. דא שטעהט, אז מ'טאר ניט מבטל זיין איין רגע אום הייליגען שבת. מ'דארף זיצען אין שול, צי אין שטוב און לערנען גאמ'ס ווארט דעם גאנצען טאג...

די אלטע שווייגט. הוסט זיך אויס אביסעל און זוכט זיך אויס א ווינקעל אוועקצוזעצען זיך דארט און דרעמלען דעם גאנצען טאג. לוי זעצט זיך אוועק איבערנעבוינגען דעם גאנצען קערפער איבערן ספר, נעהמט ארויס באלד א צווייטען ספר, א דריטען, נאר ער קען זיך ניט בערוהיגען. די אותיות ווערען צעשוואומען.. די געדאנקען צעריסען...

אזוי געהען אוועק אייניגע שעה, די אלטע כאפט זיך אויף פון דרעמיל. בעמערקט, איהם זיצענדיג ביי די שבת'דיגע „מנחה־זמירות“. די באקען בלאס און ערטערווייז פיבער־רויט, די אויגען בלאנדזען צעשראקענע... זי פארשטעהט, אז ער איז קראנק. נעהמט איהם מיט גוואלד צו פון סדור, לעגט איהם איין אין בעט. ער פראטעסטירט נים, לאזט זיך — נעהארזאם ווי א קינד.

— עליכם שלום, — ענטפערט די אלטע. ער מאכט קידוש אויף בראנפען (דער איז דער איינציגער וואס מאכט קידוש אויף א כוס), ניט א זופ, דערלאנגט דער ווייב פערזוכען, מאכט המוציא אויף חלות (ער איז א פערמעגענדער, דעריבער באקט מען ביי איהם אויף שבת חלה).

מאסי דערלאנגט איהם זופ פון גערשטענע גרויפען — א שבת'דיגער מאכל ביי די קאראאימען — און א שטיקעל עוף, פון קאראאימישער שחיטה, וואס ער פערזוכט נאר פון שבת צו שבת.

נאך דער סעודה — זמירות, בעזונדערע, קאראאימישע, ביז שפעט אין דער נאכט. יראן בענשען. שבת אין דער פריה. באלד נאכ'ן וואשען זיך — שבת'דיגע סליחות. ניין א זייגער — אין שול. דאווענט געצויגען, מיט כונה, שטעהענדיג אויף די קניע, ווי יודען אמאל אין בית המקדש. דער „חכם" רופט איהם אויף דעם ערשטען צו דער תורה. ער לייענט אליין די פרשה מיט אן אלטען טרויעריגען נגון. נאך איהם רופט מען אויף אן אנדערן. יענער לייענט שוין ניט אליין. קען נ׳ט. נאר הומזעט אונטער נאכ'ן „חכם".

אזוי דער צווייטער, דער דריטער... אלע. קיינער קען ניט לייענען אליין די פרשה. אוים מיט דער תורה! ביי דעם אלטען שטארבט אב די הארץ. ער איז דער איינציגער, דער לעצטער קאראאים... נאך אין מיטען דאווענען פערשטיקט ער זיין צארן. אדויסגעהענדיג פון שול קען ער זיך מעהר ניט צוריקהאלטען. „גויים! — שרייט ער צו זיינע ברידער — בורים! א סוף צו אונזער קאראאימישער אמונה... און וויינט ווי א קינד.

אין דער היים גיסט ער אוים דעם גאנצען כעס פאר דער ווייב. אוים! ער שווערט: מעהר געהט ער ניט אין שול דאווענען מיט די „ערלים"... ער וועט אנטלויפען פון זיי, אוועק אין ירושלים... אנטקעגען משיח'ן...

די אלטע מאסי בערוהיגט איהם. דערלאנגט איהם א כוס אויף קדוש. פועלט קוים ביי איהם, ער זאל עסען. גיט איהם וויעדער א פולע שיסעל מיט גערשטען־גרויפען־זופ־טשאלענט פון נעכטען געהייצטען, פערחתמעטען אויווען; דערנאך דער־

זיך אויס, דערלאַנגט איהם אַ שטיקעל ברויט מיט אַ ציבעלע. אויף וואַרעמעס איז ניטאָ וואָס צו עסען. קיין עוף איז ניטאָ. זי איז קראַנק. קיין כוח ניט צו גערן ארום עופות. אפשר קויפען אַ שטיקעל פלייש אין יאַטקע, ביי דעם „ראַבאַן" (יוד) מרדכי?

שלומאָוויטש ווערט זייער בייז: דעם ראַבאַנס שחיטה איז טריף, ווי אַ גוי'ס... אַנדערע קאַראַאימען קויפען?... אַט דאָס איז טאַקע די צרה... מ'מאַכט זיך לייכט... געפאַלען די אמונה...

אין פעלד, אליין מיט זיך, קלערט ער ווי די קאַראַאימישע אמונה פאַלט. ענן (דער גרינדער פון דער סעקטע) האָט פערבאָטען אַנצינדען ליכט אום שבת. זעגען געקומען אַנדערע און מתיר געמאַכט. אַ געשטאָרבענער —נאָכ'ן בוכשטאַב פון דער תורה— איז געווען „טמא". אַ קאַראַאים האָט זיך ניט געטאָרט עוסק זיין ארום אַ מת. איז געקומען אַ „חכם", וואָס האָט ניט געקענט צוזעהן, ווי די „ראַבאַנישע" (יודישע) קברות־לייט בערייסען פאַר קבורה־געלד און האָט געפונען אַ היתר, די קאַראַאימען זאָלען אליין בעגראָבען זייערע טויטע. אין שחיטה מאַכט מען זיך לייכט: מ'עסט פון די ראַבאַנישע... בעזונדערס פּלאָצט איהם דאָס האַרץ קוקענדיג אויפ'ן יונגען דור. ניט קיין באָרד, ניט קיין תורה... מצוות מאַכט מען אוועק אונטער האַנד... מ'איז מחלל שבת... ס'איז שוין געקומען צו שמד...

גוואַלד, וואָס וועט זיין מיט דער קאַראַאימישער אמונה?!.. ניטאָ קיין אַנדער וועג... משיח מוז קומען...

געקומען אין אָבענד פון פעלד. זעצט זיך לוי שלומאָוויטש פאַר אַ ספר. לערנט אַ פרשה חומש, אַ קאַפּיטעל „פסוק" (תנך) אביסעל „עקדה" (אַזאַ רעליגיעז־פילאָזאָפישער יודישער ספר). שטענדיג האָט ער פון לערנען גרויס הנאה — אָדער ער אַרבייט, אָדער לערנט — היינט איז ער זעהר צוטראָגען, פערקלעמט. אַלץ דיזעלבע זאַך...

ערב שבת שטעקט די אַלטע מאַסי אריין צוויי ליכט אין צוויי ליימענע לייכטערלאַך. דער אַלטער קומט פון שול אין זיין אַלטער און ברייטער משונה'דיגער זופּעצע, אַ ירושה פון זיין טאַטען: און אַ פוטערנע קוצמע, זומער און ווינטער.

— שבת שלום, — זאָגט ער אריינקומענדיג.

אין א סדור. כמעט אלע תפילות הויבען זיך אָן מיט די ווערטער „יהי רצון". דער דאַווגען ווערט פערענדיגט מיט עטליכע קאַפּיטלאַך תהילים, און די עטליכע קאַראַאימען צוגעהען זיך. נאָר דער „חכם" בלייבט.

דער אורח געהט אונטער צו איהם און בעט — אין יודיש — ענטשולדיגונג, וואָס ער שטערט איהם. ער איז פון ווייט. איז זעהר פּעראינטערעסירט צו זעהן מיט די אויגען קינדער פון גאָר אַמאָליגע יודען.

דער „חכם" גיט איהם „שלום עליכם", לאַדט איהם — אין יודיש — אַביסעל חניפה'דיג, צו בעטראַכטען, קוקען, וויפיעל די האַרץ געלוסט. ביי אונז איז ניטאָ קיין פאַרבאָרגענעס. פאַר א יודען איז דאָ אויך קיין גייעס ניטאָ. מיר האָבען דאָך איין תורה..." נאָך א לענגערען געשפּרעך דריקט אוים דער פרעמדער זיין פערוואונדערונג, וואָס נאָך ביז היינטיגען טאָג איז די שנאה צווישען די יודען און קאַראַאימער אַזוי פריש, ווי מיט הונדערטער יאָהרען צוריק.

— איז פאַראַן א האָפנונג, — פרעגט ער דעם „חכם", — אז די פייגדליכע לאַגערן זאָלען זיך אַמאָל פעראייניגען?

— אז משיח וועט קומען, — ענטפערט דער „חכם". דאַן וועלען פערענטפערט ווערען אלע רעגיליעזע קשיות... און ישראל וועט ווערן איין פאָלק. און פון דעם חכם'ס אויגען בלישטשעט א געדאַנק: דעמאָלט וועט נאָר די קאַראַאימישע אמונה געוועלטיגען...

טייעף ריהרענד איז די סקיצע „דער אלטער פרומער קאַראַאים". דאָס איז דער לעצטער קאַראַאים. אָט איז זיין וואָכעדיגער טאָג: שטעהט אויף אין דער פריה, וואַשט דעם פּנים, מאַכט הויך א ברכה: ברוך אתה... אשר ברא יסוד מים לטהרה— וואָס האָט בעשאַפען דעם וואַסער־עלעמענט אויף צו רייניגען. א. אז. וו. (אַנשטאָט דעם יודישען „מודה אני") זעצט זיך ביים טיש ביי א סדור, אנגעפּראַפּט מיט פערשיידענע סליחות. ווי־קעלט ארום דעם האלז א מין טלית קטן. ער האָט קיין צייט ניט צו געהן אין שול: נויטיגע ארבייט אין פעלד.

זיין אלטע, שוואכע מאַסי (מלכה) שטעהט אויף, הוסט

מען ניט. אנדערוואכען קומען אין שול ניט מעהר, ווי אַ צוויי, דריי די אלטע זענען נאך פרום געווען אמאל. די יונגע־עכטע גויים, קומען קיין מאל ניט דאווגען.

דער פרעמדער ווערט נייגעריגער. געהט אריין אין קאראַאימישער געסיל. איהם לויפען אנטקעגען קליינע קאראַאימער לאך, שפילען זיך אין פילקעס. ווארפען און צעהלען: ביר, איק, איץ... אויף זייער לשון, קאראַאימיש־טאטאריש איז דאס: איינס, צוויי, דריי...

ער בעגעגענט עטליכע קאראַאימישע פרויען — גרויסע מאוסקייטען, און געהט ווייטער. קומט צום שול. ניט קיין גרויסער מויער. אבער העכער פון אנדערע קאראַאימישע שטיבלאך. איבער'ן דאך הענגען דריי מגן־דוד'ס. אויף דער פאדערשטער וואנד פון שול, דרויסען פארשיידענע לשון קודש'דיגע פסוקים, ניט פון תנ"ך, נאר פון אייגענער קאמפאזיציע. געהט אריין אינוועניג. די ווענד אלע פארשריבען מיט פערשיידענע תפילות. אין א ווינקעל שטעהט א מענש איינגעוויקעלט אין א מין־ניט טלית, ניט ארבע־ כנפות, קניעט, פאלט אויפ'ן פנים און קלאפט זיך מיט'ן פויסט אין הארצען. פון דער זייט שטעהען נאך דריי קאראַאימען גרויסע און צוויי קינדער פון 7-8 יאהר. אנגעשפארט אויף עפעס הויכע טישלאך און דאווגען. א בענקעל זעהט מען נאר אין איין ווינקעל. פאר אז אלטען און שוואכען קאראַאים וואס קען שוין ניט שטעהן.

דעם פרעמדען, אייראפעאיש געקליידעטען, נעהמט מען דא אז פאר א קריסט, און מ'בעציהט זיך צו איהם מיט דרך ארץ, אפילו א ביסעל מיט חניפה, איין קאראַאים, א געראַזירטער געהט אריין מיט איהם אין א געשפרעך.

ער בעריהמט זיך: זיי זענען די אמת'ע „ישראלים" — ניט קיין יודען — ביי זיי איז דערהאלטען די ריינע לשון קודש, ניט פארגרייזט און לעכערליך, ווי ביי די יודען. זיי זענען די אמת'ע יורשים פון תורת משה, די ריינע תורה. זי איז נעהענטער מעהר צום קריסטענטום, ווי צום פערקריפעלטען תלמודישען יודענטום.

דער פרעמדערווארט ביז נאכ'ן דאווגען. ער קוקט זיך איין

פון אַנגענומענע טעאָריעס. די ידיעות וועגן זייערע שעפּן זיי פון בי־כער וואָס זענען צונויפגעשטעלט אויף דעם גרונד פון פריהער־דיגע ביכער און ווייטער ביכער — טרוקענע בלעטער, וואָס האָ־בען וועניג צו טאָן מיט האַרץ און נשמה. דער פּערפאָסער פון דעם דערמאָהנטען ביכעל, וואָס האָט פערלעבט זיין קינדהייט און יוגענד אין דער קאַראַאימישער סביבה און האָט אַ צאַרט פיהלענדע נשמה האָט געקענט אַריינדרינגען אין דער נשמה־וועלט פון זיינע שכנים און האָט אונז דער ערשטער געשילדערט מיט לעבעדיגע פאַרבען די טראַגעדיע פון די דאָזיגע אונזערע ברידער.

איך נעהם פון דער דאָזיגער קאַראַאימישער בילדער־פּאָ־נאָראַמע עטליכע, מעהר כאַראַקטעריסטישע, טיפּען און גיב זיי איבער אין קורצע שטריכען פאַר'ן לעזער.

א פריהער די איינלייטונג. אַנשטאָט טרוקענע היסטאָריע ווערט אייך פאַרגעשטעלט אַ בילד: אַ פרעמדער מענש פאַלט אַריין אין שטעדטעל, איז נייגעריג צו זעהן, צו קענען לערנען אָט די אַבגעריסענע גליעדער פונ'ם יודישען פאָלק. בעגעגענט און אַלטען יודען. פרעגט זיך נאָך: וואו זענען זיי? וואו זעהט מען זיי?

דער אַלטער אַטעסטירט זיי גלייך אויף זיין שטוינער. עט! פאַראַן אויף וועמען צו פרעגען! אַ משונה'דיגע אמונה! ניט קיין וואָלף, ניט קיין הונד! אַלץ איז ביי זיי קאַפּויר. האַל־מען פון דער תורה און היטען ניט אַלע מצוות פון דער תורה. אַ סדור אויף לשון קודש און די תפילות עפּעס ווילדע, צונויפ־געשטופּעוועטע פסוקים. „קריאת־שמע" איז דאָ, קיין „שמונה עשרה" — ניטאָ! אַ מזוזה צוגעשלאָגען צום טיר און קיין תפילין לעגען זיי ניט. און „ארבע כנפות" טראָגען זיי, קיין טלית ניט. חזיר איז טריף און פליייש מיט מילך כשר. ראש השנה האַלט מען, קיין שופר בלאָזט מען ניט. אַ סוכה בויט מען, קיין לולב און אתרוג בענשט מען ניט. פורים — יע, חנוכה — ניט. שבת און יום טוב קלייבט מען זיך צונויף אין שול. מ'צולעגט זיך אויף דער ערד, מ'קניט זיך און בוקט זיך און קיין וואַרים־קייט, קיין אמת'ע פרומקייט ניטאָ! קיין מנין צו תפילה דאַרף

טען. אלע קענען זיי רעדען יודיש. קליינערהיים שפּילען זיך די ק נדער צוזאַמען. פריהער מיט אַ יאָהר 30 — דערצעהלט מיר אַ האַליטשער יודישער יונגער מאַן, וואָס איז גוט בעקאַנט מיט'ן אינערליכען לעבען פון די קאַראַאימען, זענען זיי געווען נעהענטער צו יודען. פלעגען אָפט אַריינגעהן צום יודישען רב. אפילו איין „חכם" זייערער האָט געוואָלט אליין ווערען אַ יוד: האָט אָבגעהיט אַ סך מצוות פון יודישקייט. געווען ביי זיי אַ קאַראַאים, אַ גרויסער בעל צדקה, פלעגט ער געבען צדקה נאָר יודען.

צווישען זיך לעבען די האַליטשער קאַראַאימען, אַזוי ווי זייערע ברידער אומעטום, — זעהר אויפגעבונדען. זייער פאַמי־ליען־טרייהייט איז אַ מוסטערהאַפטע. פון דעסטוועגען מאַכט די אַסימיליאַציע און שמד — האַסטיג חרוב די קאַראַאימישע פאַמיליע, צוליעב סבות, וואָס זענען שוין דערמאָהנט. דער איצ־טיגער „חכם" זייערער שלום נעוואַכאַוויטש (כמעט אַלע פאַמי־ליען־נעמען פון די קאַראַאימען ענדיגען זיך תמיד אויף „וויטש" )איז צו דערזעלבער צייט אַ גרויס גוטסבעזיצער און אַ אַקסענהענדלער.

דער אויבענדערמאָהנטער יונגער מאַן, וואָס האָט מיר גע־געבען די ידיעות וועגען די קאַראַאימען, האָט אָנגעשריבען אַ ביכעל סקיצען פונ'ם קאַראַאימישען לעבען. די בילדער זענען געשילדערט מיט טאַלאַנט און וויינען, אַז דער פערפאַסער קען גרינדליך דעם אינערליכען לעבען פון אָט די אָבגעריסענע פערטריקענטע צווייגען פונ'ם יודישען שטאַם. דער ביכעל סקי־צען מאַכט זעהר אַ שטאַרקען איינדרוק. אַ חוץ זיין ליטעראַרי־שען ווערט האָבען זיי אָהן אַ שום ספק, אויך אַ וויסענשאַפט־ליכען , אַ קולטור־היסטאָרישען ווערט. דאָס איז די ערשטע און איינציגע פּראָבע צו געבען אונז אַ פאָרשטעלונג וועגען דער אינערליכער דראַמע פונ'ם קאַראַאימישען לעבען, אַמאָליגען און איצטיגען. וועגען די קאַראַאימען, אָט די איינציגע יודישע סעקטע, האָבען מיר דאָך איבערהויפּט אַזאַ קנאַפּען בעגריעף: די וואָס האָבען געשריבען וועגען זיי זענען „בוך־מענשען", קאַבינעט־שרייבער. וואָס זענען ניט גאָר פעהיג אַבריסען זיך

מען. האבען אויך געהאט אן ערפאלג. נאך איצט איז אין האַ־
ליטש חכם אן אור־אור־אייניקעל פון יענעם יוסף משביר.
נאר די לעצטע צעהן, פונפצעהן יאהר זענען די האליטשער קאַ־
ראאימען צוריק פערגרעבט געווארען. דער גרעסטער טייל פון
זיי, ווי אומעטום, האלט זיך נאהענט צו דער ערד. אנדערע זענען
בעלי מלאכות, איבערהויפט בוימייסטערס ד. ה. טשעסלארעס.
א ביסעל זענען שענקער. קרעמער זענען צווישן זיי גאר ניטא.
פאראן צווישען זיי עטליכע געשטודירטע: א צוויי דריי אדוואַ־
קאטען — אסימיליאטארען, איינער א לעהרער — א געשמד־
טער. איינער א ריכטער — אויך געשמדט. בכלל: די יונגענד,
וואס נעהט זיך צו שטודירען געהט אוועק פון קאראאימערטום.
פון איין זייט דעריבער, וואס די קאראאימישע תורה, די קאַ־
ראאימישע ערציהונג האט גאר גישט געלאזען אין זייערע
נשמות, וואס זאל זיי שטארק צוציהען און מאכען פעהיג אויף
אפפער. פון דער אנדער זייט צווינגט זיי דערצו דאס געזעל־
שאפטליכע, פאליטישע און עקאנאמישע לעבען. אין עסטרייך
האבען די קאראאימען ניט קיין בעזונדערע רעכט נעגען יודען,
ווי, א שטייגער, אין רוסלאנד. פארקעהרט: דער פו ער, וואס
זעהט אומעטום ארום זיך יודען, פארשטעהט ניט די קאראאי־
מען און זאגט: "קאראאים הירשע זשידא", ד. ה. א קאראאים
איז ערגער פון א יודען. ביין פריץ, ביי דער רעגירונג זענען זיי
אויך ניט קיין יחסנים, צו נישטיג איז זייער צאהל. אז מ'זאל
זיך מיט זיי רעכענען. דער עיקר אבער טרייבט זיי צום שמד
די מורא צו פערזעסען זיך. אזוי ווי אין טראָק, אין לוצק, אין
פאנעוויעזש, איז דא אויך פאראן א סך אלטע מוידען און
בחורים. איבערהויפט די מוידען ווערען פערזעסען ווייל די
קאראאימישע פרויען זיינען מאוסע, פון טאטערשען טיפ.

די בעציהונגען צווישען די קאראאימען און יודען זענען
ניט גוט, ניט שלעכט. כאטש יודען וואוינען אפמ אין קאראאי־
מישע הייזער, אבער ווייטער פון „גוט מארגען" — „גוט יאהר"
געהט עס ניט. פון דעסטוועגען, ווייל די שטעדטעל איז א קליי־
נע און יעדער קאראאימער מוז אנקומען צום יודישען קרעמער,
זענען דאך די קאראאימער נעהענטער מיט יודען, ווי מיט קרים־

# אין א גאליצישער קאראַאימען־שטעדטעל.

איינזאם פער׳יתום׳ט, פערוואָרפען צווישען דריי פרעמדע פיינדליכע פעלקער ליגען דאַ אין א פערשלאָגען גאַליצישען ווינקעל די 200 קאראַאימישע נפשות. פון וואַנען זענען זיי אהער געקומען? ווער האָט זיי דאַ פערפלאַנצט? דאָס איז בעדעקט מיט א נעבעל פון לעגענדען. זיי אליין געדענקען עס קוים. קיין שום פערבינדונגען האָבען זיי ניט, ניט מיט דער ארומיגער וועלט, ניט מיט זייערע ווייטע ברידער אין דער ליטא, אין קרים, אין פּאַלעסטינא. ביז מיט 200 יאָהר צוריק, זענען זיי געווען פערגרעבט, פערפויערט, האָבען קוים דאַווענען געקענט.

איז געקומען צו זיי אמאָל א רייזענדער קאראַאים פון ארץ ישראל, דוד ירושלמי האָט ער געהייסען. האָט רחמנות געקראָגען אויף זיינע אָבגעריסענע, פערוואָגעלטע ברידער. איז געקומען קיין לוצק, דאמאָלט א בעריהמטע קאראַאימישע־שטאָדט, אין וואָהלין, געמאַכט א רעש: „סטייטש! ווי דערוואייטערט מען זיך אזוי פון ברידער!" זיינע ווערטער האָבען גע־ווירקט. צוויי לוצקער קאראַאימען־לומדים, יונגע לייט, האָבען זיך אוועקגעלאָזט אין האַליטש — אזוי הייסט די גאַליצישע קאראַאימען־שטעדטעל — לערנען זייערע ברידער. איינער מיט׳ן נאָמען יוסף משביר איז ביי זיי „חכם" געוואָרען. דער דאָזיגער „חכם" מיט זיין ברודער האָבען א סך געאַרבייט צו הויבען דעם קולטורעלען צושטאַנד פון די האַליטשער קאראַאי־

איז ביי די בעלי מלאכות א גרויסער אויטאריטעט. נאר אויך גאנץ שטעדטעל בעציהט זיך צו איהם מיט גרוים רעספעקט. א חוץ וואס ער איז דער פיהרער פון די בעלי־מלאכות־שאפירני־קעס, איז ער א מיטגליעד אין געמיינדע־ראט און אין דער קול־טוס־געמיינדע. שבת לערנט ער מיט די איבעריגע בעלי מלאכות, „תנך“, „אורח חיים“, לעזט אויך פאר זיי א צייטונג. דאס שטערט איהם ניט צו זיין א גוטער בעל־מלאכה. ער איז, ווי אלע שאפירניקעס, א הייסער ציוניסט. נאך הערצעל'ס טויט — דער צעהלט מיר זיין זוהן — האט ער ארויסגעריסען די עטרה פון זיין טלית, און א גאנץ יאהר געדראוועט אהן דער עטרה, געטרויערט נאכ'ן טייערן פיהרער און העלד. דאס אלץ איז געוועזן שטיל, שווייגענדיג, פאר קיינעם ניט געלאזט מערקען דעם וועה־טאג פון זיי נשמה.

איין מאָל — און פאַרבייסען מ׳ט א קולעשע — א מין קאַשע פון קוקורוזע־מעהל.

זיין אויג האָט ער פאַרלאָרען נאָך גאָר אין דער יוגענד, בשעת ער האָט געדראָפּט געהן דינען. דינען האָט ער ניט גע־וואָלט. איז ער אוועק צו א יודינע, א ספּעציאַליסטקע אויף „לאַזען אַדער“ און אויסקלאַפּען אויגען די יעניגע, וואָס האָבען ניט געוואָלט דינען. אַזעלכע פּלעגען זיך געוועהנליך אַנקלייבען ביי איהר גאַנצע קאָמפּאַניעס און די „ביזנעס“ האָט געגעבען א גוטע מטבע.

פאַר דער „אָפּעראַציע“ פּלעגט די „אויגענקלאַפּערקע“, כדי צו מאַכען זיך מעהר הארץ, אויפעסען א סלאַיטשיק אייגגע־מאַכץ און פאַרטרינקען מיט א גוטע ביסעל משקה. דאַן פּלעגט זי אויסרופען: „ווער וויל געהן פריהער? !“ גענומען דעם „קלאַפּער“, אַדער „שפּאַנעריל“ — א מין האַמעריל מיט א שאַר־פען שפּיץ — א זעץ אין שוואַרצאַפּעל... די אויג איז אויסגערו־נען און.. דער בחור איז שוין געווען זיכער פון זעלנעריי...

אַט אזוי האָט אויך דאַדיע באַדנער מיט׳ן אייגענעם ווי־לען בעפּרייט זיך פון... איין אויג. דאָס האָט איהם אָבער ניט געשטערט אָבצולעבען, א גבור א יוד, ביז א יאָהר אכציג. געווען — דערצעהלען מיר טשאַרטקאָווער יונגע לייט — אַן עהרליכער, א קלוגער, איבערהויפּט — אַן אמת׳ער מענש, א ראַ־דיקאַל! אביסעל געקענט אריינקוקען אין א ספר און אין א בי־כעל. ער איז געווען א מין ליבוואַך שאַפּירא׳ס. פאַר זיין ביי־זען בליק און אייזערנעם כח האָט מען אין שטעדטעל געציטערט. אין א מלחמה פאַר׳ן רבי׳ן האָט ער „געלעגט“ רעכטס און לינקס, האָט אָבער אליין אויך... א פאה פאַרלאָרען און אזוי, מיט איין פאה, געשטאָרבען אין 1910.

איינער פון די מערקווירדיגסטע „שאַפּירניקעס“ איז דער בלעכער משה העלערבאַך. ער איז דער יונגסטער פון זיי. איז נאָך איצט ניט איבער זעכציג. האָט זיך דערהאַלטען גאָר נישט קשה, ניט קוקענדיג אויף זעהר שווערע לעבענס־אומ־שטענדען. דאָס איז א ליעבער, טויבענמילדער מענש, פול מיט תמימות און אמת. ער איז איצט דער פּרעזעס פון „יד חרוצים“,

פלעגט ראווגען פאר'ן עמוד — מיט נאטען. „כל נדרי" אויך — מיט נאטען. זיין „כל נדרי" פלעגט גאנץ שטעדטעל געהן הערען. ער האט געוואלט דעם „כל נדרי" איבערגעבען בירושה איינעם פון זיינע תלמידים. נאר יענער האט ניט געקאנט איבערנעהמען. האט מענדעל געהאט פאר'ן טויט דערפון גרויס צער.

געשטארבען איז מענדעל פידלער אין יאהר 1905. ניט בלויז זיינע עלטערע חברים, וואס האבען איהם איבערגעלעבט, נאר אויך די יוגענד פון טשארטקאוו בעציהט זיך צו זיין אנדענקען מיט דעם גרעסטען רעספעקט און ווארימסטע ליעבע.

---

א חוץ אט די צוויי וויכטיגסטע מיטקעמפפער האט שאפירא געהאט נאך א גרויסע שטיצע אין א דריטען משכיל־אינטעליגענט. דאס איז שוין געווען א דיפלאמירטער, א מעדיצין־דאקטאר. שטאקעל האט ער געהייסען. א זוהן פון א שניידער, איז ער געווען. א פראלעטאריער לויט זיין יחוס און א דעמאקראט מיט זיין גאנצען פיהלען און דענקען. אלס געמיינדעראט און שטאדט־דאקטאר איז ער געווען אימער אויף דער זייט פונ'ם פאלק. 30 יאהר איז ער געשטאנען אן דעם שפיץ פון די „ידהרוצים" — די ארבייטער־שאפירניקעס, איז געווען פאר זיי אי א דאקטאר, אי א לעהרער.

---

נאר ניט בלויז פון דער אינטעליגענץ, צווישען די בעלי מלאכות גופא האבען די שאפירניקעס געהאט שטארקע אידעאליסטען און איבערצייגטע מוטיגע קעמפפער.

דער אריגינעלסטער איז געווען דאריע באדנער. דאס איז געווען, ווי די טשארטקאווער יונגע לייט שטעלען איהם פאר, — א הויכער, א דעמבענער און ביינערדיגער יוד; געקוקט שארף, כאטש אויף איין אויג, געהאט א שיטער בערדעל, תמיד אומגעגאנגען בייז, ברוגז'דיג. צו 70 יאהר האט ער נאך געגעסען פאר זעקסען. פלעגט אויפעסען א גרויסע שיסעל צובראקטע אוגערקעס, א גאנצען רעטאך, א טאפ בארשטש — דאס אלץ פאר

איין מאָל — און פאַרבייסען מ׳ט א קולעשע — א מין קאַשע פון קוקורוזע־מעהל.

זיין אויג האָט ער פאַרלאָרען נאָך גאָר אין דער יוגענד, בשעת ער האָט געדראָפּט געהן דינען. דינען האָט ער ניט גע־וואָלט. איז ער אוועק צו א יודינע, א ספּעציאַליסטקע אויף „לאָזען אָדער“ און אויסקלאַפּען אויגען די יעניגע, וואָס האָבען ניט געוואָלט דינען. אזעלכע פלעגען זיך געוועהנליך אָנקלייבען ביי איהר גאַנצע קאָמפּאַניעס און די „ביזנעס“ האָט געגעבען א גוטע מטבע.

פאַר דער „אָפּעראַציע“ פלעגט די „אויגענקלאַפּערקע“, כדי צו מאַכען זיך מעהר האַריג, אויפעסען א סלאַיטשיק איינגע־מאַכץ און פאַרטרינקען מיט א גוטע ביסעל משקה. דאַן פלעגט זי אויסרופען: „ווער וויל געהן פריהער? !“ גענומען דעם „קלאַפּער“, אָדער „שפּאַנעריל“ — א מין האַמעריל מיט א שאַר־פען שפּיץ — א זעץ אין שוואַרצאַפּעל... די אויג איז אויסגערונ־נען און.. דער בחור איז שוין געווען זיכער פון זעלנערייי...

אָט אזוי האָט אויך דאַדיע באַדנער מיט׳ן אייגענעם ווי־לען בעפרייט זיך פון... איין אויג. דאָס האָט איהם אָבער ניט געשטערט אָבצולעבען, א גבור א יוד, ביז א יאָהר אכציג. געווען — דערצעהלען מיר טשאַרטקאָווער יונגע לייט — אַן עהרליכער, א קלוגער, איבערהויפּט — אַן אמת׳ער מענש, א ראַ־דיקאַל! אביסעל געקענט אריינקוקען אין א ספר און אין א ביכעל. ער איז געווען א מין ליבוואָך שאַפּירא׳ס. פאַר זיין ביי־זען בליק און אייזערנעם כח האָט מען אין שטעדטעל געציטערט. אין א מלחמה פאַר׳ן רבי׳ן האָט ער „געלעגט“ רעכטס און לינקס, האָט אָבער אליין אויך... א פּאָה פאַרלאָרען און אזוי, מיט איין פּאָה, געשטאָרבען אין 1910.

איינער פון די מערקווירדיגסטע „שאַפּירניקעס“ איז דער בלעכער מ ש ה  ה ע ל ע ר ב א ך. ער איז דער יונגסטער פון זיי. איז נאָך איצט ניט איבער זעכציג. האָט זיך דערהאַלטען גאָר נישט קשה, ניט קוקענדיג אויף זעהר שווערע לעבענס־אומ־שטענדען. דאָס איז א ליעבער, טויבענמילדער מענש, פול מיט תמימות און אמת. ער איז איצט דער פּרעזעס פון „יד חרוצים“,

פלעגט דאווגען פאר'ן עמוד — מיט נאטען. „כל נדרי“ אויך — מיט נאטען. זיין „כל נדרי“ פלעגט גאנץ שטעדטעל געהן הערען. ער האט געוואלט דעם „כל נדרי“ איבערגעבען בירושה איינעם פון זיינע תלמידים. נאר יענער האט ניט געקאנט איבערנעהמען. האט מענדעל געהאט פאר'ן טויט דערפון גרויס צער.

געשטארבען איז מענדעל פידלער אין יאהר 1905. ניט בלויז זיינע עלטערע חברים, וואס האבען איהם איבערגעלעבט, נאר אויך די יוגענד פון טשארטקאוו בעציהט זיך צו זיין אנדענקען מיט דעם גרעסטען רעספעקט און ווארימסטע ליבע.

---

א חוץ אט די צוויי וויכטיגסטע מיטקעמפפער האט שאפירא געהאט נאך א גרויסע שטיצע אין א דריטען משכיל־אינטעליגענט. דאס איז שוין געווען א דיפלאמירטער, א מעדיצין־דאקטאר. שטאקעל האט ער געהייסען. א זוהן פון א שניידער, איז ער געווען. א פראלעטאריער לויט זיין יחוס און א דעמאקראט מיט זיין גאנצען פיהלען און דענקען. אלס געמיינדעראט און שטאדט־דאקטאר איז ער געווען אימער אויף דער זייט פונ'ם פאלק. 30 יאהר איז ער געשטאנען אן דעם שפיץ פון די „יד־חרוצים“ — די ארבייטער־שאפירניקעס, איז געווען פאר זיי אי א דאקטאר, אי א לעהרער.

---

נאר ניט בלויז פון דער אינטעליגענץ, צווישען די בעלי מלאכות גופא האבען די שאפירניקעס געהאט שטארקע אידעאליסטען און איבערצייגטע מוטיגע קעמפפער.

דער אריגינעלסטער איז געווען דאדיע באדנער. דאס איז געווען, ווי די טשארטקאווער יונגע לייט שטעלען איהם פאר, — א הויכער, א דעמבענער און ביינערדינגער יוד; געקוקט שארף, כאטש אויף איין אויג, געהאט א שיטער בערדעל, תמיד אומגענאנגען בייז, ברוגז'דיג. צו 70 יאהר האט ער נאך געגעסען פאר זעקסען. פלעגט אויפעסען א גרויסע שיסעל צובראקטע אוגערקעס, א גאנצען רעטאך, א טאפ בארשטש — דאס אלץ פאר

צו רוה געלאזען. אבער אויף אייביג האט זי איהם מיט'ן פאר־אכטליכען נאמען „מענדעל דער פידלער“ געשטעמפעלט.

מענדעל האט דערגרייכט זיינס. ער האט זיך וועניג געקי־מערט וואס שטעדטעל זאגט. פון דעם פעראכטונגס־ט טעל האט ער געמאכט א הייליגען בערוף, זיין גלאנץ און רוהם, די אויפ־גאבע פון זיין לעבען. אמת, די פינגער און די בארד האבען איהם געשטערט זיין טאלאנט אין די פינגער אריינצולעגען. א פידלער איז ער קיין מאל ניט געווען קיין גרויסער. דערפאר האט ער פאלקאם געשטודירט די טעאריע פון מוזיק, געקענט שפילען און לערנען אויף אלע כלים, האט זיך ארומגעלעגט מיט די גרעסטע ווערק פון די בעסטע מוזיקער, האט קארעספאנדירט מיט בע־ריהמטע פראפעסארען, וועלכע האבען אנערקענט זיין טאלאנט; האט אפילו חעם דאוונען, די סדרה, די הפטורה, דעם גמרא־נגון נאך אלע דינים פון דער מוזיק צעלעגט; האט אליין קאמפא־זיציעס געשריבען, און — דער עיקר — אלעמען געלערנט אומ־זיסט.

פארפאלגט האט מען איהם ניט. נאר זיין שטוב איז ביי שטעדטעל אין חרם געווען. דאך האט עס ניט אבגעהאלטען יונגע לייט איהם אין געהיים צו באזוכען און ביי איהם „נגינה“ צו לערנען. די פידעל איז געווען זיין איינציגע טרייסט אין לע־בען. די „שאפירניקעס“ און זייערע קינדער פלעגען איהם אפען בעזוכען. אין זיין שענקעל איז געווען זייער קלוב. נאך שאפי־רא'ס טויט איז ער געווארען דער פאקטישער אנפיהרער פון דער חברה.

אזוי ווי ביקל איז ער אויך געווען א שטארקער צער־בעלי־חיים'ניק. האט אויך געהאט צוויי ווייבער. נאר אין געגענזאץ צו ביקלען, האט ער מיט זיין צווייטער ווייב בעסער געטראפען, ווי מיט דער ערשטער: זי איז געווען א אידעאלע שטיפמוטער און האט פארזיסט זיינע לעצטע יאהרען. די תלמידים האבען איהם שטארק געליבט. די לעצטע פאר יאהר פון זיין לעבען איז ער קראנק געווען, פלעגען זיי איהם אומפיהרען אויף א וועגעלע אין דרויסען פרישע לופט צו געניסען.

מענדעל פידלער האט געהאט ביי זיך א מנין, ער אליין

געיאוועט. אמת, ניט ביי איהם אין שטוב, נאר ביין פריץ איז זי בעהאלטען געווען, און קיינער אויף דער וועלט האט ניט געוואוסט פון דער פידעל, א חוץ דעם קאפעלמייסטער אין פריץ'ס הויף, וועלכער האט איהם בעהאלטענערהייט שפילען געלערנט.

נור א יודישער יונגער מאן, בפרט, א לערנער, אן עלוי, זאל געהן אלע טאג צום פריץ אין די פאקאיעס, דאס וואלט פאר שטעדטעל געווען א גרויסע רעטענים, און ניט איין פאר אויגען וואלטען איהם נאכגעקוקט און ארויסגענעבען זיין סוד. האט זיך מענדעל געקליגט און פלעגט נעהמען יעדעס מאל מיט זיך א קריגעל. באשר אין הויף איז דא א קרעניצע, געהט ער, הייסט דאס, נאך קרעניצע-וואסער.

„אבער הימעל און ערד האבען געשווארען, אז קיין פארבארגענע זאך זאל ניט זיין". מאכט זיך אמאל, אז א יוד, א קצב קומט אין הויף אריין קויפען א קעלבעל. זעהט ער, ווי מענדעל געהט ארויס פון די פאקאיעס.

פון דעמאלט אן האט מענדעל מעהר ניט געקענט געהן אין הויף „נאך קרעניצע-וואסער". זיין פידעל איז אנטשוויגען געווארען. שטום האט זי געמוזט ליגען אויפ'ן בוידעם, פערוויקעלט אין שמאטעס, פערלעגט מיט העלצער, אלטע פלעשלאך און שערבלאך אוןווארטען אויף בעסערע צייטען.

נאר זי האט זיך ניט דערווארט. איהר באלעבאס איז שוין „נתגלה" געווארען פאר אן אפיקורס. שטעדטעל האט שוין אויף איהם געזוכט „חטאים", און דער שווער האט איהם פון אויג ניט געלאזען. אין איין שענעם פריהמארגען האט ער, דער שווער, אויפ'ן בוידעם די פידעל געפונען און האט איהר אויף פיצ-פיצלאך צעשמעטערט...

לאנג איז מענדעל אומגעגאנגען, ווי א פארוואונדערטער, מיט א ניפטיגער פייל אין הארצען. ערשט דאן, ווען זיין שווער איז געשטארבען, און ער האט געמוזט אראב פון קעסט און א שענקעל מאכען, און דורכ'ן שענקעל זיין זעלבסטשטענדיגקייט בעקומען, האט ער געוואגט א צווייטע פידעל זיך צו פארשאפען, און אפען, פאר דער גאנצער וועלט, אויף איהר מיט'ן סמיק צו פיהרען. שטעדטעל האט א צייט געררודערט. דערנאך — איהם

זעהר אינטערעסאנט איז, ווי אזוי מענדעל פידלער אליין איז א פידלער געווארען. ווי געזאגט, איז דאס שוין געווען דער־מאלט, ווען ער איז געווען א טאטע פון קינדער. אמת, קיין שענ־קעל האט ער נאך ניט געהאט. ער איז נאך געזעסן אויף קעסט ביי זיין שווער, א פראסטער, נאר א רייכער בעל הבית. צו מסחר האט ער ניט געטויגט. איז ער געזעסן טאג און נאכט און האט געלערנט גמרא. נאר אזוי ווי זיין חבר יענקל ביקל, האט ער אויך שטארק ליב געהאט דעם „רמבם". בעהאלטענערהייט האט ער אויך געלייענט השכלה־ביכער, געלערנט לאטיין און דייטש. א שטים האט ער אויך געהאט, אמת, ניט קיין שלעכטע. דער־פאר האט ער טאקע אויסגענומען ביי דעם שווער, א בחור זענענדיג, וואס ער האט מיט אזא זיסען נגון געזונגען „אמר אביי". אמאל פלעגט ער זיך פארטיפען אין א „שטויגער" ביין דאווענען. אז מ׳קען די שטים ברויכען צו עפעס אנדערש, איז איהם קיין מאל ניט איינגעפאלען, ביז ער איז אמאל פארבייגע־גאנגען דעם פריץ׳ס שלאס.

דארט איז ער א צוגעשמידטער געווארען. עפעס האבען זיך געגאסען פון די פאקאיעס קולות, טענער, מאדנע, משונה׳דיגע, כשוף׳דיגע.

צי האט מען דארט געזונגען, צי געשפילט? צי ביידע זא־כען אין איינעם? צי א נקבה, צי א זכר? צי ביידע אין קאמפא־ניע? צי איינער, צי צוויי, צי א סך?... דאס האט ער, בשעת מעשה, ניט געקענט אבגעבען זיך קיין רעכנונג. ווארים ער איז געווען צוגעשמידט צום ארט. פאר׳כשופ׳ט. און ערשט א צייט נאך דעם, ווי דארט, אין די פאקאיעס איז אלץ שוין לאנג שטיל געווען, האט ער זיך ארומגעזעהן, אז ס׳איז שוין טיעף נאכט און ביי איהם אין דער נשמה שפילט נאך אלץ. און ער קען פון ארט ניט אוועקגעהן.

פון דעמאלט אן איז ער אלע טאג געגאנגען צום פריץ׳ס שלאס, בסודי סודות. פריהער פלעגט ער שטעהן פון ווייטען, ווי דעם ערשטען מאל, אויף יענער זייט טויער. ביסלעכווייז האט עס איהם געצויגען אלץ נעהענטער, נעהענטער, אין הויף אריין, צו די סאמע פאקאיעס. דערנאך האט זיך ביי מענדלען א פידעל

# מענדעל פידלער.

מענדיל פידלער איז געווען, אויב מ'קען זיך אזוי אויסדריי־קען, דער „מיניסטער פון קונסט“ אין דער מלוכה פון די „שא־פירניקעס“. כאטש אין דער ווירקליכקייט איז ער געווען אין זייער חדר דער לעהרער פון דקדוק און „תנ"ך“. ניט גאר צו־געפאסט צו איהם איז אויך געווען דער נאמען „פידלער“. ווא־רום מענדיל איז געווען א קינסטלער אויף אלע אינסטרומענטען. ד. ה. שפילען האט ער אייגענטליך ניט געקענט אפילו אויף איין אינסטרומענט. ווען ער האט זיך גענומען צו דער מוזיק, זענען שוין די פינגער זיינע געווען צו גראב און די בארד צו ברייט געוואקסען פאר דער פידעל. דערפאר איז ער געווען א גרויסער טעארעטיקער. זיין שענקעל (דערפון האט ער די חזנה גע־צויגען) איז געווען א מוזיקאלישע אקאדעמיע פאר הונדערטער יונגע לייט. פון דארט זענען זיי אין וויען, אין מינכען אוועק און שפעטער בעריהמטע ארטיסטען און חזנים געווארען.

אין טשארטקאוו אליין, וואס האט פריהער ניט געוואוסט, וואס איז אזוינס נאטען, און א פידעל האבען זיי געזעהן, נאר ווען א חתונה איז געווען אין שטעדטעל. טשארטקאוו איז דורך איהם א מוזיקאליש שטעדטעל געווארען. עס איז כמעט ניטא איצט קיין איין הויז, אין טשארטקאוו, וואו מ'זאל ניט שפילען און זינגען. אין גאנץ גאליציען איז ניטא אזא מבינ'טע אויף חזנים, אויף נגינה, ווי טשארטקאוו.

און דאס האט אלץ געמאכט מענדעל פידלער.

מים איהר געווארען זיין לעבען א פראגעדיע. נים קוקענדיג אויף זיין ברייטער געלעהרזאמקייט, האט ער אזוי, ווי שאפירא אליין, ליעב געהאט צו לעבען פשוט און ארים. נאכ'ן אלטען יו־דישען שניט. פון 6 יאהר אן האט ער אויפגעהערט צו עסען פלייש, האט זיין גאנצען לעבען קיין אנדער שפייז נים גע־ברויכט, ווי נאר גרינס. אז איהם האבען אנגעהויבען צו קלא־פען אין טיר די זיבעציג יאהר, האט ער זיך אנגעגרייט תכריכים און א פלאץ פאר זיין אייביגער רוה.

נאר יענקל ביקל לעבט נאך איצט א זקן פון עטליכע און אכציג יאהר, לעבט אין דרעזדען (זאקסען). ער ארבייט נאך אויף א שטעלע אלס בוכהאלטער אין א פריוואטען געשעפט. נאך יעצט האלט ער אין שטודירען דאס דייטשע רעכט. זיין פא־מיליען־דראמע האט איהם פארטריבען פון זיין ליבער גאליצי־שער שטעדטעלע, וואו ער האט אזוי פיעל געקעמפפט און געלי־טען, ווייט פון זיינע ליבע תלמידים און חברים, וואס זענען, צום גליק, אזוי ווי ער, נאך, כמעט, אלע ביים לעבען; וואס בענקען נאך זייער טייערן לעהרער און חבר און ער נאך זיי, און זיי קענען זיך נים זעהן. ער טאר אין עסטרייך נים קומען. מ'האט איהם געוואלט, — דערצעהלען מיר די טשארטקאווער „שאפירניקעס" און זייערע קינדער, — געבען אין דרעזדען א לייכטע שטעלע אין דרעזדענער יודישער געמיינדע מיט א מע־האלט פון עטליכע טויזענד מארק, נאר ער האט זיך אבגעזאגט דערפון, ערקלערענדיג, אז ער וויל נים פארקויפען זיין זעלבסט־שטענדיגקייט פאר געלד. ער וויל בעסער זיין א „נהנה מיגיע כפו", לעבען פון אייגענער פראצע און נים זיין קיין „כלי קודש".

חדושים !ווי קען דאס געמאלט זיין ?... פרעגען די קינדער.

ביקל גיט זיך א קעהר צו א אינגעל, כאפט ביי איהם מיט צוויי פינגער ארויס פון די האר א „חיה'לע", זעצט זי אוועק אויפ'ן גלאבוס. ער דרעהט דעם גלאבוס און בשעת מעשה שפאַצירט די חיה'לע אויפ'ן גלאבוס, ווי ניט איהר מיינט מען...

דארף מען האבען א מעהר בעשיינפערליכען ביישפיל ?...

די קינדער האבען ביקלען זעהר ליב געהאט. ער פלעגט, אויף אזא שטייגער, אפט מיט זיי פערברייננגען, ניט בלויז וועגען קליינע, נאר אויך וועגען גרויסע חיות און בהמות, וועלכע ער פלעגט ברייננגען צו די קינדער, אדער די קינדער צו זיי. פון דעסטוועגען איז ער געווען שטרענג. שלאגען, שרייען — דאס פלעגט מען אין דעם חדר פון די שאפירניקעס קיין מאל גיט. נאר, צייטענווייז, ווען די קינדער האבען זיך צוגעפוילט איינגעהארכען זיך אין א ענין, וואס ער האט זיי דערקלערט, אדער האבען היינטער זיינע פלייצעס אונטערגעשטיפט, פלעגט ער פלוצלונג ארויפשפרינגען אויפ'ן טיש און א קאמאנדעווע טאן צו חברה: שרייט, קינדער, גלייך נאך מיר:

— מיר זענען אלע גרויסע גויים !...

אז ניט נאר דעליקאטע „קאפולער אנצוהערענעס" האט דעם קליינעם עולם מעהר אמוזירט, ווי בעליידיגט. אלע האבען נאכגעשריען מיט חשק דריי מאל. אבער נאך דעם איז שוין נעגאנגען ווי געשמירט...

ביקל איז געווען א סאציאליסט, נאר, אנשטאט די מארקסיסטישע טעאריעס, האט ער זיינע אידעען וועגען סאציאלער גערעכטיגקייט געשעפט פון דער תורה און דער גמרא. די הויפט אויפמערקזאמקייט אין חדר האט ער אנגעווענדט אויף ערציהען אין די קינדער דעם געפיהל און בעגריף פון רעכט און יושר אין סאציאלען לעבען. געלעבט האט ער נאר אין דעם קרייז פון ארבייטער, פון פשוטע מענשען. מיט דער ערשטער פרוי האט ער געלעבט גוט. זי איז געווען א פשוטע יודישע ווייבעל. די צווייטע ווייב, וואס ער האט גענומען נאך דער ערשטער'ס טויט, איז געווען פריהער א דאקטאר'ס א ווייב, האט געהאט געלד, און איינען הויז און ליעב געהאט צו לעבען ברייט און פרעהליך, איז

ליבלינגע זייגער פון די יודישע ספרים איז געווען דער „רמבם“. דאוונען פלעגט ער אלע טאג און ליעב געהאט צו דאוונען מיט נגינה. גאנץ ימים נוראים פלעגט ער דאוונען אין קיטעל. שמונה־עשרה איז ער געשטאנען צונויפגעלעגט די הענד אויף דער ברוסט, זיין ליבלינג־תפילה איז געווען „שיר היחוד“, דאך איז ער געווען פרום ניט שטענדיג, נאר מאמענטענווייז. שבת צו נאכט האט ער ליב געהאט אוועקצוזעצען זיך מיט מענדעל פידלער און, פיפקענדיג און שמעקענדיג טאבאק אין דער זעל־בער צייט, ארייגעשמועסט מיט׳ן חבר ביז׳ן טאג אריין. מעשיות פון אלע גוטע יודען, וואס זענען וועןן עס איז געווען אויף דער וועלט, געבענדיג די מעשיות, נאטירליך, זיין בייסענ־דיגע סאטירישע בעלייכטונג.

ביקל איז געווען א גרויסער פריינד פון דער נאטור. האט ליב געהאט אליין זיך צו פערטראכטען אויף גאטס וועלט, אויף גאטס גרויסע ברואים און קליינע ברואים׳לאך, און געבען אויך אנדערע צו פערשטעהן די וואונדער פון דער נאטור. אט געהט, א שטוינער, פון פעלד א בהמה. ביקל רופט ארויס פון שטוב די ווייב, די קינדער, נעהמט ארומקוקען דער בהמה׳ס הערנער, אויגען, שטערן, האלז און אנדערע אברים. טאפט ארום און האלט פאר זיי א בעשיינפערליכע נאטור־ווויסענשאפטליכע לעק־ציע. חסידישע ווייבער געהען פארביי און שפייען אוים: זעהט נאר יעקל דעם משוגענעם! האט זיך שוין פארקוקט...

ביקל איז, ווי געזאגט, געווען דער אויבער־אויפזעהער אויפ׳ן חדר פון די שאפירניקעס. פונדעסטוועגען זענען געווען זאכען, וואס ער האט אליין ליעב געהאט צו לערנען מיט די קינדער. איינער פון זיינע ליבלינגס־למודים איז געווען געאגרא־פיע. דערביי האט ער געהאט זיין אייגענעם מעטאד, ווי אזוי צו ערקלערען די אינגלאך, זעהר פשוט, מיט היימישע מיטלען זא־כען, אויף וואס די קינדער אין די שולען ברעכען זיך אפט די מוחות.

אט איז א שטויגער א לעקציע אין געאגראפיע: ווי אזוי די ערד דרעהט זיך, מענשען געהען אויף דער ערד אויבען און אונטען און פאלען ניט אראב.

שפילט. נאָך זיין עצה פלעגען זיך ווענדען ניט בלויז יודען, נאָר אויך קריסטען — פויערן און פריצים. אזוי ווי ער פלעגט זיך אָבער קיין מאָל ניט דינגען, האָט ער געהאַט א סך ארבייט און קארג חיונה.

דעם רבי'ס הויף אליין פלעגט זיך מוזען ניט זעלטען צו איהם ווענדען נאָך אן עצה און דערמיט האָט ער שטארקער געמאכט די פּאָזיציע פון די שאפירניקעס. ביים רבי'ן האָט מען איהם געמוזט שטעלען א שטוהל און בעטען זיצען. ער איז געווען א נויטינגער מענש און מ'האָט פאר איהם מורא געהאַט.

ביקל האָט פלייסיג געשטודירט דעם עוואנגעליום, גע־לערנט איהם מיט זיין טאָכטער, געמאכט אויף איהם פירושים און — געווען דער פערביסענסטער געגנער פונ'ם עוואנגעליום מיט'ן קריסטענטום. ער האָט אנגעשריבען א ווערק געגען יע־זוס'ן. האָט געפיהרט אמאָל א דיספוט מיט א מיסיאָנער און יענער האָט געמאכט פליטה, איידער דער דיספוט איז געווען צו ענד.

האָט זיך ביקל פאַרטראכט אין אן ענין, אין א רעיון, וואָס האָט איהם שטארק גענומען, האָט ער זיך דעמאָלט אָבגעשיידט פון דער וועלט, פארשלאָסען זיך אין זיין קאמער און געקענט אבזיצען אכט טעג און אכט נעכט, נ'ט געגעסען, ניט געטרונ־קען, ביז דער רעיון איז ביי איהם ניט רעכט גע‌וואָרען. ער איז אויך געווען א פארברענטער שאכמאטיסט און האָט געקענט אָבזיצען איבער'ן שאכברעטעל דריי מעת לעת נאָכאנאנד.

האָט ער געקראָגען א נייעם בוך, איז ער שוין ניט ארויס פון שטוב, ניט געזעצט זיך, ניט געשטאַנען, נאָר אריינגעלעגט זיך אין בעט, און האַלטענדיג אין איין האנד דעם בוך, אין דער צווייטער א ציגאר, און פון אויבען, אויפ'ן דאלאָן פון דער זעלבער האנד, אנגעשאָטען א בערגעל שמעק־טאַבאק, האָט ער איינגעגראָבען די אויגען אין בוך און געדרויכערט און געשמעקט, געשמעקט און געדרויכערט און אויפגעשטאַנען פון בעט נאָר דאַן, ווען דער בוך איז געווען געענדיגט. אזוי האָט ער אויך, ליגענדיג אין בעט, געלערנט אלטע און נייע שפראכען.

ביקל איז געווען א גרויסער תלמודיסט. נאָר דער גרעסטער

גאליציען. וואס איז, נאך גאר פון אמאל, געווען בעריהמט פאר א נעסט פון השכלה. חתונה געהאט האט ער צו 13 יאהר. געווען איז ער א פארברענטער מתנגד און געגאנגען אין א שטריימעל. זיין שווער איז געווען א חסידישער מענש, נאר א מאדנער איד. פלעגט קיין מאל ניט געהן דאוונען אין קלויז, נאר — דאוונען ביי זיך אין דער היים, ביחידות. און ווייל אלע האבען געוואוסט, אז ער איז זעהר א פרומער, איז ארוים אין שטעדטעל א קלאנג, אז ער איז א „מקובל" און זיצט א גאנצען טאג אין טלית. יענקעל ביקל האט זיך ניט געפוילט און איז דורכגעגאנגען גאנץ שטעדטעל, ניט פערפעהלט אבסאלוט קיין איין שטוב, און געפרעגט יעדען טשארטקאווער יודען, קליין און גרוים: „האסט געזעהן איהם (זיין שווער הייסט דאס) זיצענדיג אין א טלית? יעדער האט געענטפערט: ניין, ער האט געהערט פון יענעם.

דערמיט האט ביקל אנגעהויבען זיין ערשטען קאמפף נעגען אבערגלויבען. און פונקט ווי איצט, אזוי האט ער איהם שטענדיג געפיהרט: ניט דורך היציגע דרשות, נאר דורך לאגישע בעווייזען, דורך פאקטישע איבערצייגונג.

פון דעסטוועגען איז ביקל אויך געווען א גלענצענדער רעדנער און דוקא אין פראסט יודיש, כאטש ער האט געקענט א סך שפראכען. זיינע ליבלינגס־וויסענשאפטען זענען געווען אסטראנאמיע, אלגעברא און פיזיק. נאר בעזונדער שטארק איז ער געווען אין יוריספרודענץ (געזעץ־לעהרע). ער איז געווען קלאר, ווי אין דער אלטער יודישער (ביבלישער און תלמודישער) געזעצגעבונג, אזוי אויך אין רוימישער, מיטעלאלטערליכער און מאדערנער אייראפעאישער געזעצגעבונג. נאר זיין אידעאל איז געווען די געזעצגעבונג פון דעם יודישען סנהדרין. אין חדר פון די „שאפירניקעס", וואס איז געווען אונטער זיין אויפזיכט, האט ער איינגעפיהרט א מין קינדער־רעפובליק אין דעם גייסט פון דעם אלטען יודישען שטאאט, און א קינדער־געריכט נאכ'ן מוסטער פון דעם יודישען סנהדרין.

געזעץ־לעהרע איז געווען זיין פאך, זיין פרנסה. ער פלעגט פיהרען די פערוויקעלטסטע פראצעסען און האט זעלטען פער־

# יאקאב ביקל.

די אויפקלערענדע ארבייט פון שאפירא און די „שאפיר־ניקעס“ איז געווען פאלקאם ארגאניזירט און צוטיילט אין בע־זונדערע דעפארטעמענטען. אין יעדען דעפארטממענט האט שא־פירא געהאט א ספעציאליסט — א טוער, וואס איז געווען פונקט אזוי איבערגעגעבען דער אידעע פון „השכלה“, ווי דער רבי אליין. דער שאפירניק יאקאב ביקל איז געווען א מין „מיניסטער פון אויפקלערונג“. ער איז געווען דירעקטאר אי־בער דעם רעפארמירטען חדר און פיהרער פון די אווענד־קור־סען פאר בעלי מלאכות. דער לעזער דארף ניט פערגעסען, אז דאס איז געווען אונגעפעהר מיט א האלבען יאהרהונדערט צו־ריק און אין דער מלוכה פונ׳ם טשארטקאווער רבין.

געארבייט האט ביקל טאג און נאכט, מיט׳ן גוף און מיט דער נשמה, ניט געהמענדיג פאר זיין ארבייט קיין קרייצער געלד. און געווען איז ער אן ארימאן, ווי טיטוס איז געווען א רשע, און האט געהאט א געזינד פון 10 קינדער. (4 האט ער גע־האט פון דער ערשטער ווייב; 2 האט איהם געבראכט די צוויי־טע פון איהר ערשטען מאן, און 4 האט ער געהאט מיט איהר, מיט דער צווייטער הייסט עס, בשותפות.)

און כאטש יאקאב ביקל האט ניט בעזוכט קיין אוניווערזי־טעטען, דאך איז ער געווען ניט ווייניגער געלעהרט פון שאפי־רא׳ן אליין, און איז געווען א טיעפער, זעהר אריגינעלער דענ־קער, געשטאמט האט ער פון טיסמעניץ, א שטעדטעל אין מזרח־

איך נערערט אין טשארטקאוו. דאס איז א מערקווירדיגער טיפ בעלי מלאכות. איהר בענעגענט זעהר ווינציג אזעלכע אין אנ־דערע שטעדט. א מאדנע ערעלקייט אין אינטעליגענץ ליגט אויף זייערע פנים׳ער, אין זייער בענעהמונג, אין זייער ריידען. זיי זענען אויפריכטיג רעליגיעז און דאך זעהר ענטוויקעלט גייסטיג, אין זיי האט זיך ערהאלטען דאס שענסטע, דאס ערהאבענסטע פון דער השכלה־עפאכע. זיי זענען צו מעהרסט ציוניסטען. לע־בען צווישען זיך ברידערליך. די ארגאניזאציע און אינסטיטו־ציעס, וואס שאפירא האט ביי זיי בעשאפען, האט זיך פאלקאם ערהאלטען ביז איצט. אזא סאלידאריטעט, אזא גרייטקייט צו העלפען, צו שטיצען איינער דעם אנדערן אין א נויט, האב איך נים געפונען אין קיין יודישער חברה.

ביי יעדען שאפירניק אין הויז העננט אונטער א גלאז דאס בילד פון זייער רבי׳ן, לעהרער און וועג־ווייזער. זיי בעציהען זיך צו זיין אנדענקען מיט דעם טיעפסטען רעספעקט און ריהרענדס־טער ליעבע. ביי יעדער געלעגענהייט, ווען „שאפירניקעס" קליי־בען זיך צוזאמען, דערצעהלט מען אהן א סוף, מעשיות און לע־גענדען פון איהם, פון זיין לעבען און ווירקען, פון יענע קאמפ־פען און פערפאלגונגען. יעדער שפרוך זיינער איז ביי זיי א תורה, אזוי הייליג, ווי די תורה פון סיני, און דיזעלבינע ליעבע צום אנדענקען פון דעם רבי׳ן פלאנצען זיי איין אין זייערע קינ־דער און קינדס־קינדער.

צווישען די „שאפירניקעס" זענען אויך געווען אינטעלי־גענטען. אי די ארבייטער, אי די אינטעליגענטען האבען ארויס־געגעבען פון זיך א גאנצע רייהע קעמפפער, העלדען, אידעא־ליסטען, בכלל, זעהר אריגינעלע און מערקווירדיגע טיפען. נים ווענינער אריגינעל און מערקווירדיג, ווי שאפירא אליין. בעזונ־דער אינטערעסאנט איז די פערזענליכקייט פון יעקב ביקל, מאיר פידלער, דר. שטאקעל, דער בלעכער מאיר העלערבאך און דער אויבען דערמאהנטער דאדייע באדנער. מיט זיי וועט דער לעזער בעקאנט ווערען ווייטער.

האט ניט געוואלט זיין קיין רב, ניט געוואלט לעבען, ווי א כלי קודש. ער האט געהאט זיינע קארגע לעבענסמיטעל פון דער שטעלע, וואס ער האט פארנומען אין דער קרעדיט־געזעלשאפט, וואס ער האט געגרינדעט פאר די בעלי מלאכות.

די אָרימקייט און פערפאלגונגען האבען אבער אונטערגע־גראבען זיינע קרעפטען, און שאפירא איז געשטארבען, נאך ניט קיין אלטער מאן, אין דעם עלטער פון 58 יאהר. (אין יאהר 1887). ער האט געלאזען א זוהן, וועלכער לעבט אין דווינסק, א בעריהמטער מיליטערישער דאקטאר, איינער פון די ווינציגע מיליטערישע דאקטוירים אין רוסלאנד. דעם דאקטאר'ס טאכ־טער, שרה שאפירא, א העברעאישע דיכטערין איז בעריהמט געווארען אין דער ציוניסטישער וועלט מיט איהר ליעד „אל טל ואל מטר", נאך דער „התקוה", די צווייטע ציוניסטישע „מארסעליעזע", וואס ווערט געזונגען פון אלע ציוניסטען, פון קליין ביז גרוים.

ביי זיין שטארבען האט שאפירא ארויסגעוויזען דעם זעל־בען איידעלמוט און זעעלישע גרויסקייט, ווי פאר זיין לעבען. ער האט אריינגערופען זיינע נאהענטע מענשען, האט זיי געבעי־טען, עס זאל זיין צווישען זיי שלום, זיי זאלען זיך האלטען רוהיג אין בעטרעף צו די געגנער: זאלען זיך ניט קימערן, אויב די שונאים וועלען נאך זיין טויט, זיך וועלען נוקם זיין אן איהם. זיי זאלען זיך ניט שטעלען אנטקעגען. אויב מ'וועט איהם געבען אן ארט אפילו אונטער'ן פארקאן. „גאט וועט משפט'ן", — דאס איז געווען שטענדיג זיין ווארט ביים לע־בען, און דאס זענען געווען זיינע לעצטע ווערטער ביים שטאר־בען. נאר האלטענדיג זיך רוהיג, — האט ער זיי פונדעסטוועגען געהייסען, — זאלען זיי ניט אבטרעטען פונ'ם וועג, וואס ער האט זיי געלערנט. זאלען ניט געהן דארט וואו מ'שעלט, און וואו מ'בענשט פאר געלד.

און די „שאפירניקעס" זענען געבליבען טריי דער צוואה פון זייער רבי'ן. א סך פון זיי לעבען נאך איצט אין טשארט־קאוו. א סך פון זיי זענען אין אמעריקא. מיט פיעל פון זיי האב

אבגעפטרט אַט דעם יודען, האָט דער רב פּערענדיגט די „שאלות ותשובות" פון דעם צווייטען אין הלכות „פּאוסט", אויך אויפ'ן זעלבינגען שטייגער. און צום סוף זיינען ביידע יודען אזוי בעגייסטערט געוואָרען, אז זיי האָבען זיך געוואָרפען מיט טרערען פון דאנקבארקייט צו דער ערד קושען די פיס פון דעם רבי'ן.

שאפּירא האָט אַן אונגעהייערע ווירקונג געהאַט אויף זיינע אַנהענגער און תלמידים. אין רעכטען ברען פונ'ם קאַמפּף, איז שוין אין טשאַרטקאָוו לאַנג געווען דער רבי, ר' דוד משה'ניו, דעם ריזשינער'ס זוהן. ער האָט געהאַט אַ מאכט אויף צעהנדליגע טויזענדער חסידים אין דער גאַנצער וועלט. טשאַרטקאָוו גופא האָט זיך נעבויגען פאַר זיין טראָן, און בלויז אַ ווינק זיינעם איז אַלץ אונטערטעניג געווען.

און דאָך האָט די הייפעל „שאַפּירניקעס", וואָס איז בעשטאַנען מיט קליינע אויסנאַמען, נאָר פון „בעלי מלאכות", ארויסגעוויזען אַ לייבען־מוט אין קאַמפּף פאַר דער השכלה און פאַר זייער רבין. זיי האָבען אַנגעפיהרט דעם קאַמפּף יאָהרענלאַנג און האָבען געזיגט. טשאַרקטאָוו איז צוטיילט געוואָרען אין צוויי מחנות: „חסידים" און „שאַפּירניקעס". די „שאַפּירניקעס" האָבען אויסגעקעמפּפט זייער פּאָזיציע, זייער געוויסענס־פרייהייט און עקסיסטענץ־רעכט. זיי זענען געוואָרען אַ גלייכע מאכט מיט די חסידים. קיין חסיד, אפילו דער רבי אליין, האָט ניט געוואַגט אַנצוריהרען אַ שאַפּירניק, זיי, די שאַפּירניקעס, האָבען געהאַט זייער אייגענע קלויז, אייגענע שולען, זייער אייגענעם שוחט. האָבען זיך געלעבט אין דער חסידישער שטעדטעל גאַנץ פריי, אויף זייער משכילישען שטייגער. די חסידים האָבען געמוזט ענדליך שאַפּירא'ן אליין לאָזען צו רוה. עס זענען געווען פאַלען, ווען זיינע ביטערסטע פערפאָלגער, פול מיט חרטה, געבויגט פון זיין אונענדליכער מילדקייט און מאָראַלישער גרויסקייט, זענען געקומען צו איהם, געפאַלען צו זיינע פיס און געבעטען, ער זאָל זיי מוחל זיין.

זיינע אַנהענגער און תלמידים האָבען איהם געוואָלט און געקענט אויסהאַלטען, אלס זייער רב, בכבוד, נאָר שאַפּירא

א קשיא — עפעס א הארבע שטעלע אין געטעס „פאוסט". זו־פענדיג זיינע שיטערע קרופניק האט ער דערווייל דעם יונגען מאן ברייט פארנאנדער גערעדט דעם גאנצען ענין, וואס האט איהם געארט.

אין מיטען עפענט זיך האלב די טיר און איינער שטעקט אריין דעם קאפ, און שטעהט אונענטשלאסען אויף יענער זייט טיר. דאס איז געווען א טשארטקאווער באלעבאס, ניט פון זיינע תלמידים, נאר אויך ניט קיין געגנער. ער איז שוין לאנג ביי איהם ניט געווען, פון עטליכע יאהר.

שאפירא איז אביסעל פערוואונדערט און אונרוהיג געווא־רען. וואס קען דאס זיין, וואס אט דער מענש איז צו איהם אזוי שפעט געקומען?

ער בעט איהם אריין און פרעגט איהם, מעהר מיט די אוי־גען, ווי מיט'ן מויל, די סבה פון זיין שפעטיגען וויזיט.

יענער איז ביסלעכווייז אריין ווייטער אין שטוב, ווי פער־בליפט, ווי עפעס זוכענדיג א ווארט און ניט וויסענדיג, ווי אנ־צוהויבען. האט עפעס געשטאמעלט. נאר סוף כל סוף איז קלאר געווארען, וואס האט איהם געטריבען אזוי שפעט צום רבי'ן.

ער האט געלערנט דעם „חובת הלבבות": האט זיך פער־טיפט אין דעם ענין פון „קדמות העולם", „אייביגקייט פון דער וועלט", און פון „ענין יצירה" — בעשאפונג פון דער וועלט, האט זיך פארפלאנטערט און ניט געוואוסט, ווי אזוי ארויסצו־פלאנטערן זיך. איז ער געקומען צום רבי'ן.

דער רבי האט אבגערוקט דעם טעלער מיט די קרופניק, האט אבגעווישט מיט זיין טיכעל די וואנצעס און די באַרד און האט איהם גענומען „מסביר" זיין. ס'הייסט געבען צו פערשטעהן — די „יצירה" (שאפונג) אין דעם זין פון דער ענטוויקלונגס־טעאריע, ווי די וויסענשאפט פון אונזער צייט מאלט און ער־קלערט זי, אבער אזוי פארזיכטיג מיט פשוטע ווערטער פונ'ם אלטעגליכען לעבען און מיט'ן לשון פון די אלטע ספרים, אז די וויסענשאפט האט אין טשארטקאווער בעל־הבית געקראגען א נייעם פריינד און דער אויטאריטעט פון „חובת הלבבות" איז אויך ניט געשעדט גט געווארען.

געשוואלט א לאז טאן צו א גאסעניונג, וואס האט דעם רב מיט בלאטע פארוואָרפען, האט איהם שאפירא אבגעהאלטען: „נעהם זיך ניט אן מיין קריוודע; גאט וועט משפט'ן".

דוהיג האט דער רב פארטראגען אלע פערפאלגונגען, אלע צרות, וואס זיינע פיינד האבען איהם אנגעטאן. ער האט קיין איין שלעכט ווארט געגען זיי ניט אויסגערעדט, קיין איין בייזען בליק אויף זיינע זידלער און בעליידיגער ניט געווארפען. נאר פעסט און זיכער איז ער געגאנגען זיין וועג; מוטיג און זיכער אין זיין אמת האט ער געטאן זיין גרויסע אויפקלערענדע ארבייט פאר'ן פאלק.

ארים האט ער געלעבט. איהם האט ניט געקימערט, וואס ער האט פארלארען די רבנות. ס'איז געווען טעג, וואכען, וואס ביי איהם אין שטוב איז קיין געקעכטס ניט געווען, וואס ער, ווייב און קינד זענען זשעדנע געווען א שטיקעל ברויט. און קיינער האט ניט געוואוסט, און ער האט זיך פאר קיינעם ניט נעקלאגט. א מענש א געלעהרטער, סאי אין יודישע, סאי אין אל־געמיינע וויסענשאפטען; א מאן וואס האט גלענצענד געענדיגט 2 אוניווערזיטעטען: וואס האט נאר געדארפט איין פיפס טאן, וואלטען איהם זיינע חברים און פריינד אין וויען, אין בערלין געקראגען די פיינסטע שטעלע פון ראבינער, אדער אן אנדער בכבוד'יגען אמט, וואס וואלט איהם געבען פיינע חיונה, — האט ער ניט געוואלט פארלאזען די קליינע פינסטערע שטעדטעל, וואו ער האט זיך געפיהלט נויטיג, וואו ער האט געהאט אזוי פיעל פיינד און פערפאלגער, אבער אויך ניט ווייניג תלמידים, אנהענ־גער, פריינד, וואס זענען יעדע מינוט גרייט געווען פאר איהם זייער לעבען אבצוגעבען.

זיין שטוב איז געווען אפען ביי טאג און ביי נאכט פאר אלעמען. ווער עס האט נאר געוואלט אריין צו איהם, ווער עס האט זיך גענויטיגט אין זיין טרייסטענדיג און בעלעהרענדיג ווארט. אמאל, — דערצעהלען מיר טשארטקאווער יודען — איז ער געזעסען ביי זיך אין חדר, און גענעסען וועטשערע. ס'איז געווען שפעט: עלף א זייגער אין אבענד. ביי איהם איז געזעסען א יונגער מאן, עקסטרא געקומען צו איהם פון קאלאמעא פרעגען

א תוספות, סאי אין „רמבם“, סאי אין א פראגע פון „קדמות העולם“, פון „בחירה און השגחה“, סאי אין א שווערער שטעלע אין „שילער“ און „געטע“. ער האט געשריבען אין די יודישע צייטונגען, אפילו אין „השחר“ צו די עלטערע יאהרען, האט אויסגעשריבען די צייטונגען און געגעבען זיי לעזען יודישע יונגע לייט. ביז איהם האט טשארטקאוו ניט געוואוסט וואס איז דאס א צייטונג.

איז דען יעדער איינער פון די דאזיגע „חטאים“ ניט גענוג צו פסלען אזא רבי צו פראקלאמירען איהם פאר אן אפיקורס, ארייזלעגען איהם אין חרם?..

היינט בפרט אט די אלע מורא׳דיגע „עבירות“ צוזאמען!

האט טאקע זעהר וועניג צייט געדויערט די רוהיגקייט פון דעם רב שאפירא.

א דין איז געווען אין טשארטקאוו, דער ס א נ צ ע ר ד י ן האט ער געהייסען. האט ער אויפגערופען אן עולם אין שול, געעפענט דעם ארון קודש, ארייגעווארפען זיך מיט גוואלדען: „ראטעוועט, יודען! די תורה, די אמונה איז אין סכנה!“...

און טשארטקאווער יודען האבען זיך געווארפען „ראַטעווען“.

מ׳האט דעם רב שאפריא פון רבנות אראבגעווארפען און דעם סאנצער דין אויף זיין פלאץ געזעצט. מ׳האט אין טליתים, קיטלען מיט שופר־בלאזען און שווארצע ליכט איהם אין חרם ארייגעלעגט, נע׳אסר׳ט שדוכים טאן, א מגע ומשא האבען מיט שאפירא׳ן און זיינע אנהענגער; מ׳האט איהם מיט מסירות פארפאלגט, בעשולדיגט איהם אין וואס איהר ווילט: אז ער מאכט פאלשע געלד; אז ער איז א פריי־מויערער, אז ער האט געמאכט א חברה קאמוניסטען. מ׳האט געמאכט איהם און די זייניגע פאגראמען; ווייבער האבען אויף איהם שטיינער געשליידערט; האבען איהם מיט בלאטע פארווארפען און געשריען ווי מ׳שרייט אויף א משומד: „קוגעל!“ „קוגעל!“ בעצאהל פאר׳ן „קוגעל!“

און אז דאזיג באדנער, איינער פון זיינע טרייע אנהענגער, — א איד אויף איין אויג, אבער — א גבור, האט זיך אמאל

זיי:ע. מ'האט איהם געוואלט געבען דעם טיטעל, האט ער ניט געוואלט נעהמען. פונקט ווי ער האט ניט געוואלט נעהמען דעם טיטעל „רב", אזוי לאנג, ווי ער האט געהאט פון וואנען צו לע־בען אהן רבנות. ווארום פונקט ווי ער האט פריהער געלערנט תורה „לשמה", ד. ה. פון דער תורה וועגען, אזוי האט ער שפעטער געשטודירט אין די אוניווערזיטעטען „לשמה" פון דער חכמה וועגען.

די רבנות גופא האט ער נאר פארשטאנען אויף א מאדערנעם אופן. ניט זיצען טאג און נאכט נאר איבער דער גמרא; ניט פלפולען זיך איבער א פינטעל פון אן אות מיט די לומדים און שענע באלעבאטים, נאר זיין א לעהרער פאר'ן פאלק, פאר'ן ארימען, פשוט'ען פאלק

אט אזוי צ. ב. האט ער אלע שבת געלערנט מיט בעלי מלאכות — זומער — פרק, אין ווינטער די סדרה און „רמב"ם"; האט געעפענט א נייעם סארט חדר, א ליכטיגען און א ריינעם, מיט בענק, ווי אין א שולע, וואו מ'האט געלערנט די ארימע קינדער, איבערהויפט פון די בעלי מלאכות, אי יודישע, אי אל־געמיינע למודים. האט ארגאניזירט די האנדווערקער אין א פער־איין „יד חרוצים" מיט א פאלקאם מאדערנער, אייראפעאישער, פון דער רעגירונג בעשטעטיגטער קאנסטיטוציע, לויט זעהר א ברייטער פראגראם פון זעלבסטהילף און זעלבסטבילדונג. דאס איז געוועזן די ערשטע יודישע ארבייטער־ארגאניזאציע אין דער וועלט, געבויט אויף קולטורעלע יסודות, אין גייסט פון דער נייער צייט. ער האט געגרינדעט א קאאפעראטיווען באנק פאר בעלי מלאכות — די ערשטע יודישע קרעדיט־געזעלשאפט פון פאלק און פאר'ן פאלק. ער האט אין דער צייט פון וואהלען אין רייכסטאג און לאנדטאג אגיטירט פאר א פערבינדונג ניט מיט די פוילישע פריצים, נאר מיט'ן פאלק, מיט די רוטענישע פויערן. ער האט יודישע יונגע לייט, וואס האבען זיך גענומען צו השכלה, ניט בלויז ניט פעריאגט, נאר שטארק צוגעצויגען צו זיך, געגעבען זיי ביכלאך פון די נייע, פון די „אפיקורסישע", אפילו גוי'אישע ביכער זיי געליהען און געלערנט, און עצות גע־געבען זיי און קשיות זיי פארענטפערט סאי אין גמרא, אין

שען, האט ענטוויקעלט אזא פיעלזייטיגע ערציהונגס־טעטיגקייט, אזא מעכטיגען איינפלוס אויף די פערשיידענסטע מענשען, אז איהר בלייבט שטעהן פערוואונדערט, ווי נאר איהר ווערט אבי־סעל בעקאנט מיט זיין לעבען און ווירקען.

ר׳ ישעיה מאיר שאפירא איז געקומען אין טשארטקאוו מיט א 70 יאהר צוריק, געקומען פון מעמעל, אין פרייסען, ביי דער רוסישער גרענעץ. ער איז געקומען מיט 2 יאהר פריהער, איידער ר׳ דוד משה׳עניו, דער אלטער טשארטקאווער רבי האט זיך דארט בעזעצט. ער האט געהאט הסכמה פונ׳ם לעמבערגער רב, ר׳ יוסף שאול נאטאנזאן. טשארטקאווער רבנות איז געווען איינע פון די גרעסטע אין גאליציען. ר׳ ישעיה מאיר שאפירא האט שטארק אויסגענומען און איז בעשטימט געווארען פאר קרייז־ראבינער.

נאר אין א קורצע צייט ארום האבען טשארטקאווער יודען גענומען קוקען קרום אויף זייער רב. עפעס האט ער זיך געהאל־טען ווייט פון די נגידים און לומדים. אנשטאט דעם האט ער מקרב געווען יונגע לייט, האט זיך גע׳עוסק׳ט עפעס מיט דעם המון. אז א בעל מלאכה איז אריין צו איהם, פלעגט ער איהם אונטערטראגען א שטוהל און בעטען זיך זעצען — אזא זאך, וואס קיין רב האט עס נאך נים געטאן.

אין גיכען האבען טשארטקאווער אידען זיך דערוואוסט נאך גרעסערע „הטאים" אויף זייער רב. ערשטענס איז ער „גאר נים קיין כשר׳ער רבי. ד. ה. ש"ס און „פוסקים" און נאך אלע רבנישע זאכען האט ער, אמת, געקענט נים ערגער פאר׳ן גרעס־טען רב, נאר, א חוץ די ישיבות, האט ער געלערנט אין די אוני־ווערזיטעטען, אין בערלין און אין ברעסלאו; איז געווען א חבר מיט אזעלכע אפיקורסים, ווי דער היסטאריקער גרעץ, דער וויע־נער ראבינער דר. יעלינעק, און פראנקעל*). אמת, קיין „דאק־טאר" איז ער נים געווען אזוי ווי זיי, די אפיקורסים, די חברים

*) דר. לודוויג אויגוסט פראנקעל, בעריהמטער עסטרייכישער יודישער דיכטער און גרעסטער קעמפפער פאר דער עמאנסיפאציע פון די עסטרייכער יודען.

# „הלל הזקן" פון גאליציען.

אויסער רבי יצחק בער לעווינזאָן, דעם פאָטער פון דער השכלה, האָט יענע מערקווירדיגע עפּאָכע פון דער יודישער גייסטיגער ערוואכונג אין אַנהויב און אין מיטען פונ'ם פאַרי־גען יאהרהונדערט, ניט געהאט קיין שענערע, קיין העכערע, קיין רייכערע פּערזענליכקייט, ווי עס איז געווען דער טשאָרט־קאָווער רב רבי ישעיה מאיר שאפּירא. דאָס איז געווען ניט בלויז דער „הלל" פון גאליציען, דאָס איז פּילייכט געווען דער צווייטער „הלל", וואָס דאָס יודענטהום פערמאָגט פאַר דער גאַנצער צייט פון אונזער געשיכטע. דער קומענדיגער יודישער היסטאָריקער, וואָס וועט זיין מעהר ווי א דאָקטאָר פילאָזאָף, וואָס וועט האָבען אן אנדער מאָס צו מעסטען די גרויס פון א פאָלקסהעלד, וועט אַט די פארגעסענע העלדען אונזערע געבען דעם פּלאַץ, וואָס זיי פערדינען, און ניט איין דור וועט זיך בעגייסטערן פון זייער שטילער לעבענסגעשיכטע פול מיט ליעבע און זעלבסט־אויפאָפּפערונג פאַר דאָס גליק פונ'ם פאָלק.

ר' ישעיה מאיר שאפּירא האָט ניט געהאט אזא ברייטען ווירקונגס־קרייז, ווי ר' יצחק בער לעווינזאָן, ווי א הערצל. דאָס איז געווען א שטילע נאַטור, וואָס האָט זיך בענוגענט מיט א קלענערען קרייז, מיט דעם קרייז בלויז פון זיין שטעדטעל. נאָר אין אַט דעם קרייז האָט ער ארויסגעוויזען אזא טיעפקייט און רייבקייט פון נאַטור, האָט נעלאָזען אזעלכע טיעפע שפּורען אין די נשמות, אין די הערצער פון מענשען, פון גאַנצע דורות מענ־

בעצאהלען אלע יאהר א גילדען. קיין בעל מלאכה טאר ניט געהן אפריהער צו די „ערלים“; טאר ניט זעצען זיך ארבייטען ביז ער קומט ניט דורך מיט חברה. קיין שום בחור טאר פאר דער חתונה ניט ארבייטען פאר זיך. אז א שניידער וויל ווערן א קירזשנער, אדער פארקעהרט, מוז ער פריהער דורכקומען מיט חברה.

ווען צוויי בעלי־מלאכות האבען צווישען זיך א שטרייט דארפען זיי זיך פריהער ווענדען צום גבאי און נאמן. אויב איי־נער פארלאנגט, מוז דער גבאי־חודש צונויפרופען א פערזאמ־לונג פון גאנץ חברה. מיט זייער געשריבענעם פסק געהט דער מאהנער וואס געווינט, צום רב און פרנס־חודש פון שטאדט. און ווי זיי הייסען, אזוי דארף זיין.

ניט קוקענדיג דערויף, וואס די גבאים פון דער חברה האבען ניט געהאט קיין פאליציי און זשאנדארמען, איז דאך געווען זייער מאכט גרוים אויף די חברה־לייט. בע־שטראפען פלעגט מען מיט: ניט אויפרופען צו דער תורה, פארבאטען האלטען אן ארבייטער. פארלענגערן די צייט פון זיין א שמש. און — די שווערסטע שטראף איז געווען — אויס־שליסען פון חברה. דאס האט געהייסען אלץ איינס, ווי פער־משפט'ן צום הונגער־טויט. ווארום דער יעניגער בעל־מלאכה, וואס די חברה האט איהם ניט בעשיצט מיט איהר פליגעל האט שוין קיין ארבייט ניט געקענט בעקומען. דער בעשטראפטער האט אבער געקענט איבערבעטען חברה. און ווען ער האט נאך דערצו געמאכט א סעודה. אדער א האלבע סעודה (די אנדער העלפט האט געגעבען צו שטייער חברה אליין), איז איהם אלץ מוחל געווארען.

אט אזוי האבען זיך געפיהרט אונזערע עלטער־זיידעס — אידישע בעל־מלאכות אין גאליציען מיט א 150־200 יאהר צוריק.

יאהר טאר ער נים האלטען קיין ארבייטער, און אפילו, אז ער וועט וועלען איבערבעטען חברה, קען איינער פון חברה דאס נים דערלאזען.

א שניידער טאר ניט האלטען מעהר פון 3 ארבייטער און א לערניונג. — שטעהט אויף אן אנדער בלאט. אן ארבייטער טאר ניט געהען נעהמען ארבייט ביי א בעל הבית. נאר דער מייסטער אליין מוז געהן. אויך טאר קיין שום שניידער ניט דינגען קיין ארבייטער פון טאג, פון וואך, אדער פון חודש. סיי־דען אויף א פערטעל יאהר. אויך טאר ער ניט דינ־גען קיין ארבייטער פון שטיק. אויך טאר קיין שניי־דער נים אויסדינגען זיין חבר'ס ארבייט. ווען אפילו יענער האט נאר אנגעצייכענט מיט קרייד, אדער האט נאר געסטעמפעוועט די צייג. אויך טאר קיין שום שניידער ניט געהען בכלל צו א בעל הבית בעטען ארבייט. סיידען דער בעל הבית האט מיט איהם פריהער גערעדט. דער בעל מלאכה, וואס איז ניט נענים אין די דינים פון „שעטנז", דארף ער פרעגען אנדערע בעלי מלאכות.

דעם ערשטען יאהר נאך דער חתונה טאר א שניידער, אדער א קירזשנער ניט האלטען ניט קיין ארבייטער, ניט קיין לערניונג, דעם 2טען יאהר מעג ער האלטען א לערניונגעל; דעם 3טען יאהר אן ארבייטער.

מ'טאר ניט האלטען קיין שום ארבייטער אהן א געשריבע־נעם אבמאך ביים רב. א לערנ־יונגעל און אן ארבייטער מוז גע־בען פון יעדען נילדען איין גראשען אויף חברה. אז אן ארבייטער וויל אוועק פון א מייסטער איז ער מחויב צו ארבייטען איב־רינע פיער וואכען.

דער שמש מוז פאלגען דעם גבאי אויך אין שטוב (ביים גבאי). איז דער גבאי ניטא אין דער היים, דארף דער שמש פאל־גען זיין פארטרעטער.

אז א שניידער פאהרט אוועק אין אן אנדער שטאדט, אויף א צייט, נים מעהר ווי דריי יאהר, מעג ער דערנאך קומען צוריק און זיין א חברה־מאן ווי פריהער. קומט ער אבער שפעטער, מוז ער דורכקומען מיט חברה אויף דאס נייע ווי א פרעמדער.

אז א בעל מלאכה וויל נים זיין אין חברה, מוז ער דאך

אין פאל פון א קריג צווישען בעלי מלאכות דארפען דיביידע צדדים קומען מיט זייערע טענות צו די גבאים פון חברה. נאר אין גרעסערע זאכען דארפען זיי זיך ווענדען צום רב.

פון די געבראכטע תקנות איז קענטיג, אז אויף חתונה האָבען האָט א יוד אין יענע „גוטע צייטען" געדארפט האָבען עקסטרא ערלויבנים פון קייזער. א חוץ דעם האָט נאך א פרעמדער בעל מלאכה געהאט אויף זיך א ספעציעל יודישען שטייער פון 12 ביז 24 גילדען, און אז א ניי אנגעקומענער בעל מלאכה פון אן אנדער שטאָדט האָט געמוזט, א חוץ פארשיעדענע אָבצאָהלען און בעגרענצונגען אין זיין רעכט קענען היגע בעלי מלאכות, געהאט אויף זיך, אזוי צו זאגען, נאך א מין לייב־שטייער: ער האָט געמוזט זיין פון א יאָהר ביז דריי אומזיסט א שמש אין חברה'שער שול.

איבריגענס איז די חברה בעלי מלאכות געווען ניט אין גאנצען זעלבסטשטענדיג. אין דער פערוואלטונג, וואס איז בעשטאנען פון פינף פערזאָן, האָבען געמוזט אריין צוויי בעלי בתים...

די בעלי מלאכות האָבען בכלל געמוזט זיין אונטערטעניג צו די באלעבאָטים. קיין אייגענע שול האָבען זיי ניט געקענט האָבען. קהל האָט זיי פארדונגען די ווינקעל־שולכעל אין פאָליש פון דער גרויסער שול, אמת פאר ניט גאר קיין טייערע געצאָהלט: סך הכל — פאר צוויי גילדען (פוילישע גילדען; דאָס איז א 15 סענט). אבער מיט דעם בעדינג, „די בעלי מלאכות זאָלען „ניט האָבען קיין גרויסע מיילער" קענען די פיהרער פון דער קהילה און קענען דעם רב. און טאָמער עפענען זיי א מויל איז דער אָבמאך בטל און מבוטל. זיי דארפען זיך טראָגען ווייטער און ניט האָבען קיין שום טענות.

ווייטער געהט א גאנצע רייהע העכסט אינטערעסאנטע פארצייכנונגען, וועלכע איך גיב דאָ איבער אין קורצען.

א געוויסער בעל מלאכה — שטעהט פארשריבען אויפ'ן בלאט קכ"ג — האָט זיך גראָב אויסגעדריקט קענען די גבאים פון חברה. דערפאר האָט מען איהם באשטראָפט, ער זאָל זיין א שמש זעקס יאהר אנשטאָט דריי יאהר, און אין צייט פון דריי

א בתם הייסט עס, איז א „חתיכא דאסורה“. ס'הייסט א „שטיק אסור“ פאר יעדען מייסטער צו נעהמען אזא ארבייטער. און ווער עס וועט ניט פאָלגען וועט באשטראפט ווערען, לויט ווי חברה וועט באשליסען. אין יעדען פאל מוז ער (דער וואס „בונטעוועט“ זיך) אומגעהן לעדיג פיר וואכען. אז א היגער בעל הבית נעהמט צוריק אין שטוב אויף ארבייט א ניט היגען בעל מלאכה, דארף דער פרעמדער בעל מלאכה צאָהלען דער חברה צוויי גראשען פון יעדען גולדען וואס ער פערדינט. אז ניט — טאָר ער דאָ פאר קיין פאל ניט ארבייטען. פון די שבת'דיגע עליות טאָר מען „שלישי“, „ששי“, „אחרון“ און „מפטיר“ (ד. ה. די פעטערע עליות) ניט אבגעבען א פרעמדען, וואס בעלאנגט ניט צו חברה „פועלי צדק“.

„אז ס'קומט א שניידער פון אן אנדער שטאדט“ — שטעהט אין דער 36טע תקנה פון פנקס, — און זאגט: „דאָ וויל איך בלייבען, ווארום מיר געפעלט דאָ און ער געפינט חן אין די אויגען פון רב און אין די אויגען פון די פיהרער פון דער קהילה, טאָר דער דאָזיגער שניידער ניט ארוים מיט זיין נאָדעל צו טאָן זיין מלאכה, ביז ער וועט באצאָהלען אין דער קאסע פון אונזער חברה פינף (דער ווארט ניט לעזבאר), ניט ווייניגער א פרוטה און איז מחויב צו זיין א שמש ביי חברה דריי יאָהר נאכאנאנד און האָט ניט קיין רעכט אונטערצושרייבען זיך אויף די החלטות (בעשלוסען) פון חברה ביז ער וועט ניט מאכען קיין סעודה פאר דער גאנצער חברה.

זעהר אינטערעסאנט און כאראקטעריסטיש איז די 37טע תקנה פון פנקס: אז ס'וועט קומען פון אן אנדער שטאָדט א שניידער און וועלען נעהמען זיך א ווייב פון אונזערע שטאָדט־לייט, אויב ער האָט אז ערלויבנים פון אונזערע האר דעם קיסר ירום הודו, אז ער מעג חתונה האבען, איז דער דין אזוי: איז די כלה א טאָכטער פון אונזערע חברה־לייט דארף ער מעהר ניט געבען, ווי 12 גילדען פאר חברה און זיין א שמש אין שול. אויב די כלה איז אבער ניט פון אונזערע בעלי מלאכות, מוז ער צאָהלען 24 גילדען.

זאגט, כמעט אלע א רעליגיעזען כאראקטער. „ראשית חכמה" — זאגט דער פנקס — יראת ד'. — „דער אנהויב פון חכמה איז גאטס־פארכטיגקייט". מיט די דאזיגע ווערטער הויבט זיך טאקע אן דער בעל מלאכה'שער פנקס. די ערשטע איינפיהרונג איז צו דיענען גאט ביראה ובגילה, וברעדה" (מיט פארכטיגקייט, מיט פרייד און מיט ציטערנים). נאר ארייננקוקענדיג טיעפער אין די רעליגיעזע איינפיהרונגען זעהען מיר, אז זיי האבען כמעט אלע א סאציאלען און עקאנאמישען אונטערשלאג. אפילו די ריין־רעלי־גיעזע תקנות האבען א שטרעבונג צו פארגלייכען זיך מיט די באלעבאטים, הויבן דעם גייסטיגען צושטאנד פון די בעלי מלאכות.

איין פונקט, א שטויגער, פארבאט יעדען בעל מלאכה צו טאן אן ארבייט איידער ער האט אבגעדאווענט אין שול, אדער אין א מנין. אין ווערקשטאט טאר מען ניט אנהויבען צו אר־בייטען ביז דער עולם געהט פון שול. דאסגלייכען מוז מען אוועקלעגען די ארבייט מנחה־צייט; „ווי נאר עם הערט זיך דער קלאפ פונ'ם שמש' האמער אויף די טירען, — זאגט דער פנקס — „זענען מיר מחויב לאזען די ארבייט און אוועקגעהן אין שול".

א צווייטער פונקט פארבאט צו ארבייטען ראש־חודש ביז האלבען טאג. א דריטער פארבאט, אונטער א שטראף פון זיי־בען גילדען אויפ'ן שול, צו ארבייטען חול המועד דעם גאנצען טאג, ערב שבת און ערב יום טוב נאך האלבען טאג. א גאנצע רייהע פונקטען האבען דעם צוועק צו פארטיידיגען די אינטע־רעסען פון דעם... בעל הבית קענען דעם ארבייטער; און פון דעם הינגען בעל מלאכה קענען דעם פרעמדען, אריינגעפאהרענעם.

„א בחור, אן ארבייטער, טאר ביז דער חתונה ניט ארביי־טען פאר זיך," — פארזאגט ווייטער א תקנה פון פנקס. יונגע ארבייטער דארפען צאהלען אין קאסע פון חברה 2 גראשען פון יערען גילדען, וואס זיי פארדינען; דער וואס פארדינגט זיך אויף א יאהר צאהלט מעהר ניט ווי א גראשען פון גילדען, אויב זיי ארבייטען פון שטיק. יעדער ארבייטער וואס געהט אוועק פון בעל הבית אין מיטען יאהר, צוליעב א וועלכע עס איז „מרידה",

אוועקגעוואַרפען אַלע זייערע געשעפטען און מלאכה אויף אַ האַלב יאָהר צייט און האָבען זיך געשטעלט פאַר דער שררה ירום הודו, טאָג און נאַכט ניט גערוהט, געלאָזט זיך קאָסטען אַ סך געלד פון זייער אייגענער קעשענע... ביז 200 גולדען; האָבען זיך מיט זיי גע'משפט און איינגעשטעלט זייער לעבען אין געפאַהר... און דער אויבערשטער איז געוועזען צוהילף — זיי די גויים, האָ־בען ניט געקענט אויספיהרען זייער פּלאַן. און ניט בלויז זיי האָבען ניט געקענט בטל מאַכען אונזער „פּריוויליי (ליסטע)" נאָר פאַרקעהרט: די פאַרשטעהער פון אונזער חברה האָבען אויסגעווירקט אַבצושאַפען אפילו דעם פריהערדיגען אַבצאָהל. וואָס מ'פלעגט דאַרפען זיי געבען אַלע פערטעל יאָהר אַ גילדען און זיי (די ערלים) פלעגען מאַכען מיט אַ כיוון פינף, אָדער זעקס פערטעל אין יאָהר און פלעגען אויסצאַפען מעהר, וויפיעל עס קומט. איצט דאַרף צאָהלען ניט יעדער איינצעלנער בעל מלאכה, נאָר די גאַנצע חברה אונזערע ניט מעהר, ווי דריי... (דער וואָרט ווייטער איז אונפאַרשטענדליך) אַ יאָהר. און נאָך זאַכען האָבען אונזערע פאַרשטעהער אויסגעפיהרט. דאָס אַלץ איז פאַרשריבען אויף אַ פּאַפּיר מיט חער אונטערשריפט פון „קי"רה" (קייזער) אליין.

...איצט, אונזערע ליעבע חברה־לייט, — פיהרט אויס דער פנקס מיט גרויס בעגייסטערונג, — שטעלט זיך און קוקט אַן אַט דעם גרויסען וואונדער — אַט די פּאַפּיר, וואָס איז פאַרשרי־בען פון ביידע זייטען, און זעהט דעם גרויסען נס, וואָס „השם יתברך" האָט מיט אונז געטאָן: ווי די האַנד פון די גויים איז אויף אונז געהויבען געוועזען און איצט האָט זיי דער אויבערשטער גענידערט אונטער אונזערע פיס... אז ער, דער קייזער, האָט זיי ניט ערלויבט צו האָבען אפילו אַ סטאַראָסטאַ פאַר זייער איי־גענעם צעך אָהן אונזער צושטימונג און זיי מוזען אונז אָב־געבען רעכנונג ניט בלויז פון די געלד, וואָס זיי נעהמען ביי אונז, נאָר אפילו פון די סומען, וואָס זיי קלייבען אויף פון זיך אליין. (פאַרשריבען: ערב ראש חודש תמוז, תקמ"א, ד. ה. 1781).

די „תקנות" פון בעלי־מלאכה'שען פנקס האָבען, ווי גע־

שטעהן פאר זיי אחן א היטעל, ביז א יודען איז פשוט דער לע־בען נמאס געווארען.

און דעריבער — שרייבט דער פנקס — האבען אונזערע אלופים הראשים, די פארשטעהער פון אונזער חברה „פועלי צדק" „אנגעגורט זייערע לענדען" און מיט דער הילף פון דעם אויבערשטען און דער הילף פון די „אלופים, עלטסטע, פיהרער, הארען און קצינים פון אונזער קהילה, האבען זיי „אויסגעגעבען עטליכע הונדערט גילדען" און האבען „פארשפרייט אונזערע הענד מיט זיי פאר'ן שר ירום הודו" און האבען בטל געמאכט זייער (ד. ה. דעם גוי'עשען צעך'ס) בייזען מנהג, און האבען אויסגעפיהרט, אז דער יודישער בעל מלאכה זאל צאהלען דעם צעך נים מעהר, ווי זעקס גילדען פאראוים און צוויי גילדען אלע יאהר.

א סך אינטערעסאנטער נאך איז די צווייטע בעשרייבונג אונ־טער דעם טיטעל: „ד' הפיר עצת גויים" — (גאט האט פאר־שטערט די עצה פון די גויים).

„באשר נאך די אלע תחבולות — זאגט דער „פנקס" — וואס מיר האבען אנגענומען צום נוצען פון אונזער חברה, האַ־בען די ערלים פון צעך דאך געעפענט די מיילער און געזוכט מיט אלע מיטלען צו דריקען א יודען אזוי ווי פריהער. פלעגען, א שטייגער, דערהיטען די צייט ווען דער ארימער יודישער בעל מלאכה איז שטארק נעענגט און מאטערט זיך קלערענדיג: וואו צו נעהמען א שטיקעל ברויט פאר זיך און זיין געזינד, בעזונדערס — פאר א שבת, א יום טוב. גראד אין אט דער צייט פלעגען זיך די ערלים אויפריידען און אריינרייסען זיך זאלבעפיגפט, אדער זאלבעזעקסט צום יודען אין שטוב, נעהמען אויף איהם שרייען, גוואלדעווען, אז דער ארימאן פלעגט א פארציטערטער ווערען פון זייערע געשרייען און זיי פלעגען אוועקכאפען און צורויבען אלץ, וואס זיי האבען געפונען, באזונדערס — די געצייג, כדי ער זאל זיך ניט קענען מפרנס זיין. דערצו האבען מיר געזעהן, אז זיי קלייבען זיך פאהרען און אויסטארען זיך מבטל צו מאכען אונזער „כתב־חירות" (פריווילעגיע, פרייהייטס־פאפיר)... האט זיך אונזער חברה דערוועקט, ניט גערוהט און ניט געראסט...

מ׳דארף אבער ניט קלערען, אז אונזערע עלטער־זיידעס זענען חלילה געווען אזעלכע זולל־וסובא׳ניקעס, דאס זענען, גאר פשוט, געווען, צום גרעסטען טייל, פארהונגערטע נפשות, און א בעסערען ביסען האט מען זיך געקענט ערלויבען נאר פון יום טוב צו יום טוב, אדער אויף א חברה׳שע שמחה. אין עיקר אבער האט די „חברה" געהאט דעם צוועק צו בעפריעדיגען העכערע גייסטיגע און סאציאלע בעדערפעניסען, וואס האבען זיך, נאטירליך, רעמאלט געקענט אויסדריקען נאר אין „עליות", „נבאות", לערנען א פרשה חומש, זאגען צוזאמען תהלים, לערנען משניות א. ד. ג. און ידי סעודה גופא אפילו האט בעפריעדיגט די בעדערפנים אין א געזעלשאפטליכער פערוויילונג.

נאר ניט זעלטען אבער האט ידי „חברה" אויך געהאט צו ענטפערן אויף עקאנאמישע פראגען, פיהרען א קלאסענקאמפף געגען די איבערהערשאפט פון די באלעבאטים און גבירים און אפט אויך, צוזאמען מיט זיי, מיט די אויבערשטע קלאסען, העלפען שלעפען, מיט געמיינזאמע קרעפטען, דעם שווערען יודישען וגעגעל.

מיר עפענען דעם „פנקס" און געפינען שוין אויף דעם ערשטען בלאט פארצייכענט א וויכטיגע געשעהענים. דער בלאט האט א טיטעל, געשריבען מיט „כתיבעטע", געצאצקעטע אותיות, אויף לשון קודש:

„למען ידעו דור אחרון ויספר לבניהם", (זאל דאס וויסען דער קומענדיגער דור און זאל דערצעהלען זיינע קינדער).

„באשר ס׳איז געוגען אז אלטער מנהג", — דערצעהלט דער פנקס, — „אז ווען א יודישער בעל מלאכה, א שניידער, צי א קירזשנער, האט זיך געוואלט בעזעצען אין דער קהילה, האט ער ניט געטארט טאן קיין שום מלאכה, וואו ער איז ניט דורכגעקומען מיט׳ן גוי׳עשען צעך. ד. ה. ער האט פריהער פון אלץ געמוזט געבען וויפיעל זיי האבען פערלאנגט (וואס געבען? איז ניט קלאר: די ווערטער זענען שווער איבערצולעזען) און דערצו א ליטער יי"ש (שנאפס) פון בעסטען סארט און א פעסעל ביר און מעד, וויפיעל זיי האבען געהייסען, אויך וואקס כמה פונט אין זייער קלויסטער. דערצו פלעגען זיי נויטען א יודען

# דאס יודישע ארבייטער־לעבען און גאליציען מיט 150־200 יאהר צוריק.

(לויט אַן אַלטען טשאָרטקאָווער פנקס).

בשעת איך בין געווען אין גאליציען, ערב דער מלחמה, איז מיר געראָטען צו בעקומען אן אלטען פנקס עקסטרא פון „בעלי מלאכות". דאָס איז פיליכט דער איינציגער ארבייטער־פנקס אין דער וועלט. ער האָט זיך דערהאלטען זעהר גוט. עס איז מיר שווער אנגעקומען, אבער איך האָב דאָך געהאט די מעגליכ־קייט איהם דורכצוקוקען און פארצייכענען א גאנצע רייהע אינ־טערעסאנטע זאכען, וואָס שילדערען די פריידען און ליידען פון יודישען ארבייטער־לעבען אין גאליציען מיט קנאפע צוויי הונ־דערט יאהר צוריק.

דער „פנקס" ווייזט, אז אין טשאָרטקאָוו, און וואהרשיינ־ליך אויך אין אנדערע שטעדט פון גאליציען, זענען די בעלי מלאכות געווען אָרגאניזירט שוין מיט א פּאָר הונדערט יאָהר צוריק. די אָרגאניזאציע, ווי אויך די קאָנסטיטוציע זייערע האָ־בען אבער געטראָגען מעהר א רעליגיעזען כאראקטער. זעהר א וויכטיגען טייל, האָט, פונקט ווי אין די באלעבאטישע חברות, פארנומען די „סעודה", וואָס יעדער מיטגליעדער האָט גע־מוזט מאכען פאר חברה־לייט, אריינגעהענדיג אין חברה, אדער אלס שטראָף, ווען ער האָט זיך געגען איהר פארזינדיגט. „סעודה" ווערט דערמאָהנט 20 מאָל אויף יעדען בלאט, ביי יע־דער געלעגענהייט.

# יודישע הלוואות ביי פריצים.

איצט האַלטען יודישע וואַכערניקעס געלד ביי פּריצים. אַמאָל איז אין גאַליציען געווען פאַרקעהרט: יודען האָבען געלד אויף האַנדעל און צאָהלען שטייער וועניג געהאַט. פלעגען זיי לייהען ביי פּריצים, אויף צעהן פּראָצענט יעהרליך. אחוץ פּראָצענט האָט מען נאָך געדאַרפט געבען דעם פּריץ אַ מתנה. אַזוי איז געווען דער מנהג.

אַ פּאָר אַזוינע הלוואות זענען פערשריבען „אין טשאַרט־קאָווער פנקס. אויף דעם בלאַט, קצ״ז (197) צווייטע זייט.

„פון זייער יום טוב שימאַנאַ־יודאַ, ת״קך (1760), — אַזוי שטעהט פאַרשריבען אין פנקס — איז די קהילה שולדיג דער פּריצטע וויישניאַוואָסקאַ סך פיער טויזענד גילדען אויף צעהן פּראָצענט, מיט דעם אויפ׳ן, אַז ווען מען שיקט איהר אָב דעם פּראָצענט 400 גילדען אין הויף אריין, שיקט מען אויך צוויי פּוד פרישע חלב און אויך אַ הוט צוקער.

אין זעלבען פנקס, אונטער דער דאַטע תק״יב (1752) איז פאַרשריבען אַ צווייטע הלוואה אויך פון אַ פּריצטע, פּאַני אַמאַ־טשינסקאַ פונ׳ם דאָרף אַלושטשינסקי אויף 2300 רובל אויף אויף צעהן פּראָצענט מיט אַ צוגאָב פון אַ יעהרליכער מתנה: 8 פונט פעפער, 2 פונט ראָזינקעס, אַ לויט נעגעלאַך, אַ לויט זאַפרען, אַ לויט ציטרינג, אַ פונט טאַבאַק און אַ פּוד חלב.

גראָבען זיי א לעבעדיגען נפש. עס בלייבט נאָר א פראגע: צי האָט דאָ קהל ניט אָבגעטאָן א שפּיצעל מיט די ווייבער און די גאַנצע מעשה אז די טויטע האָט זיך דערשראָקען פאר'ן מעסער און געהאט דאָס קינד „אליין“ ניט אויסגעטראכט, כדאי איינ־צושטילען די „רעוואָלוציע“ און עס זאָל זיינען דער דין?...

און דערנאך איז ביי אונז געווען א קלער: וואס זאל מען טאן? ווארום דער מנהג איז צו בעגראבען דאס קינד לעבען איהר. און אין שולחן ערוך, אורח חיים, סימן תקכ"ו, סעיף יוד, שטעהט, אז ס'איז אסור מקבר צו זיין א אונצייטיג קינד אום יום טוב, אויך דארף מען איהם מל זיין, און אום יום טוב איז דאס אסור צו טאן, איז ביי אונז געבליבען, מקבר צו זיין די ווייבעל באלד, ווארום דאס איז דאך דער דריטער טאג נאך איהר פטירה. אבער נים צו דעקען דעם קבר ביז נאכט. נאר צוויי מענשען זאלען בלייבעןביין קבר ביז נאכט, און ביי נאכט וועט מען מקבר זיין לעבען איהר דאס קינד נאך דעם, ווי ס'וועט זיין גע'מל'ט.

אזוי איז געטאן געווארען היינט מוצאי יום טוב שבועות און די אשה איז געווען די ווייב פון מרדכי ברבי איציק קא־לאמבושניק.

צום סוף פון דער דאזיגער „מעשה נורא" שטעהט אין פנקס אזא אנמערקונג:

דורכגעלאזען צו פערשרייבען, אז דעם ערשטען מאל, ווען מיר האבען צו איהר געשיקט מענשען, האבען מיר געהייסען אריינשושקען איהר אין אויער א פאר מאל דעם פסוק: וירדו כל עבדיך אלי אלה והשתחוו לי לאמר צא אתה וכל העם אשר ברגליך, ואחרי כן אצא. מיט די שמות. וואס געהען ארוים פון דעם דאזיגען פסוק, אזוי ווי עס שטעהט געשריבען אין ספר „זבח פסח" פון דעם זשאלקאווער מגיד. פארשריבען געווארען דורך יצחק ריזין צווייג קרייז־רב אין טשארטקאוו.

פון דער דאזיגער מעשה איז צו זעהן, אז דער געזונטער, נאטירליכער געפיהל פונ'ם פאלק איז אפילו דעמאלט, מיט 90 יאהר צוריק, געווען שטארקער פאר'ן טרוקענעם דין. די ווייבער האבען, ווי עס שיינט, געמאכט א רעוואלוציע געגען קהל און בית דין. געגען זייער ווילען און געגען דין האבען די באבעס אליין אראבגעבראכט א רופא און באשלאסען ארוים־צונעמען ביי דער פרוי דאס קינד, מורא האבענדיג טאמער בע־

פּאַטיק, וואָס איז נאָהענט פון אונז, איז געגאַנגען אַ ווייבעל טובל זיין זיך אין טייך און האָט געבעטען אַן אַנדער ווייבעל, אויך אַ מעוברת'ע זי זאָל גען מיט איהר, שטעהן דערביי, ווען זי וועט זיך טובל זיין, און אַכטונג געבען צו די טבילה איז ווי דער דין הייסט... זענען זיי ביידע דערטרונקען געוואָרען אין טייך, און געשטאָרבען. האָט מען געפיהרט איין ווייבעל אין ראַדלאָוויץ מקבר צו זיין דאָרט, און די צווייטע האָט מען גע־בראַכט דעם ערשטען טאָג שבועות אהער (אין טשאַרטקאָוו), צו ברייגנגען אהער צו דער קבורה, פאַר האַלבען טאָג. נאָך האַל־בען טאָג האָבען מיר אויפגעקליבען אַן אסיפה פון צעהן מענ־שען און האָבען צו איהר געשיקט, אַטזאָגען איהר אין דעם נאָ־מען פון די צעהן, אַז זי זאָל האָבען דאָס קינד. האָט זי ניט געהאַט. האָבען מיר דעם אַנדער טאָג שבועות, דעם דריטען טאָג נאָך איהר פּטירה, געשיקט צו איהר פון בית דין צעהן מענשען און כאָטש דער דין איז אין שולחן ערוך, אורח חיים, סימן תקצ'ח (פּונקט 598), אַז מ'טאָר ניט טראָגען קיין שופר אום יום טוב, האָבען מיר פון דעסטוועגען מתיר געמאַכט די צוויי מענשען, אַז זיי מעגען טראָגען אהין די שופרות, כדי צו וואַרפען אויף איהר אַ מורא. און דאָס איז נויטיג געווען. אויך האָט מען איהר שטרענג אָנגעזאָגט, אַז זי מוז געווינען דאָס קינד. פון דעסטוועגען האָט זי ניט געוואונען. איז ביי אונז געבליבען, אַז מ'זאָל איהר מקבר זיין אַזוי און ניט עפענען איהר בויך. אַזוי ווי עס שטעהט אין די „שאלות ותשובות" פון דעם ספר „שמן רוקח", סימן י'ג אויך אין קורצען „מעבור יבוק" אינ'ם נאָמען פונ'ם גאון ישעיה בערלין, אב"ד דק"ק ברעסלאַ.

נאָר די ווייבער האָבען גענומען זעהר שרייען, מ'זאָל איהר אַזוי ניט בעגראָבען מיט איהר קינד. נאָר מתיר מאַכען זיי שי־קען נאָך אַ רופא, ער זאָל אויפשניידען דער מוטער'ס בויך. האָבען מיר ניט געוואָלט מתיר מאַכען זיי. האָבען די „באָבעס" אַליין געשיקט נאָך אַ רופא. ווי דער רופא איז געקומען אהין איז שטוב, וואו זי (די טויטע) איז געלעגען, און האָט אַוועק־געלעגט דעם מעסער אויפ'ן טיש, האָט זי באַלד, אויפ'ן שטעל געהאַט אַליין פון זיך אַ אינגעל.

# א רעוואלוציע פון טויטע און לעבעדיגע ווייבער נעגען קהל.

וואס טוט מען, אז עס שטארבט א שוואנגערע פרוי?
היינט פאלמעסט מען זי און מען נעהמט ארויס דאס קינד.
ביי אמאליגע יודען איז פאלמעסען געווען א גרויסער בזיון פאר דעם געשטארבענעם.

האט קהל געהאט אן אנדער מיטעל: מ'פלעגט שיקען צו דער געשטארבענער פון בית־דין א מנין יודען מיט א שופר אין האנד, אז זיי זאלען פאר איהר בלאזען און שטרענג איהר מתרה זיין, אז זי זאל האבען דאס קינד.

האט די טויטע געפאלגט?

איינע האט געפאלגט און צוויי נים.

אט, וואס וועגען דעם איז פארשריבען אין טשארטקאווער פנקס אויפ'ן בלאט נ"א (51):

זאלען דאס וויסען די קומענדיגע דורות. „נאך פסח" תקפ'א (1821) איז נפטר געווארען איין פרוי, א שוואנגערע, פרייטאג אין דער פריה, האבען מיר געשיקט אנזאגען איהר פון בית דין, מיט א מנין יודען, מיט א התראה און אן אזהרה, אז זי זאל האבען דאס קינד. און אין דעמזעלבען טאג האט זי געהאט דאס קינד.

נאך א מעשה נורא.

זונטאג, ערב שבועות, תקס'ה. (1805). אין דארף בילא־

דער נאָמען בעלאַנגט צו די געהויבענע אין שטעטל, צו אַ משפּחה, פון וועלכער עס זענען אַמאָל אַרויס רבנים און לומדים.

פון אַט דער משפּחה איז אַמאָל געווען אַ רב אין שטעטל, אַ יאָהר 13—14 נאָך ר׳ הערשעלע׳ס טויט. דער רב האָט זיך גע׳שמד׳ט. נאָר ער האָט זיין גאַנצען לעבען פערלעבט אין טשאַרטקאָוו גופא. ער האָט געמוזט זיין אַ גלח, אָדער אַן אַנדער „כלי קודש" ביי דער קריסטליכער בעפעלקערונג. דאָס איז קענטיג דערפון, וואָס מ׳האָט איהם בעגראָבען אין קאָס־צעל, וואו מען בעגראָבט גלחים.

אַן אַנדער נוסח זאָגט, אַז דער רב, וואָס איז בעצייכענט מיט די ווערטער „עפּעס אַ מענש" האָט זיך ניט גע׳שמד׳ט, נאָר איז געוואָרען אַן „אפּיקורס". צו דער עלטער האָט ער מורא געהאָט, אַז „חברה קדישא" זאָל איהם ניט אָנטאָן קיין בזיונות נאָך זיין טויט, האָט ער זיך גע׳שמד׳ט און געבעטען מ׳זאָל איהם בעגראָבען אין קלויסטער, כדי יודען זאָלען צו זיין קבר ניט קענען צוקומען.

ביידע סברות זענען ניט ווייט פון׳ם אמת. מ׳דאַרף ווי־סען, אַז אין יענער צייט האָט די בעשעפטיגונג מיט קבלה אָנ־גענומען, צווישען לומדים, אַן עפּידעמישען כאַראַקטער. ווען פון איין זייט האָט דאָס גריבלען זיך אין „שמות" געקענט צו־ברעכען די נשמה פון אַ 15 יעהריגען אינגעל, איהם זאָל זיך דוכטען, אַז מ׳רופט איהם „אהין" אין דער ישיבה של מעלה... האָט פון דער אַנדערער זייט, געקענט אַנדערע צובראָכענע מוחות דיזעלבע קבלה פיהרען אין קלויסטער...

---

אַ רב, וואָס מ׳טאָר זיין נאָמען ניט דערמאָנען

## א רב, וואס מ'טאר זיין נאמען ניט דערמאהנען•

אין טשארטקאווער פנקס איז דא א ספעציעלע בלאט, וואו עס זענען פארשריבען די נעמען פון די רבנים, וואס זענען דארט געווען, ווען זיי זענען אנגעקומען און ווען זיי זענען נפטר געווארען.

אויפ'ן זעלבען בלאט, מיט איניגע שורות ווייטער פון דעם פלאץ, וואו עס שטעהט פארשריבען ר' הערשעלעס פטירה איז דא אזא שורה:

„שנת תקכ"ז ותקכ"ח היה פה איזה איש אשר לא נתן להזכר שמו כאן."

דאס הייסט: אין די יאהרען 1767 און 1768 איז דא גע־ווען „עפעס א מענש", וואס זיין נאמען איז ניט ערלויבט דא צו דערמאהנען.

עס איז דייטליך, אז דא האט עפעס פאסירט. אנשטאט דעם נאמען „רב" שטעהט „עפעס א מענש" און זיין נאמען איז פאר־באטען צו דערמאהנען.

איך האב זיך גענומען נאכפרעגען אין שטעדטעל. און עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז אין טשארטקאוו געהט אום אזא לעגענדע וועגען יענעם רב, וואס איז אויף אזא שטויגער פער־צייכענט אין פנקס.

אין פוילישען קאסצעל געפינט זיך, צווישען די איבריגע קריסטליכע קברים, א קבר, מיט א שענער מצבה דערויף, און אויף אט דער מצבה איז אן אויפשריפט מיט א יודישען נאמען.

---

1 • רב, וואס מ'טאר זיין נאמען ניט דערמאהנען

ר׳ הערשעלע האָט זיך פאַרטראַכט.

וואָס האָט ער געטראַכט? צו וועגן דעם, אַז דאָס שטראָפט איהם גאָט, וואָס ער האָט צו פריה זיין זוהן ערלויבט צו לערנען קבלה, אָט די שווערע, געהיימניספולע חכמה, וואָס די גאונים האָבען זי פערבאָטען צו לערנען פאַר 40 יאָהר; צו דעריבער, אַז דער דור איז ניט זוכה צו דער ליכטינקייט פון אַזאַ שטערן?... דאָס איז ניט בעוואוסט.

— נו,—האָט ער ווי אויפכאַפענדיג זיך פון זיין מחשבה, געמעלדעט דעם זוהן, — אַ ז מ׳ר ו פ ט, — ג ע ה ט מ ע ן...

ר׳ הערשעלע האָט געהייסען זיין זוהן צו גרייטען זיך, ווי געהעריג אין וועג אריין... ער האָט געהייסען דער ווייב געבען איהם און דעם זוהן ריינע וועש, אָנגרייטען זייף, אַ בעזים, און זיי זענען ביידע אוועק אין מרחץ. טאַטע און זוהן — ביידע זיך גוט אויסגעוואַשען, אין מקוה זיך טובל געווען, אהיים געקומען. האָט ער געהייסען דעם זוהן זיך אין בעט לעגען, ווידוי זאָגען. דערנאָך אריינגערופען דער מאַמען, זיך זעגענען מיט איהר קינד. דערנאָך...

דערנאָך האָט מען דעמזעלביגען טאָג — פרייטאָג איז דאָס געווען — דעם זוהן צו זיין אויביגער רוה געפיהרט, און דאָרט צוויי קברים אָנגעצייכענט: איינעם האָט מען פאַר׳ן זוהן געגראָבען און דעם צווייטען, האָרט נעבען דעם ערשטען, פאַר׳ן פאָטער בעשטימט.

ר׳ הערשעלע איז אוועק פון זיין ליבען זוהנ׳ס קבר רוהיג און געטרייסט. נאָר אויף אַ קורצע צייט האָט ער זיך מיט איהם, מיט׳ן איינגסטען, מיט׳ן ליבסטען זוהן געשיידט. באַלד, באַלד, די צייט איז ניט ווייט, ווען זיי וועלען צוזאַמען זיין און זיך קיין מאָל ניט שיידען...

האָרט נעבען איינאַנדער שטעהען ביידע שטיינער, דעם טאַטענ׳ס און דעם זוהנ׳ס, ווי זיי וואָלטען זיך טוליען איינע צו די אנדערע „הנאהבים והנעומים בחייהם ובמותם לא נפרדו“. די וואָס זענען אַזוי טריי און ליעב צוזאַמען אין לעבען געווען, זענען אויך דורכ׳ן טויט ניט געשיידט...

---

אז „מ׳רופט“ — „געהט“ מען...

צוויי זיהן האט ר׳ הערשעלע אויף דער וועלט געלאזען, וואס האבען אויף דער וועלט, ווי צוויי גרויסע, לייכטענדע שטערן געלויכטען: ר׳ שמעלקע פון ניקעלשבורג און ר׳ פנחס׳ל, „בעל הפלאה“, — גאונים, וואס האבען א וועלט אנגעריהרט. נאר ווען ער, ווען דער יונגסטער זוהן, וואלט לעבען מעהר, האט ער געהאט בכח, — אזוי זאגען חסידים — אראבצוברייינגען משיח׳ן.

נאר דער דור האט ניט זוכה געווען, איז ער פריה צוגע־נומען געווארען פון דעם עולם. „אויבען“ האט מען איהם גע־דארפט האבען...

אויף זיין קבר שטעהט אויסגעקריצט: „מת בנשיקה“. ער איז געשטארבען דורך א געטליכען קוש, „ונתבקש בישיבה של מעלה“ — און איז איינגעלאדען געווארען אין דער אויבער־שטער זיצונג...

און ארום דער דאזיגער רעטזעלהאפטער אויפשריפט האט זיך ביסלעכווייז ארומגעוועבט אזא לעגענדע:

פערטיעפענדיג זיך שטארק אין קבלה און עוסק׳ענדיג זיך מיט „צירופים“ (קאמבינאציעס) פון הייליגע שמות דורך גאנ־צע נעכט, האט ער פלוצלונג אנגעהויבען צו הערען ווי קולות, עפעס ווי אימיצער רופט איהם ביי זיין נאמען.*)

ער האט זיך נאך מעהר פערטיעפט אין קבלה און אין „שמות מצרף זיין“, נאך מעהר געוואכט דורך גאנצע נעכט. נאר יעדע נאכט האבען זיך אלץ דייטליכער די קולות געלאזט הערען.

דאן האט ער דערצעהלט זיין טאטען, רבי הערשעלען, אז „מ׳רופט איהם...“

---

*) אין א צושטאנד פון האלוצינאציעס, וואס קומט פון אי־בעראנשטרענגען דעם מוח מיט גייסטיגער ארבייט, הערט דער מענש שטימען און זעהט בילדער, וואס זענען אין דער ווירקליכקייט ניטא. דערפון שטאמט דער אבערגלויבען, אז „מען רופט“, דארף מען געהן.“ ד. ה. דער מענש דארף שטארבען.

# אז „מ'רופט" — „געהט" מען...

אויף ר' הערשעלעס קבר אין טשארטקאוו, אויפ'ן אלטען בית עולם, שטעהט א מצבה, פילייכט די שענסטע, די קינסטע־לערישטע, פון אלע יודישע מצבות אין דער וועלט. 150 יאהר איז די מצבה אלט, און די צווייגען און טרויבען, די זיילען און לולבים, די פויגלאך און הירשען און בלומען, קוקען פון דער מצבה פריש, ווי לעבעדיגע, ארונטער.

טשארטקאווער פרומע יודען זאגען, אז דאס איז ניט פשוט, ניט פון דער נאטור אזוי. אז דער רוח הקודש, וואס האט אין רבי הערשעלען געלעבט, שוועבט ארום זיין שטיין און לאזט איהם ניט אלט ווערן.

ר' הערשעלעס שטיין איז ארומגערינגעלט מיט א קראנץ פון אויך זעהר קינסטלעריש געקריצטע שטיינער פון זיינע צוועלף תלמידים, גרויסע גאונים, וואס בילדען מיט זייערע קברים, ווי א מין עהרענוואך ארום זייער געליבטען רבין.

נאך שענער פון אלע שטיינער, כמעט אזוי שען, ווי ר' הערשעלע'ס מצבה, איז דער שטיין, וואס שטעהט פעסט צוגע־טולעט צו זיין מצבה, רעכטס. דאס איז דער קבר פון זיין געליב־טעסטען אינגסטען זוהן, וואס איז געשטארבען אין דער בלי־הונגס־צייט פון זיין יוגענד, 15 יאהר איז ער ערשט אלט געווען.

און שוין האט מיט איהם געקלונגען די וועלט. שוין איז ער געווען א בן־בית אין אלע פערבארגענסטע און פערפלאנטער־סטע וועגעלאך און שטעגעלאך פון דער „קבלה", כמעט, ווי זיין טאטע.

איהם איז גאָר פון געדאַנק ארויס יענער „תוספות“, וואָס זאָגט טאקע בפירוש, אז די ווייבעל איז „כשר“... בכן האָט ער ריכ־טיג געפּסקענט, ווי דער דין...

פון דאַמאָלט אָן, — זאָגען די חסידים — איז רבי הערשעלע אליין געוואָרען א פייערדיגער חסיד דעם בעל שם'ס און ניט איין מאָל ווענען זיי איינער צום אנדערן „קפיצת הדרך“ געגאנ־גען און גאַנצע נעכט אין „נגלה“ און „נסתר“ פארבראַכט...

מקיים דעם דין פון דער הייליגער תורה: ובערת הרע מקרבך*)

און ר' הערשעלע הייסט דינגען א פוהר, טוט זיך אן אין זיין זופעצע און דעליע זעצט זיך אריין מיט זיין שטעקען און דעם שמש אין וואגען און לאזט זיך אויסראמען דאס בייז פון יודען, אויפזוכען אין טלוסט, אין די בערג, דעם נייעם „ירבעם בן נבט", דעם וואס פארפיהרט יודען צו דער „עבודה זרה" — און איבערגעבען איהם צום מלכות..."

געקומען אין טלוסט, אויפגעזוכט דעם „בעל שם'ס" שטי־בעל, ערגעץ, העט, אונטער שטעדטעל צווישען בערג און טאלען. אריינגעקומען.

זעהט ער, רבי הערשעל, ווי די שטיבעל איז ארומגעריג־געלט מיט ווייבער, און ער אליין „דער עבודה־זרה'ניק, דער „פארפיהרער" איז ניטא. זעצט ער זיך צו אויף דער פריזבע לעבען שטיבעל און ווארט.

זעהט ער, ווי עס ווייזט זיך פון דער ווייט א מענש, פון די בערג אראב, קומט נעהענטער, נעהענטער, אט איז ער שוין קענטיג אין גאנצען — א פראסטער ישובניק אין א קוצמע, איז א קורצען פעלץ, מיט א שטריק ארומגעבונדען. געהט צו צום שטיבעל, די אויגען אראבגערוקט צו דער ערד. די ווייבער רוקען זיך אב מיט גרויס פארכטיגקייט. אין זיין, אין ר' הער־שעלעס זייט, קוקט ער גאר ניט. דער נאך געהט ער פון שטיבעל ארויס, אלץ די אויגען צו דער ערד אראבגעלאזט. רופט אויס ווי צו זיך אליין: ביילע! דיין מאן איז דארטען! פאהר גלייך וועסטו איהם געפינען! רישע! דיין בהמה איז אין יענעם דארף! הענע! דיין פערד איז ביי יענעם גוי! און אז. וו.

אבגעפטר'ט די ווייבער, הויבט ער אויף די אויגען און זאגט: טשארטקאווער רבי, שלום! (ער האט איהם אויפ'ן לעבען ניט געזעהן), האט קיין צער ניט! „תוספות" האלט מיט אייך! אין יענעם דף, אין יענער שורה, זאגט בפירוש דער דין, אז די אשה איז מותר...

ר' הערשעלע איז געשמאנען פאר'ן „בעל שם" שטוינענדיג.

---

*) זאלסט אויסראמען דאס בייז פון דיר.

דער יורדענע, וואס ער האט איהר בייטאג געפסקענט „כשר" און קלאפען איהר אין די לאדען : „טרייף ! טרייף !"

אמאל, — דערצעהלען חסידים, איז צו רבי הערשעלען געקומען א ווייבעל מיט א „שאלת נשים". ער האט איהר „מתיר" געמאכט צו איהר מאן. אז זי איז אוועק, האט ער, ווי זיין שטייגער, גענומען צווייפלען, גריבלען זיך, און שרעקען זיך : טאמער האט ער א טעות געהאט, וועלען דאך איהרע קינדער זיין „ממזרים". ער האט אזוי לאנג געזוכט און געזיפט אין די ספרים, ביז ער האט געפונען...

עס איז שוין געווען שפעט נאך האלבע נאכט. ער האט אויף גיך אנגעטאן די זופעצע, גענומען דעם שטעקען, אויפגעוועקט דעם שמש מיט דער לאמטערנע און אוועק צו דער יורדענע, אין עק שטעדטעל, און געקלאפט איהר אין די לאדען :

— אסור !... אסור !...

אבער עס איז שוין געווען פארפאלען...

דעמאלט איז ר' הערשעלע אין „עצבות" אריינגעפאלען. ער האט גענומען „מפשפש במעשיו" זיין, זוכען אויף זיך חטאים : וואסערע זינד האבען גורם געווען, אז מ'ענטפלעקט איהם ניט פון הימעל באלד דעם אמת'ן דין, אז ער איז זיך נאכאנאנד טועה געווען און מאכט שטרויכלען יודישע קינדער...

איז ביי איהם געבליבען, אז „דאס" איז געווען אן עונש דערפאר, וואס ער מאכט ניט אויף זיינע אויגען אויף דעם וואס ס'טוט זיך ארום איהם. און ארום איהם טוען זיך, „רחמנא לצלן" גרויסע זינד.

אט, א שטייגער, עדר עם הארץ, דער פראסטאק, דער לעהמפיהרער... ר' גרשון קיטעווער'ס שוואגער וואס האט זיך בעזעצט דא, ארום טלוסט, ניט ווייט פון טשארטקאוו, אין די קארפאטען־בערג אבגעזונדערט פון מענשען, האט זיך געקרוינט מיט'ן נאמען „בעל שם", ניט זיך אויס פאר א „בעל מופת", פארפיהרט אן עדה יודען, איז א חוטא ומחטיא את הרבים... און ער, ער, דער רב, דער מנהג פון דער עדה, דער וועכטער פון יודישקייט, פון דער הייליגער תורה, קוקט און... שווייגט... איז ניט

משאַרטקאָוו איז פּוסט געווען אונטער דער ווירקונג פון דעם יודישען באַיקאָט. ער האָט אויך, ווי עס שיינט, דער־שטער איינגעפיהרט דעם פּנקס.

ר׳ הערשעל איז געווען אן אור־אור־אור־אייניקעל פון דעם בעריהמטען ר׳ ישעיה הלוי הורוויץ, אדער ווי ער האָט געהייסען פאַרקירצט, נאָך זיין ווערק — „שלה“ (די אָנפאַנגס־בוכשטאַ־בען פון דעם ספר „שני לוחות הברית„). דער שטאַמפאַטער פון אלע הורוויצעס וואָס זענען לוויים. ר׳ הערשעלע האָט שוין דאַמאָלס געטראָפען די פאַמיליע הורוויץ, אין דער צייט ווען פאַמיליעס זענען נאָך, כמעט, ניט איינגעפיהרט געווען ביי יו־דען. דאָס ווייזט, אז די דאָזיגע פאַמיליע האָט זיך גערעכענט, אלס איינע פון די גרעסטע יחוס־פאַמיליעס ביי יודען, וואָס האָט אין אַ משך פון אַ גאַנצע רייהע דורות ארויסגעגעבען אַ גאַנצע קייט פון רבנים און גרויסע מענשען.

נאָר ר׳ הערשעלעס גרויסקייט איז געווען געבויט דער עיקר אויף דעם גלויבען אין זיין פּערזענליכער הייליגקייט, אין דעם גלויבען, אז ער בעזיצט די קראַפט צו טאָן מופתים. וואָ־רום ר׳ הערשעלע איז געווען אַ „בעל קבלה“. איבערהויפּט האַל־טען פון איהם די חסידים. וואָרום ווי זיי ערקלערען אין זייערע ספרים, איז ער געווען איינער פון די ערשטע, פון די ווינציגע, וואָס זענען פון בעל שם׳ס פּערפאַלגער געוואָרען זיינע וואַרימע אַנהענגער. דערביי ווערט דערצעהלט אַ אינטערעסאַנטע מעשה, ווי אַזוי דאָס איז געשעהן.

ר׳ הערשעלע איז געווען אַ טיפּ פון די סאַמע שטרענגע, פאַרהאַרטעוועטע מתנגדישע רבנים, ביי וועלכע אַ פּאַסקעלע, אַ פּינטעלע פון אן אות אין דער תורה איז געווען טייערער פון אַ מענשענס לעבען. ער איז שטענדיג געווען אַ „מחמיר“, ד. ה. געפּסקענט וואָס שטרענגער, און אויב ער האָט אַמאָל עפּעס מתיר געמאַכט, האָט איהם געליאַקעט די הארץ, טאָמער האָט ער חלילה אַ טעות געהאַט אין דין. נאָך אזא פּסק, אז „מ׳מעג“, פלעגט ער ניט רוהען, ניט ראַסטען, ביז ער פלעגט ניט אויס־זוכען ערגעץ אַ „חומרא,“ — אַ דין אז „מ׳טאָר ניט“. דאַן פלעגט ער זיך ניט פוילען, כאָטש נאָך האַלבע נאַכט, געהן צו

געלימען. וועגען דעם איז פאַראַן אַן עקסטרא בלאַט אין טשאַרט־קאָווער פּנקס. „היות ווי אין דעם יאָהר ת"ח — שטעהט פאַר־שריבען אין „פּנקס" אין דעם 50טען בלאַט — צוליעב די גרוי־סע צרות און הריגות, וואָס זענען פאַרגעקומען אין אוקראַינאַ דורך „חמיל" ימח שמו, איז געוואָרען די גאַנצע אומגעגענד פון פּאַראַליען „חירום". (ד. ה. עס איז אַרויסגערופען געוואָ־רען אַ באַיקאַט אויף די שטעדט, אַז יודען טאָרען זיך דאָרטען ניט באַזעצען) איז טשאַרטקאָוו אויך אַריין אין דעם צעטעל פון די דאָזיגע שטעדט..." „דורך פאַלשע בלבולים און בייזקייט פון די פּריצים זענען אונשולדיג אומגעקומען דאָרט אַ סך מענ־שען. בכן האָבען די רבנים, די גאונים פון די פיער לענדער*) גוזר געווען, אַז קיין שום יוד זאָל דאָ (אין טשאַרטקאָוו) ניט וואוינען". ביז דעם יאָהר תס'ה (1705), ווען דער היגער שר (וואָיעוואָדא, מין גובערנאַטאָר) האָט געבעטען ביי יודען, אַז זיי זאָלען זיך דאָ ווידער בעזעצען, און ער וועט זיי געבען פּרייהייט („חירות" — אין פּנקס). דורך זיין השתדלות**) האָבען די רבנים אָראָבגענומען דעם „חרם" און ערלויבט יודען צו וואוינען דאָ..." „דעריבער איז דאָ ניט געווען קיין שום רב און אב'ד (אב בית דין) ביז דעם יאָהר ת'עז (1717)."

ר' הערשעל איז אַלזאָ געווען דאָ כמעט דער ערשטער רב. נאָך דעם האַלבען יאָהר־הונדערט (און מעהר) וואָס

---

*) דער בעריהמטער „ועד ארבע הארצות" — דער רבנישער פּאַרלאַמענט, וואָס האָט געהערשט אין 15טען און 16טען יאָהר־הונדערט, אין די פיער לענדער: פּוילען, ליטאַ, וואָהלין און רוי־סען (רוסלאַנד) און האָט געבילדעט אַ מין יודישע קולטורעלע רע־פּובליק.

**) דער דאָזיגער בלאַט איז אַ העכסט וויכטיגער דאָקומענט. ער ווייזט, אַז יודען זענען ניט געקומען אין פּוילען איינגעבעטע־נע. נאָר פאַרקעהרט: די פּריצים האָבען זיי איינגעלאַדען, אַלס בנוי־טיגען עלעמענט פאַר דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג פון זייער לאַנד, און האָבען זיי דעריבער גאַראַנטירט שריפטליך פאָלקאָמענע פּריווי־לעגיעס.

# מעשה'לעך פון טשאַרטקאָווער פּנקס.

## רבי הערשעלע און דער „בעל שם"

שוין איבער 160 יאָהר ווי רבי הערשעלע, טשאַרטקאָווער רב, איז טויט. אין טשאַרטקאָווער שטאָדטישען פּנקס האָב איך געפונען פאַרשריבען, אז ער איז אָנגענומען געוואָרען פאַר א רב אין יאָהר „תפו" (1726) און איז נסתלק" געוואָרען און אַרויפגעגאַנגען אין דער „ישיבה של מעלה", ד. ה. געשטאָרבען אין יאָהר „תק־יוד" (1750).

און דאָך לעבט זיין אָנדענקען ביי די פרומע יודען פון דער גאַנצער וועלט און בעזונדערס אין טשאַרטקאָוו, פּונקט אזוי ווי ער וואָלט ערשט נעכטען געשטאָרבען. און ניט בלויז זיין אָנדענקען, — זיין מאַכט און די מורא פאַר איהם הערשט איבער טשאַרטקאָווער יודען איצט, פּונקט ווי דאַן, בשעת ער האָט גע־לעבט.

דאָס איז נאַטירליך. ווארום ערשטענס איז די היס־טאָריע פון טשאַרטקאָוו פעסט פערבונדען מיט ר' הערשעלעס נאָמען. כמעט ביז איהם איז טשאַרטקאָוו א לאַנגע צייט וויסט געוועזען. ניט געוועזען ניט קיין קהילה, ניט קיין רב. און טשאַרט־קאָוו איז גראד זעהר אן אַלטע יודישע שטעדטעל. וואָס זשע איז די מעשה? די מעשה איז וואָס אין דער צייט פון גזרת ת'ח, פון דער „כמעלניטשינע" האָט טשאַרטקאָוו זעהר שטאַרק

טרויעריג איז דער יודישער לעבען אין גאליציען. נאר ער־
נעץ האב איך ניט געזעהן אזעלכע דערשלאגענע, פארצאגטע,
פארצווייפעלטע יודישע פנים'ער ווי אין טשארטקאוו.

און דאך איז קיין שטעדטעל אין דער וועלט, ווי געזאגט,
ניט אזוי רייך אין טיפען און בילדער און איבערלעבונגען, ווי
טשארטקאוו. פון וואנען האט זיך עס גענומען? ווי קומט עס?

דאס איז א רעטענים, ווי א סך אנדערע רעטעניסען אין
יודישען לעבען.

טשאַרטקאָוו, ווי אַנדערע גאַליציִשע יודישע שטעדטלאַך, אין אַרימקייט, אין בלאָטע, אין מאַרק־האַוועגעס, אין ווינט. אין מיטען קומט אָן אונגעריכט א בשורה: אין טשאַרט־קאָוו ווערט א קרייז־געריכט. דאָס הייסט עס וועלען צוקומען הונדערטער נייע פאַמיליעס — פון די בע־אמטע: עס וועט ווערן א צופאַהר פון אַרומיגע שטעדטלאַך. און טשאַרטקאָוו וועט א חוץ דעם רבינס הויף און דעם פויער, געפעגנט ווערען א נייער קוואל, א רייכער קוואל פון פּרנסה!

טשאַרטקאָווער יודען זענען צומומעלט געוואָרען פון שמחה. מ'האָט געקויפט פּלעצער, געבויט הייזער, געלענט נייע גאַסען פאַרלענגט גערטנער, געמויערט גרויסאַרטיגע האָטעלס מיט רעס־טאָראַנס, ווי אין סאַמע לעמבערג און וויען.

איהר פרעגט: וואו האָט מען גענומען געלד?

ביי פּראַצענטניקעס, אין די בענק. מ'האָט פערזעצט די לעצטע בעכערס און פּלעצער געקויפט און הייזער געבויט. יעדער קבצן אין טשאַרטקאָוו איז בטוח געוואָרען! אַזא מעלקעדיגע קוה! דער קרייז־געריכט! ער וועט שוין דערנאָך אויסצאָהלען אלץ!

דער קרייז־געריכט איז געוואָרען פאַרטיג. צוגלייך מיט איהם א נייע שטאָדט־ניי־טשאַרטקאָוו. געקומען די בעאַמטע. א קוק געטאָן אויף די גרויסאַרטיגע מויערן, האָבען זיי זיך דער־שראָקען. דערהערט די פּרייזען פון די דירות זענען זיי ממש פאַרטרייסעלטע געוואָרען: עס וועט ניט קלעקען זייערע גאַנצע שכירות פאַר איין דירה־געלד.

זענען זיי אַלע אַוועק און געדונגען זיך שטיבלאַך ביי די פויערן אַרום און אויסגעמיידט די שטעדטעל. אַז ס'איז געקומען צאָהלען די חובות פאַר די מויערן אין די בענק, איז געוואָרען א חורבן. די נייע נגידים זענען געוואָרען די נייעסטע ביטערע קבצנים. ווער עס האָט געקענט ראַטעווען, אָדער כאַפּען הונדערט רייניש, איז אַנטלאָפען אין אַמעריקאַ. די איבריגע שטאַרבען פון הונגער. ניי־טשאַרטקאָוו שטעהט וויסט. איהרע גאַסען טרויערן.

און דאַ איז געקומען דער קריזיס פון דער מלחמה אויף די באַלקאַנעס.

נעוואַרען. מיט אַ זעקס, זיעבען יאָהר צוריק*). דער ראַזינגער טייל שטאָדט שטעהט כמעט אין גאַנצען אויף אַ באַרג. צווישען איהם און אַלט־טשאָרטקאָוו איז אַ גוואַלדיגער קאָנטראַסט. דאָרט אין אַלט־טשאָרטקאָוו איז אַלץ אָרים, אָבגעלאָזען, אויפגעדרעגנגט, שמוציג. דאָ איז אַן עכטע ווילעס־שטעדטעל: פריי, גערוימיג שעהן, געפּוצט, אויף יעדען שריט פיינע מייערלאַך — געבויט ווי ווילעס. איהר קענט זיך לייכט אָנשטויסען, אַז דאָרטען, אין אַלט־טשאָרטקאָוו, וואו עס ווימעלט און גריבעלט, ווי אין אַ מוראַשקען־הויפען, לעבען די פּראָלעטאַריער. דאָ אויפ'ן באַרג־אַרויף, אין די שעהנע הייזער פון מאָדערנער אַרכיטעקטור וואוינט די טשאָרטקאָווער יודישע בורזשואַזיע. אַזוי מוזט איהר מיינען, ווען איהר אורטיילט נאָכ'ן קוק. אָביסעל איז אייך נאָר אַ וואונדער: פון וואַנען אייגענטליך נעהמען זיך אין טשאָרט־קאָוו, אין אָט דעם גאַליצישען העק, וואָס האָט ניט קיין פאַברי־קען, ניט קיין וואַלד־געשעפט, ניט קיין געטריידע־מסחר; וואָס האָט איהר קאַרגע חיונה רייבענדיג זיך נאָר אָביסעל אַרום רבינ'ס הויף, אָביסעל אַרום דעם אָרימען גאַליצישען פּויער; פון וואַנען נעהמען זיך גבירים, וואָס פאַרמאָגען אַזוינע שעהנע מויערן מיט אַזוינע פאַרפּוצטע הויפען?

און פרעגט איהר די קשיא ביי דעם ערשטען, בעסטען טשאָרטקאָווער יודען, וואָס קומט אייך אַנטקעגען אין גאַס, דער־וויסט איהר זיך, אַז אייערע אויגען האָבען אייך שרעקליך אָב־גענאַרט. איהר דערוויסט זיך די טרויעריגע, זעהר טרויעריגע וואַרהייט, אַז דאָרטען אויבען, אין די ריינע, גערוימע גאַסען, אין די שענע מויערן און פאַרפּוצטע הויפען וואוינען ניט קיין גבירים, וואוינען ניט אפילו קיין אָרימע לייט. עס וואוינט דאָרט קיינער ניט! דאָס איז אַ לעבעדיגער, ריכטיגער, אַ פּוסטער בית עולם. גאַנץ נײַ־טשאָרטקאָוו איז איין מצבה. אָהן אַן אויפ־שריפט, דערצעהלט זי דייטליכער, ווי מיט ווערטער, וועגען דער באַדענלאַזיגקייט פונ'ם גאַליצישען יודישען לעבען.

די מעשה איז אַ קורצע, אַ טרויעריגע. געלעבט האָט

*) געשריבען אין יאָהר 1913.

פּפערט פאַר דער שטערטעל. נאָר די דונקעלע טשאַרטקאָווער חסידים האָבען איהם גערופען דער „פּראַנצויז“ (דערפון שטאַמט אויך זיין פאַמיליען־נאָמען „פּראַנצאָז“) און האָבען איהם פאַר־פּאַלגט. דער יונגער שריפטשטעלער קאַרל־עמיל פראַנצאָז האָט אויך א סך געליטען פון די פערפאָלגונגען, איז דערנאָך אוועק אין וויען, דאָ געשטודירט און בעריהמט געוואָרען אלס שריפט־שטעלער. שפּעטער איז ער אוועק אין בערלין און דאָרטען גע־שטאָרבען. זיין פרוי שיקט יעהרליך א געוויסע סומע צו האַל־טען אין אָרדנונג דעם קבר און די מצבה פון איהר מאַנס פאָ־טער.

איך האָב זיך אָבגעשטעלט לענגער אויף דאָס טשאַרטקאָווער בית עולם, ווייל ער איז איינער פון די מערקווירדינסטע יודישע בית עולם אין דער וועלט. אַלעס איז דאָ אָריגינעל, אפילו זיין קברות־מאַן איז ניט אזא ווי אומעטום. דאָ איז דער קברות־מאַן ניט קיין יוד, ווי אויף יעדען יודישען בית הקברות, נאָר א גוי. און יאָהרענלאַנג איז אפילו געווען ניט קיין גוי, נאָר א גוי'ע די קברות־שמש'טע. די גוי'ע האָט בעקומען דעם „בית עלמן“ בירושה פון איהר מאַן, נאָך זיין טויט. דער קברות־גוי, אָדער קברות גוי'ע, זענען געווען צוגערעכענט צו שטערטעלדיגע „כלי־קודש. אלע פרייטאָג פלעגען זיי געהן איבער די יודישע הייזער קלייבען קוילעטשען. די גוי'ע, די קברות־שמש'טע האָט זיך שנעל געטרייסט נאָך איהר מאַנס טויט און האָט פאַר־פיהרט אין איהר קברות־שטיבעל א... פרעהליכע הייזעל. יאָה־רענלאַנג האָט זי פּראַקטיצירט די דאָזיגע ביזנעס, ביז מ'האָט זיך ענדליך דערוואוסט און געהייסען איהר געהן.

---

פון טויטען טשאַרטקאָוו צום לעבעדיגען און פון אַלט־טשאַרטקאָוו צום נייעם. דער מיטעלפּונקט פון טשאַרטקאָוו יו־דישען לעבען בכלל איז, נאַטירליך, דער רבי און דעם רבינ'ס הויף. נאָר וועגען רבי'ן און רבי'ס פּאַלאַץ מוז גערעדט ווערען בעזונדער. ניי טשאַרטקאָוו איז אייגענטליך ניט לאַנג געבאָרען

אפשר פינף־זעקס רייניש (גולדען). דער מצבה־קריצער האט אלזא געקאנט האבען פאר זיין קינסטלערישער מלאכה א צוויי רייניש א חודש! גאר ווען אפילו גאר גוט באצאהלט האט גע־קענט דער־גרייכען זיין פארדינסט ביז א רייניש א וואך. נעה־מענדיג אין בעטראכט אפילו די ביליגקייט פון לעבענס־מיטעל אין יענער צייט, האט דער מצבה־שלעגער — דער קינסטלער געדארפט לעבען מיט זיין פאמיליע אין שרעקליכע דחקות. ער איז פשוט געווען א מארטירער פון זיין קונסט.

בעסער ווי אלע שטיינער האט זיך דערהאלטען די מצבה פונ'ם דערמאהנטען רב ר' הערשעלע. ער האט געלעבט אין די צייטען פונ'ם „בעל שם“. פריהער איז ער געווען דעם „בעל שם טוב'ס“ געגנער און זאגאר קעמפפער געגען איהם. דער נאך איז ער געווארען זיין אנהענגער. נאך ווענען ר' הערשעלע און זיין זוהן ר' שמעלקע פון ניקולשבורג — שפעטער.

צו ענדיגען מיט'ן טשארטקאווער בית עולם מוז מען דער־מאהנען דעם „אוהל“ פון דעם אלטען טשארטקאווער רבי'ן ר' דוד משה'עניו, צו וועלכען עס ציהען זיך ימים־נוראים־צייט חסידים פון דער גאנצער וועלט, לעגען אויף דעם הייליגען קבר א קוויטעל, און די מצבה פונ'ם דאקטאר פראנצאז, דער פאטער פון דעם בעריהמטען שרייבער קארל־עמיל־ פראנצאז, וואס האט אין אזוינע ריהרענדע קינסטלערישע בילדער געשיל־דערט דעם גאליצישען געטא. כמעט אלע זיינע טיפען און ביל־דער זענען געווען פון טשארטקאוו, וואס פיגורירט ביי איהם שטענדיג אונטער דעם נאמען „בארנאוו“. קארל עמיל פראנ־צאז האט זיך אויסגעהאדעוועט און פארבראכט זיין יוגענד אין טשארטקאוו. ער האט געלעבט אין יענער מערקווירדיגער צייט, ווען די השכלה פון מערב־אייראפא האט זיך אריינגעריסען אין גאליצישען געטא, ווען דאס אלטע לעבען האט זיך בעגע־גענט מיט דעם נייעם און ס'איז ענטשטאנען א קאמפף אויף לעבען און טויט. זיין פאטער, דער ערשטער און איינציגער גע־שטודירטער יוד, וואס איז געקומען אהער פון עלזאס־לאטא־רינגען, איז געווען איינער פון די מארטירער אין דעם דאזיגען קאמפף. ער האט אי אלס דאקטאר, אי אלס מענש א סך געא־

נער, ווינקט צו אייך, סוד'עט זיך מיט אייך, נעהמט אייך ארום מיט א בעצויבערנדער מאכט פון שענקייט און לעבענס־לוסט. די נשמות פון די לאנג צום שטויב געווארענע קינסטלער זענען לעבעדיג געווארען אין אייער נשמה, אדער ריכטיגער, אייער נשמה איז לעבעדיג געווארען אין בעריהרונג מיט יענע איידעלע הויכע נשמות פון די אונבעקאנטע מצבות־שלעגער, וועמעס נא־מען אפילו, איהר קענט אין קיין פאל ניט דערגעהן. נאר פון נע־שפרעכען מיט אלטע לייט אין אנדערע שטעדטלאך ארום, קענט איהר זיך אנשטויסען, אז אונגעפעהר מיט 200 יאהר צוריק איז געוועזן אין טשארטקאוו א פאמיליע שטיין־קריצער־קינסטלער. אין דער דאזיגער פאמיליע איז איבערגעגאנגען די קונסט פון דור צו דור. דורך זיי איז פארפלאנצט דערזעלבער קינסטלערי־שער סטיל אין אנדערע ארומיגע שטעדט און שטעדטלאך. ווארום איך האב געטראפען עהנליכע מצבות אין טארנאפאל, אין בראד, אין בוטשאטש, אין זלאטשעוו. באזונדערס איבערראשט אייך בראד, דורך דער גרויסער מענגע מצבות אויפ'ן דארטיגען בית־עולם, פון טשארטקאווער סטיל. נאר ערגעץ דערגרייכען די מצבות ניט צו אזא קינסטלערישער פאלקאמענהייט, ווי אין טשארטקאוו. ערגעץ האבען זיי זיך אויך ניט ערהאלטען אזוי גוט ווי דא. דאס מצבות־קריצען האט דעמאלט געמוזט זיין ניט קיין פשוטע נאר א הייליגע מלאכה, ווי די מלאכה, פון א ספר־תורה־שרייבער. ווענינסטענס ביי די טשארטקאווער שטיינ־קריצער. א דורכשניטליכער שטיין האט געדארפט פאדערן ניט ווענינער פון דריי מאנאטען ארבייט. א גרעסערער שטיין, ווי דער, א שטוינער, וואס שטעהט אויף דעם קבר פון דעם טשארטקאווער רב פון יענער צייט — ר' הערשעלע, איבער וועלכען עס האבען זיך בעהאלטען א סך לעגענדעס, האט גענומען געוויס א גוטען האלב יאהר צייט. אזעלכע קינסטלעריש געארבייטע שטיינער, האב איך געפונען אויף קברים פון געוועהנליכע בעלי בתים*). דער העכסטער לוין פאר א מיטעלע מצבה האט דאן געקאנט זיין

*) איך דרינג דאס דערפון, וואס אויף די שטיינער איז ניטא קיין שום טיטולען און שבחים.

פערזאָן, דאָרונטער עפּעס מעהר ווי העלפט — יודען, לעבט יעדער פון די דריי טיילען שטעדטעל מיט זיין בעזונדער לעבען. אזוי, אַ שטויגער, איז אין אַלט־טשאַרטקאָוו אַלץ צו־געפּאַסט צום לעבען פון׳ם רבינ׳ס „הויף.“ דאָ וואַכט מען, ווען אין "הויף„ וואַכט מען. דאָ שלאָפט מען, ווען מען שלאָפט אין „הויף“. און אין „הויף“ שלאָפט מען דאָן, ווען די גאַנצע וועלט וואַכט, און מ׳איז אויף דאָרט, ווען די גאַנצע וועלט שלאָפט.

דעם טשאַרטקאָווער רבי׳ס פּאַלאַץ איז דער גלענצענדסטער פון אַלע רבייאישע הויפען אין גאַליציען און אין דער גאַנצער וועלט, און די רבייאישאַפט פון טשאַרטקאָוו איז די מערקווירדיגסטע פון אַלע רבייאישע גזע׳עס. צו ענדיגען מיט אַלט טשאַרטקאָוו דאַרף מען דערמאָהנען דעם אַלטען טשאַרטקאָווער בית־עולם, וועלכער מאַכט אַן אונגעהויערן איינדרוק מיט זיינע אַלטע מצבות. די מערקווירדיגקייט פון די מצבות — ליגט ניט אין זייער אַלטקייט, די עלטעסטע פון די וואָס האָבען זיך דערהאַלטען, איז מעהר ניט אַלט, ווי אַ פּאָאַר הונדערט יאָהר. די אַלטע מצבות פון טשאַרטקאָווער „בית־הקברות“ צייכענען זיך אויס מיט זייער מערקווירדיגער סקולפּטור. אַזעלכע פיין גע־שניצטע מצבות בעגעגענט איהר ניט אין דער גאַנצער וועלט. פון זיי איז צו זעהן, אַז מיט אַ הונדערט און פופציג יאָהר צו־ריק האָט דאָ געלעבט אַ פאַמיליע מצבות־שלעגער, זעהר גרויסע קינסטלער, וואָס, ווען זיי לעבען היינט, וואָלט פון זיי ניט איין אַנטאָקאָלסקי אַרויס. אין יענער צייט אָבער איז פאַר דעם יו־דישען קינסטלער־גייסט געווען נאָר צוויי געביטען: דער „מזרח“ אין עמוד פון שול און די מצבה אויף דעם „בית־הקברות“. און די טשאַרטקאָווער קינסטלער האָבען זייער גאַנצע נשמה אַריינ־געלעגט אין די בית־הקברות־שטיינער. דערפאַר זענען פון די שטיינער נשמות געוואָרען. דער טשאַרטקאָווער בית עולם מאַכט אויף אייך ניט דעם איינדרוק פון אַ טויטען־פעלד. איך האָב איהם בעזוכט אין אַ דעצעמבער טאָג, אין מיטען ווינטער, אַלץ אַרום איז שטאַר, איז פערגליווערט געווען, און דאָ האָט געהויכט מיט פריהלינג. די בלעטלאַך, די קנאָספּען, די פויגעלאַך, די הירשען, די ליבען, — דאָס אַלץ לעבט פון די האַלב־חרוב׳ע זאַמד שטיי־

רערווייל לאמיר פארשטעלען פאר די לעזער די שטעדטעל גופא, אין איהר איצט און אמאל.

טשארטקאוו איז איינע פון די עלטעסטע שטעדטלאך אין דער וועלט. אויסגראבונגען ווייזען, אז נאך גאר אמאל, אין די צייטען פון די רעמער איז דא געווען א ישוב. אידען יאוועןזיך דא אין אנהויב פון 16טען יאהר־הונדערט, באלד נאכדעם ווי די שטעדטעל איז אויף דאס ניי אויפגעבויט געווארען פונ'ם פוילישען מאגנאט טשארטקאווסקי, וועמעס נאמען די שטעד־טעל טראגט. די שטעדטעל האט דורכגעמאכט טאטערשע פאג־ראמען, שחיטות און הריגות פון קאזאקען און גזרת „ת'ח", אדער „כמעלניטשינע". פון 1772, נאך דער ערשטער חלוקה פון פוילען צווישען עסטרייך, דייטשלאנד, און רוסלאנד, בע־לאנגט טשארטקאוו צו עסטרייך, דאך האט מיט הונדערט יאהר צוריק, עטליכע יאהר צייט טשארטקאוו, מיט נאך אנדערע שטעדטלאך, ביי דער גרעניץ, אנגעהערט צו רוסלאנד. פון יאהר 1815 איז זי ווידער אריבער צו עסטרייך. דא איז פאראן אן אלטע שול, וואס, לויט א לעגענדע, האט זי געבויט דער פוילישער קעניג סאביעסקי. דיזעלבע לעגענדע האב איך גע־הערט וועגען שולען אין אנדערע דערבייאיגע שטעדטלאך. אין דער טייל שטאדט „וויגנאנקע", ווייזט מען איצט אן אן אלטע הילצערנע הויז, זעהר אן אריגינעלע געביידע, וואס האט זיך דא נאך גאנץ גוט דערהאלטען, וואו, לויט דער לעגענדע, האט מען גאר אמאל אויפגעקליבען אלע טשארטקאווער יודען און מ'האט זיי ארויסגעטריבען פון שטעדטעל. דערפון שטאמט דער נאמען פון דער גאס „וויגניאנקא", וואס בעטייט ארויסטריי־בען, גירושן. שפעטער לויט אן אנדער לעגענדע, האט זיך דא, אין דערזעלבער הויז, אויפגעהאלטען דער „בעל שם טוב", וואס האט א לאנגע צייט געלעבט אין דער ארומיגער געגענד.

טשארטקאוו בעשטעהט פון דריי טיילען — אמאל זענען דאס געווען דריי בעזונדערע שטעדטלאך — אלט־טשארטקאוו, די אויבען דערמאנטע „וויגניאנקא" און ניי־טשארטקאוו. נאר אפילו איצט, ווען די אלע דריי בילדען צוזאמען איין שטעדטעל און א גאנץ קליינע, מיט א בעפעלקערונג ניט מעהר, ווי 7000

---

# אך, טשארטקאוו, טשארטקאוו!

אך, טשארטקאוו! טשארטקאוו! שוין א מאנאט צייט, אז איך בין פון דארטען און געפין זיך נאך אלץ אונטער איהר בעצויבערנדער ווירקונג. אזא שטעדטעל איז ניטא ניט אין גאליציען, ניט אין רוסלאנד! שוין מיט א סך יאהרען פריהער, איידער איך בין געקומען אהער, איז דער נאמען „טשארטקאוו" פאר מיר געווען ארומגערינגעלט מיט א נעבעל פון לעגענדען. נאר קומענדיג אהער האב איך געפונען די ווירקליכקייט וואונדערליכער, ווי יעדע לעגענדע.

צוויי וואכען האב איך פארבראכט אין טשארטקאוו. נאר אז איך וואלט פארבראכט דא נאך צעהן מאל אזוי פיעל צייט, וואלט איך ניט געקענט אויסשעפען אלע מערקווירדיגקייטען, וואס אט דאס שטעדטעל פארמאגט. קיין איין יודיש שטעדטעל אין דער גאנצער וועלט, איז ניט אזוי רייך אין די סאמע אריגינעלע אידישע טיפען, ווי טשארטקאוו. און ביי מיר איז נאך איצט א רעטעניש: פון וואנען קומט אהער, אין אט דעם פערשלאגענעם ווינקעל פון גאליציען, כמעט ביים סאמע גרעניץ פון רוסישען פאדאליען, אזא מענגע איבערלעבונגען, אזא רייכקייט און פיעל־פארביגקייט פון יודישע טיפען, אזא טיעפע אריגינעלקייט פון פערזענליכקייטען?

אט די אלע טשארטקאווער אנטיקען שטעהען אין אנהויב און אין מיטען פון מיין גאליצישער יודישער טיפען־גאלעריי. דער לעזער וועט מיט זיי בעקאנט ווערען א ביסעל ווייטער.

שווין מיט עטליכע יאָהר צוריק. די שולע ווערט אויפגעהאַלטען בלויז אויף די מיטלען, וואָס די שטאָדט טאַרנאָפּאָל אַליין גיט. אנשטאָט צוועלף הונדערט קינדער, וואָס האָבען אמאָל געלערנט אין דער שולע קען זי מעהר ניט האַלטען ווי זיבען הונדערט. ניט היינט, מאָרגען פאַלט אָבער די שטאָדט אריין אונטער חסידישער הערשאַפט, דאַן וועט אָט דער ליכט־טורם, וואָס האָט הונדערט יאָהר נאָכאַנאַנד פערשפרייט ליכט אין די פינסטערע גאַליצישע שטעדטלאַך, פאַלען. אין גאַליציען האַלט איבער א נייעס צו ווערען שטאָק־פינסטער...

יוסף פּערל'ס איינציגער זוהן, דער אפּטייקער (ער האָט געהייסען — מישעל) האָט לאַנג געלעבט. ער איז געגאַנגען אין זיין טאַטענס וועגען. זיין ווייב איז אויך געוועזען א פּשוטע גוט־האַרציגע יודענע. א סך טאַרנאָפּאָלער יודען געדענקען זיי און בעציהען זיך מיט גרויס רעספּעקט צו זייער אנדענקען. פּערל'ס נאָמען אַליין לעבט נאָך אויך גאַנץ שטאַרק אין טאַרנאָפּאָל אין גאַנץ מזרח־גאַליציען ביי אַלע דענקענדע יודען. מעהר פון אַלע־מען געדענקען און רעדען וועגען איהם די חסידים, נאַטירליך, מיט א גאַנץ אנדער געפיהל. אויף וויפיעל זייער האָס צו איהם און שרעק פאַר איהם איז געוועזען גרויס, ווייזט די דאָזיגע לע־גענדע: בשעת יוסף פּערל איז געשטאָרבען (אין יאָהר 1839) — דערצעהלט מען אין טאַרנאָפּאָל (דאָס איז געוועזען אום „שמיני עצרת") האָבען חסידים געטאַנצט פאַר שמחה. זיי האָבען געשיקט א שליח מיוחד צום רבי'ן אין טשאָרטקאָוו מיט דער איבעררא־שענדער ידיעה, אז דער פיינד איז טויט. זיי האָבען אָבער ניט געוואָגט ברייגנען צום מויל די ווערטער. האָבען זיי געגעבען דעם חסיד, וואָס זיי האָבען געשיקט צום רבי'ן מיט דער בשורה, א חומש מיט, און אין חומש, אין דער סדרה „ויחי", האָבען זיי אין דעם פּסוק „וימת יוסף" (יוסף איז געשטאָרבען) אין דעם וואָרט יוסף א שפּילקע אריינגעשטעקט, דער רבי זאָל זיך אנשטויסען.

נעבען, וואָס אַ מענש וויל, דאַרף ער ניט אָבנעהמען, וואָס ער האָט איינמאָל געשענקט", — האָט פּערל געענטפּערט. און ער האָט אויסגעפיהרט.

יוסף פּערל'ס אויפקלערענדע טעטיגקייט צווישען די גאַלי־ציאַנער יודען איז געווען אונגעהייער. ער האָט ארומגעקליבען ארום זיך אַ גאַנצע רייהע אויפגעקלערטע יודען, קולטור־קעמפ־פער, וואָס האָבען איהם געהאָלפען אויספיהרען זיין פּלאַן. זיין רעפאָרמאַטאָרישע ארבייט אין רעליגיאָן איז געווען דער ערש־טער טעמפּעל מיט אַן אָרגעל און קאָר. דער טעמפּעל עקזיס־טירט נאָך איצט אין טאַרנאָפּאָל. חסידים זאָגען נאָך היינט, אַז שדים טאַנצען אויף איהם. און ווען אַ חסיד דאַרף געהן דורך יענער גאַס, וואו דער טעמפּעל איז, וועט ער אָנלעגען וועג און געהן דריי גאַסען ארום, איידער אָנקוקען מיט די אויגען דעם „קאָלפּאַק'ס" „טומאה".

די וויכטיגסטע ארבייט פון יוסף פּערל איז אבער געווען זיין בעריהמטע שולע, די ערשטע שולע פאַר יודישע קינדער אין גאַליציען. אין דער שולע האָבען געלערנט ביז צוועלף הונ־דערט קינדער — אינגלאַך און מיידלאַך. די ווירקונג פון דער שולע אויף אַלע שטעדט און שטעדטלאַך פון מזרח־גאַליציען איז ניט צו בעשרייבען. זי איז געווען אַ קוואַל פון ליכט פאַר זיי. פּערל האָט אויסגעווירקט ביי דער רעגירונג אַ בעפעהל, אַז דער גאַנצער קרייז פון מזרח־גאַליציען זאָל בעלעגט ווערען מיט אַ שטייער אויף אויסצוהאַלטען די שולע.

די שולע עקזיסטירט נאָך היינט, אַזוי ווי דער טעמפּעל. נאָר איצט בשעת זי האַלט ביי פייערן איהר הונדערט־יעהריגען יובילעאום איז זי גראָד אין געפאַר פאַרמאַכט צו ווערען. אין פּערל'ס צייטען, מיט הונדערט יאָהר צוריק, האָבען חסידים ניט געוואָגט זי אָנצוריהרען. זיי האָבען דאָן אין טאַרנאָפּאָל קיין שום מאַכט ניט געהאַט. איצט, בעקומען זיי די אויבער־האַנד און ווערען די באַלעבאַטים פון שטאָדט. די ערשטע זאַך וועט זיין אָבצורעכענען זיך מיט זייער אַכטציג יאָהר שוין טויטען פיינד און צושטערן דעם נעסט פון אפּיקורסות.. צום טייל האָבען זיי שוין געהאַט ערפאָלג. דעם שטייער האָבען זיי אָבגעשאַפט

האט פערשמיסען א יודען, זיינעם אן ארענדאר, משפט'ן זיך מיט א פריץ, איז דאן אפילו א יוסף פערל געווען ניט לייכט. פערל'ס פאטער האט אבער ניט געקענט גלייכגילטיג אריבער טראגען דעם פריץ'ס וויזיט. ערשטענס האט ער ביי איהם גלייך נאכ'ן עסען און טרינקען געבעטען געלד. דאס איז געווען א טויטליכע בעליידיגונג פאר דעם האנאר פון א דעמאלדיגען פויליש(ע)ן פריץ, ווייל געוועהנליך פלעגט מען די פריצים שיקען א רעכענונג א היים, און זיי פלעגען בעצאהלען א פאר מאל אין יאהר. א חוץ דעם האט ער דעם מאגנאט אויסגעזידעלט, ווי א הונט, צו דער בלאטע געמאכט. דער פריץ איז געווארען אן אויפגעצונדענער. האט אבער אברעכענען זיך מיט'ן יודען אויפ'ן ארט ניט געקענט. ארום איהם זענען געשטאנען זיינע דינער. גרייט צו פארטיידיגען זייער באלעבאס. דער פריץ איז געלאפען צו אלע גרויסע לייט, האט אבער געגען דעם עזות־פנים, דעם וויינהענדלער גאר נישט געקענט מאכען, ווייל אומעטום האט מען געוואוסט, אז תודרוס דער וויינהענדלער איז דער פאטער פון יוסף פערל.

אין יענע צייטען האבען נאך יודען ניט געהאט קיין רעכט אין עסטרייך. אן אפטייק האט א יוד ניט געטארט האלטען. יוסף פערל האט זיין איינציגען זוהן געלאזט שטודירען אפטייקער און האט דער ערשטער בעקומען פאר איהם פונ'ם קייזער א קאנצעסיע. די מיניסטארען און נאהענטע פון הויף האבען זיך דערפון דערוואוסט, איז געווארען א ליארם. מ'האט געמאכט עקסטרא זיצונגען און געפאדערט פון קייזער, ער זאל צוריקציהען זיין קאנצעסיע. יוסף פערל, האט איהם ערקלערט, אז דער טומעל איז צו גרויס, צוליב זיין קאנצעסיע מוז ער זיין צוקריגט מיט די מיניסטארען, מיט'ן גאנצען הויף. אבער געשענקט — איז פארפאלען. בכן האט ער געבעטען פערל'ן, ער זאל זיך ענטזאגען פון דער קאנצעסיע. דערפאר קען ער בעטען, וואס ער וויל, וועט ער איהם ניט ענטזאגען. יוסף פערל האט דאן געבעטען ביים קייזער די יאהרען, וואס זיין זוהן האט גע'פטר'ט אויף לערנען אפטייקער. „דאס קען א מענש ניט געבען" — האט דער קייזער ערקלערט. „נו, ווי באלד אז אפילו א קייזער קען ניט אלץ

געוואָרען צו עטליכע יאָהר טורמע. קיין שום זכות האָט מען אויף איהם ניט געקענט געפינען און מ'האָט איהם שוין געשמידט אין קייטען און גענזאָלט פארשיקען. דאָס איז געשעהן ביין גובער־נאַטאָר אויפ'ן הויף. דער גובערנאַטאָר אליין איז געזעסען ביי זיך אין צימער און געקוקט אין אַפענעם פענסטער אין גאַס ארויס. אנטקעגען איהם איז געזעסען אויפ'ן גאַניק פון זיין הויז יוסף פערל און האָט געזיפצט — „וואָס זיפצט דו", פרעגט איהם דער גובערנאַטאָר. „איך זיפץ", — ענטפערט פערל — אז איך זעה, ווי שווער עס איז דאָס לעבען פון אן ארימאַן. ווי פיעל האָט דער דאָזיגער יוד געקענט פאַבריצירען קופערנע קאַ־פיקעס? לאָמיר אננעהמען צעהן טויזענר שטיק. דאָס איז דאָס העכסטע. מאַכט דאָס הונדערט רובל. מאַטעריאַל, ארבייט, אויסברייננגען — ווי איז דאָס נים ווערט קיין פופציג רובל? הייגט ווי אונגליקליך מוז דער מענש זיין, אז צוליעב פופציג רובל האָט ער געדאַרפט זיין אין שרעק און צימערנים און אין געפאַהר מיט זיין לעצט ביסעל האָב און גוטס, מיט זיין לעבען... די דאָ־זיגע ווערטער האָבען געריהרט דעם גובערנאַטאָר, און ער האָט געהייסען בעפרייען דעם יודען. ווען דער גרעניץ־דיסטריקט פון אַסט גאַליציען איז ווידער אריבער צו עסטרייך און אנשטאַט דעם רוסישען גובערנאַטאָר איז געווען, ווי פריהער, אן עסטריי־כישער שטאַטהאַלטער, האָט פּאַסירט, אז דער שטאַטהאַלטער האָט געהייסען, פּאַר עפּעס א זינר, א יודען שמייסען. פערל האָט דאָס דערהערט, איז ער אריין צו איהם, צום שטאַטהאַלטער, אין קאַנצעלאַריע, געהייסען געבען זיך פּאַפּיר, פעדער, טינט, קאַנ־ווערט, האָט אננעשריבען א בריעף, פּארקלעפּט, געהייסען אוועק־שיקען דאָס עקסטרא אין לעמבערג צו דער אויבערמאַכט פון גאַליציען. אין עטליכע טעג ארום איז דער שטאַטהאַלטער ארונ־טערגעזעצט געוואָרען פון זיין אמט. ער, פערל אליין האָט אבער אמאָל יע געהייסען שמייסען.. א חסיד, ווען יענער האָט פערפּאַלגט א יודען, וואָס האָט געשיקט זיין קינד אין שול אריין.

פערל'ס טאַטע, תודרוס, איז געווען א רייכער ווייןהענדלער. צו איהם פלעגט אריינקומען א פּריץ, א גרויסער מאַגנאַט, וואָס

קייזער געראַרמט און זוכען וועגען, אז די השכלה זאָל אריינדרינ־גען וואָס מעהר אין די יודישע מוחות.

ווען יאָזעף דער צווייטער האָט פאַר „לאיבקען" מורא גע־האַט, איז ער דערפאַר געווען שטאַרק בעפריינדעט מיט יוסף פערל — דעם מענדעלסאָן פון די גאַליצישע יודען. און דאָס איז נים קיין לעגענדע, נאָר דוקא א פאַקט. דאָס איז געווען א מערק־ווירדיגער טיפּ פון א יודישען „תקיף" — א שטאַלצען און מעכ־טיגען, אָבער אויך אן אויפגעקלערטען. דורך זיין ענערגיע און פלייס האָט ער זיך ערוואָרבען גרויסע עשירות. איז אויך גע־ווען א גרויסער למדן און משכיל און זעהר א טאַלאַנטפאָלער סאַטיריקער. אין דער יוגענד איז ער געווען א הייסער חסיד, איז אָבער שפּעטער, אונטער דעם איינפלוס פון בילדונג געוואָרען דער פאַרביסענסטער פיינד פון חסידים און גוטע יודען. ער האָט געפיהרט גענען זיי א קאַמפף נים בלויז מיט זיין שניידענ־דער סאַטירע, נאָר אויך פאַקטיש דורך זיין כמעט אונבעשרענק־טער מאַכט, א דאַנק זיין פּערזענליכע פריינדשאַפט מיט'ן קיי־זער — יאָזעף דעם צווייטען. די גאַנצע יודישע וועלט האָט איהם בעטראַכט, ווי א צווייטען יוסף, ווי א נשיא פון די עסטרייכישע יודען. די חסידים, וואָס האָבען איהם געזעהן אומגעהענדיג מיט'ן קייזער אין טאַרנאָפּאָל געאַרמט, האָבען נים געוואַגט מיט איהם צו קעמפּפען. זיי האָבען נאָר מיט תפילות זיין טויט געבעטען און פלעגען איהם רופען : דער „קאַלפּאַק". פערל איז אויך געווען הויך געאַכט ביי אלעקסאַנדער דעם ערשטען און ביי דעם רוסישען סענאַטאָר טאַילס, וואָס איז געווען גובערנאַטאָר אין די עטליכע פּראָווינצען פון מזרח גאַליציען. וואָס האָבען אין א משך פון עטליכע יאָהר צייט באַלד נאָכ'ן רוסיש־פראַנצויזי־שען קריג בעלאַנגט צו רוסלאַנד. ווי ווייט זיין מאַכט איז שטאַרק געווען ווייזען פאַלגענדע מעשיות, וואָס דער אויפזעהער פון יוסף פערל'ס טעמפּעל, אויך א פערל, טאָקע פון זיין משפחה, האָט מיר דערצעהלט.

אמאָל האָט מען אין טאַרנאָפּאָל געכאַפּט א יודען, וואָס האָט נאָכגעמאַכט פאַלשע רוסישע מטבעות — קאָפּיקעס. מען האָט איהם געכאַפּט ביי דער ארבייט, און ער איז פאַר'משפּט

פאַהרען איבער אַלע יודישע שטעדט. דאָס איז געווען פערבונ־דען מיט דער הויפּט אויפגאַבע פון זיין לעבען. און די הויפּט אויפגאַבע פון זיין לעבען איז בעשטאַנען אין „פּדיון שבויים" ד. ה. אין או־סלייזען יודישע געפאַנגענע פון גוי'אישע הענד. דאָס איז איינע פון די טרויעריגסטע קאַפּיטלאַך אינ'ם לעבען פון די אַמאַליגע יודען אין פּוילען. אונטער דעם מוטווילען און אַנאַרכיע פון דער פּוילישער פּריצישער הערשאַפט זענען יו־דען אַזוי ווייניג זיכער געווען מיט זייער האָב און גוטס און זייער לעבען, ווי דער פערשקלאַפטער פּויערן־שטאַנד. האָט אַ יוד ניט געצאַהלט צום טערמין פאַר דער אַרענדע, אָדער האָט מיט עפּעס אַנדערש געווענדט אויף זיך דעם פּריץ'ס גרימצאָרן, האָט דער פּריץ, וואָס האָט געהאַט צו שאַפען איבער'ן לעבען און טויט פון זיינע אונטערטאַנען, אַפּט דעם יודען און זיין פאַמיליע גע־וואָרפען אין אַ פינסטערען גרוב, אָדער ווען מ'האָט גע־דאַרפט האָבען נויטיג געלד — דאָס זעלבע געטאָן מיט רבנים, אָדער אַנדערע אַנגעזעהענע מענשען, פאָדערנדיג פאַר זיי גרויסע סומען געלד.

ר' ליב שרה'ס פלעגט דעריבער נאָכאַנאַנד אַרומפאַהרען, אָפט אין דער קאָמפּאַניע פון זיין חבר ר' משה ליב סאַסאָווער איבער יודישע ישובים, מאַכען גרויסע סומען געלד אויף אויס־קויפען יודישע געפאַנגענע פון גוי'אישע הענד. ער איז אויך געווען איינער פון די גוטע יודען, וואָס זענען געווען געגען דעם פראַנצויז, ד. ה. געגען נאַפּאָלעאָנען, וואָס האָט דער ערשטער פון די אייראָפּעאישע מלכים געגעבען יודען רעכט. פון אַנדערע מעשיות וועגען איהם איז קענטיג, אַז אויף זיינע רייזען פלעגט ער דינען דער רוסישער רעגירונג מיט פאַרשיידענע ידיעות וועגען נאַפּאָלעאָנ'ס פּלאַנען, וואָס ער פלעגט זיך דערוויסען אויף זיינע רייזען. אַזוי ווי זיין חבר, ר' שניאור זלמן, דער אַלטער רבי, האָט ער דאָס געטאָן פון ריינער איבערצייגונג, אַז נאַפּאָ־לעאָנ'ס רעפאָרמען זענען שעדליך פאַר יודען.

ווען ר' ליב שרה'ס פלעגט „שמייסען" יאָזעף דעם צוויי־טען פאַר דער השכלה, פלעגט יוסף פּערל אומגעהן אָפט מיט'ן

בכן איז, לויט ר׳ ליב שרה׳ס שטאנדפונקט, אין אלע צרות פון דער השכלה שולדיג געווען ניט קיין אנדערער, ווי טאקע דער עסטרייכישער קייזער. אליין, יאזעף דער צווייטער, דער זוהן פון מאריא טערעזע, וואס האט, ווי זיין צייט־גענאסע, דער רוסי־שער קיסר אלעקסאנדער דער ערשטער געוואלט יודען בילדען. און ער, ר׳ ליב שרה׳ס, האט זיך טאקע מיט יאזעף דעם צוויי־טען פיין אבגערעכענט. אלע פרייטאג פלעגט ער איהם פשוט שמייסען. ווי אזוי? ארויסגעהענדיג פון מקוה, פלעגט ער ארויסזאגען דעם „שם“, אין איין אויגענבליק האט די ערד א שפרונג געטאן הינטער איהם צוריק און מיט „קפיצת הדרך“ איז ער שוין געווען ביין קייזער אין קאבינעט. מיט א גראבע רציעה פלעגט ער דעם „רשע“ יאזעפ׳ן שלאגען מלקות, צופאסעוועו זיין לייב אויף בלוט. דער קייזער פלעגט זיך צאפלען, ווארפען זיך מיט גוואלדען: „אי, — אי!... לאיבקע! גוואלד לאיבקע! ראטע־וועט!...“ די טרייע לייב קנעכט, דעם קייזערס, ווארפען זיך צו איהם אויף זיינע קולות, הערען דעם קייזער שרייען, זעהען איהם מיט א צוקאטעוועטען „במחילה“. אבער ווער? וואו איז לאיבקע?... ניטא קיין נפש!..

ווארום ר׳ ליב שרה׳ס איז, פערשטעהט איהר מיך, געווען ניט נאר א בריה אויף „קפיצת הדרך“, ער איז אויך געווען א מייסטער צו זיין א „רואה ואינו נראה“. ד. ה. אז בשעת ער זעהט אלעמען, זאל איהם קיינער ניט זעהן. דאס אלץ מיט דער "חכמה“ פון „קבלה“, דורך דער קונציגער צוזאמענשטעלונג פון שמות.

אלע פרייטאג — דערצעהלען חסידים, — פלעגט ר׳ ליב שרה׳ס אט אזוי מכבד זיין דעם קייזער פאר זיין ווען אריינטרייבען יודישע קינדער אין „שמד“, ד. ה. פאר זיין וועלען אז יודישע קינדער זאלען געהן אין די שולען, זאלען זיך בילדען.

דאס האט ר׳ ליב שרה׳ס ניט אויסגעפיהרט. אפנים, אז זיינע „שמיץ“ האבען דעם קייזער יאזעפ׳ן קנאפ וואס וועה געטאן, פון דעמאלט אן איז די השכלה געבליבען אין גאליציען ביז היינטיגען טאג.

ר׳ ליב שרה׳ס האט שטענדיג געהאלטען אין איין ארומ־

זייער ענטשטעהונג ענטוויקעלט א גוואלדיגע ענערגיע פול מיט פרישע שפרודעלנדיגע קראפט. ביידע האבען בעשאפען א גאנ־צע רייהע מערקווירדיגע פערזענליכקייטען, קעמפפער, העלדען, ריזען פון גייסט. איצט, ווען די און יענע זענען פאר אונז אוועק אין דעם געביט פון דער היסטאריע, קענען מיר זיי בעטראכטען רוהיגער, מיר קענען זיך בעציהען צו ביידען מיט רעספעקט — ווי ווייט זיי זאלען ניט זיין איינע פון די אנדערע. פאר דעם היסטארישען משפט איז ריכטיגער פריהער פון אלץ די ווארעמע תמימות, די שטרעבונג צו זוכען די ווארהייט פון לעבען, אנט־פלעקען די סודות פון דער אויסערליכער און אינערליכער וועלט. און דאס קענען מיר גלייך געפינען אין ביידע לאגערן.

נאך אט דער קליינער פאררעדע, וויל איך פארשטעלען דעם לעזער די ערשטע צוויי העלדען פון מיין גאליצישע טיפען־גא־לעריי: ר' ליב שרה'ס און יוסף פערל.

עס איז דאכט זיך ניטא אין דער וועלט קיין צוויי גרעסערע עקסטרעמען, ווי אט די צוויי נעמען. איינער (ר' ליב שרה'ס) א גוטער יוד, א תלמיד פונ'ם מעזעריטשער „מגיד" און פון דעם בעריהמטען רבי שמעלקע פון ניקעלשבורג, — א חבר פון ר' מעכעלע זלאטשעווער און פון ר' משה ליב סאסאווער, (צוויי זעהר בעריהמטע פערזענליכקייטען אין דער חסידישער וועלט). איינער פון די גרעסטע זיילען פון חסידות, ביי וועלכען א שפרייז טאן פון מקוה אין זיין שטעדטעל קיין וויען — און גלייך אין קייזער'ס פאלאץ אריין איז געווען — זאגען חסידים — אזוי לייכט, ווי טאן א שמעק טאבאק. ר' ליב שרה'ס איז געווען זעהר א לעגענדארע פערזענליכקייט. ער איז געווען א גרויסער פריינד פון דער נאטור. ער פלעגט—דערצעהלט מען אין טשארטקאוו—אפט געהן אין מארק, אנקויפען דארט בויגעל, דאן אוועקגעהן אויפ'ן בריק, ווארפען זיי אין ברעקלאך פאר די פיש. און אב־שטעהן שטונדען לאנג, קוקענדיג, ווי די פיש לויפען זיך צונויף נאכ'ן אנבייסען, וואס ער פלעגט זיי ברענגען. אבער ווי ער איז געווען א פריינד פון די פיש, אזוי איז ער געווען א פיינד פון דער השכלה. נאך זיין מיינונג איז די השכלה מיט איהרע שקא־לעס געווען א „גזרה". און א גזרה געהט דאך ארויס פון מלכות.

# יוסף פערל און ר' ליב שרה'ס.

א מערקווירדיגע עפּאָכע האָט דורכגעמאַכט דאָס גאַליצי־שע יודישע לעבען מיט א הונדערט יאָהר צוריק! בשעת אין רוסלאַנד האָט פון דער השכלה זיך ערשט אָנגעהויבען, קוים, קוים שפּירען א שוואַכער ווינטעלע, האָבען שוין אין גאַליציען געשלאָגען איהרע ברויזענדע כוואַליעס. און דאָך האָט זיך ערשט דעמאָלט, אזוי ווי אויף צו להכעיס, דאָ ענטוויקעלט די חסידות מיט די גוטע יודען, געלאָזען וואָרצלען אין דער טיעף און פון אויבען צובליהט זיך אין די סאַמע פאַנטאַסטישע קאָלירען.

די חסידות מיט דער קבלה אלס ביכער־טעאָריע איז, נאַטירליך, א סך עלטער. אָבער אלס פאָלקס־ בעוועגונג, אלס קוואַל פון פּראַקטישער רעליגיעזער בעגייסטערונג קומט זי אין מזרח־אייראָפּאַ כמעט אין איין צייט מיט דער השכלה. „השכלה" און „חסידות" דאָס זענען ווי צוויי זייטען פון דערזעלבער מטבע, ווי צוויי שטראָמען, וואָס פליסען אין פערשיידענע זייטען אָבער נעהמען זיך פון איין קוואַל. דאָ בעגעגענען זיך ביידע, פאַלען אריין אין א שטורמדיגען קאַמפּף, דאָ צוגעהן זיי זיך ווידער אין פערשיידענע זייטען, לעבען איטליכע פון זיי איהר בעזונדער לעבען אין איהרע בעזונדער ווינקעלע, ניט קימערנדיג זיך איינע וועגען דער אנדערער, גלייך ווי די אנדערע וואָלט נאָר אויף דער וועלט ניט געוועזען.

די „השכלה", אזוי ווי די „חסידות" האָבען אָנהויב פון

פריש און זאלציג דעם יודישען הומאָר, א גרויסער למדן, מיט סמיכה אויף רבנות, האָט ער בעסער זיך אויסגעקליבען די קאַר־יערע פון א לוסטיג־מאכער אויף יודישע חתונות, ווי צו זיין א באנק־קוועטשער און פסק'ענען שאלות. ער בעלאַנגט צום ערנס־טען טיפּ פון די יודישע ברחנים, וואָס זייערע שאַרפסטע פּאַר־שטעהער זענען געווען צונזער און זבארזשער. ער איז דער רעדאַקטאָר פון א יודישער צייטונג אין סיגעט — די איינ־ציגע יודישע צייטונג אין אונגארן.

קרעמער, צוליב די גרויסע שטייער און צוליב דעם אלגעמיינעם קריזיס, וואס עסטרייך לעבט איבער. דער עיקר אבער: צוליב זייער אונוויסענהייט, ווייל געניסענדיג פולע פאליטישע פריי־הייט און ניט בעגנעגענדיג קיין שום שטערונג אין זייער עקא־נאמישען און סאציאלען לעבען פאר דער קריסטליכער געזעל־שאפט, האבען די אונגארישע יודען געקענט ביסלעכווייז איבער־געהן פון וואוכעריי אין קרעמעריי צו מעהר פראדוקטיווע פרנסות. זיי זענען אבער ניט פעהיג אויף קיין שום רעפארם אין זייער עקאנאמישען, ווי אין זייער גייסטיגען לעבען. דעריבער לעבט דא די מאסע און קליינקרעמער־קלאס א סך ערגער, ווי אין רוסלאנד. אויף די רוסישע יודען קוקען זיי מיט קנאה, פארשטע־לענדיג זיך רוסלאנד, ווי א לאנד פון שפע און פרנסה.

איך האב שוין אויבען געזאגט, אז מונקאטש, סיגעט און קערעשמעזא זענען דריי קליינשטעדטלאך פון פערשיידענע גרויס. קערעשמעזא איז כמעט א דערפעל, ליגט אין זעהר א מאלערישער געגענד, ארומגערינגעלט מיט הויכע בערג. אבער אין אלע דריי שטעדטלאך האב איך כמעט גאר נישט געפונען בעזונדער אריגינעלעס. פון בודאפעסט ביז'ן גרעניץ פון גאלי־ציען בעגעגענט איהר נאר צוויי עקסטרעמען: אדער שטריימעל, אדער אסימיליאציע. פון קיין ציוניזם איז כמעט ערגעץ קיין נעדעכענים ניטא. די שטריימלאך - יודען האבען איהם פיינט דערפאר, וואס ער וויל ברינגען די גאולה אהן משיח'ן. די מא־דיאריזירטע זאגען, מיר דארפען קיין ציוניזם ניט; ביי אונז איז דא ארץ ישראל. אינטערעסאנט איז, אז הערצל און נארדאו, די טאטעס פונ'ם פאליטישען ציוניזם, זענען ביידע אונגארי־שע יודען, ביידע געבארען אין בודאפעסט. זיי האבען געמוזט פון דאנען אוועק אום צו ווערען דאס, וואס זיי זענען געווא־רען: בעשאפער פון דער ציוניסטישער בעוועגונג.

נאר איין איינציגען יודישען יודען האב איך געפונען אין אונגארן. דאס איז דער מארשאליק נאטליב פון סיגעט. דער לעצטער יודישער מארשאליק, פיליכט, ניט בלויז אין אונגארן, נאר אויך אין דעם יודישען געטא בכלל. א יוד פון קרוב צו אכציג יאהר, האט ער אין זיך דערהאלטען

געכאפט עפעס אין מויל, מוז ער מאכען די לעקציעס א פאר שמונדען. און קוים פארטיג מיט די לעקציעס, מוז ער ווייטער געהן צום רבי'ן אויף פיער, פינף שעה. גאנץ אפט מאטערט מען די קינדער ביז 11—12 אין דער נאכט. די אינגלאך פון די ארטאדאקסישע יודען אין קליין שטעדטעל זעהען, דעריבער אויס זעהר אויסגעמאטערט, בלוטלאז און מוטלאז. אין שולע מוזען זיי געהן, ווי זיי געהען אין דער היים: אין די לאנגע קאפאטקע־לאך, מיט די „לייבצודעקלאך“ ד. ה. ארבע כנפות'ען מיט לאנגע ציצית און מיט לאנגע פאות'ן. די אונגארישע קינדער אין דער קליינשטעדטעל זענען שוין דערצו געוועהנט און לאכען פון זיי נים. די לעהרער בעציהען זיך אויך מיט סימפאטיע צו די דאזיגע יודישע תלמידים, ווייל די מעהרסטע פון זיי, נים קוקענדיג אויף זייער לעבערליכען אויסזעהן, האבען גוטע פעהיגקייטען און זענען פלייסיג. מ'האט מיר דערצעהלט, אז איין לעהרער אין מונקאטש האט זיך ערלויבט לוסטיג צו מאכען איבער די פאות און ארבע כנפות פון א יודישען שילער, האט מען איהם ענטזאגט פון דער שטעל.

אין אונגארן איז זעהר זעלטען געזעלשאפטליכער אנטי־סעמיטיזם. און דעריבער, ווי דער אינגעל ווערט אביסעל על־טער, פארזוכט דעם טעם פון „עץ הדעת“, ווערט בעקאנט מיט דער מונטערער און קרעפטיגער אונגארישער ליטעראטור, אנט־לויפט ער פון זיין ענגער און דונקלער היימישער ספערע אין דער קריסטליכער אונגארישער געזעלשאפט, וואו זיינע נייע געפיהלען און געדאנקען בעקומען א פרייען רוים. א בעזונדער ראלע אין דער מאדיאריזירונג פון דער יודישער יוגענד שפילט די יודישע מיידעל, וואס איז ווענינער געצוואונגען אין איהר ערציהונג און איהר ערלויבט, וואס איהר ברודער איז פערבא־טען.

אויסערליך איז די אונגארישע קליינשטעדטעל שמוציג און אונהיימליך אזוי ווי די גאליצישע און רוסישע קליינשטעדטעל. פאנאטיש — נאך מעהר. א גאנצע רייהע גאליצישע יידישע יו־דען לעבען נאר פון די אונגארישע חסידים. די עקאנאמישע לאגע איז דא זעהר שלעכט, צוליעב דער קאנקורענץ פון די

וויקלען דאָרט אַ געזעלשאַפטליכער און עקאָנאָמישער אַנטיסע־מיטיזם, וואָס לאָזט ניט די יודישע אינטעליגענץ קומען אין נאָ־הענטער בעריהרונג מיט דער קריסטליכער געזעלשאַפט, און העלפט אונדירעקט דער פערשטאַרקונג פון נאַציאָנאַלען זעלבסט־געפיהל. זועגען רוסלאַנד איז דאָך געוויס ניטאָ וואָס צו ריידען.

אַנדערש שטעהען די אומשטענדען אין אונגאַרן. דער „חתם־סופר" מיט זיינע תלמידים האָבען אין קאַמפף מיט דער אַסימילאַציע פאַרפיהרט די אונגאַרישע יודען אין אַ צווייטען עקסטרעם: אַנטלויפען פון לעבען און איינוויקלען זיך געדיכ־טער אין די וועלקע בלעטער. עס איז בעוואוסט, אַז אין יאָהר 1848, אין רעכטען ברען פון דער רעוואָלוציע, האָט די יודישע צו פרייהייט שטרעבענדע יוגענד געשטעלט אַ סך קעמפפער אין די רעוואָלוציאָנערע אונגאַרישע אַרמייען. צו דערזעלבער צייט זענען זייערע פרומע טאַטעס געזעסען אין די שולען און תהילים געזאָגט, אַז די רעוואָלוציאָנערען זאָלען האָבען די מפּלה. בשעת, שפּעטער, אין יאָהר 1867 האָט זיך אונגאַרן איינגע־געבען בעקומען פולע אויטאָנאָמיע, בענוצענדיג, אַזוי ווי פינ־לאַנד אין יאָהר 1905, אַ מאָמענט ווען די עסטרייכישע רעגירונג איז געווען אין אַ קריטישען צושטאַנד, האָט זי, די אונגאַרישע רעגירונג, די יודען פערזיכערט ניט די תפילות פון די טאַטעס, נאָר די קרבנות, וואָס די זיהן האָבען געבראַכט פאַר דער אונ־גאַרישער פרייהייט. די וואָס האָבען אַבער פריהער גאָט גע־בעטען, אַז דער „קאַיזער" זאָל מנצח זיין, זענען ניט צופרידען געווען פון דער פרייהייט, אין וועלכער זיי האָבען געזעהן אַ געפאַהר פאַר דער יודישקייט. זיי זענען געבליבען ביי זייערע קליינקרעמעריי און שענקעריי. נאָך איצט קויפען זיך די פרומע יודען אויס מיט כאַבאַר, מיט אַלע מיטלען פון צו שיקען די קינדער אין די שולען. און ווען זיי קענען זיך ניט אויסקויפען (אין אונגאַרן איז שול־צוואַנג) פאַרמאַטערן זיי די קינדער מיט דעם חדר און מיט דער גמרא נאָך דער שול. דער איינגעל מוז אויפשטעהן 4 אַ זייגער פאַר טאָג און ביז 7 לערנען ביי'ן רבי'ן. פון האַלב אַכט ביז 3 (מיט קליינע אונטערברעכונגען) מוז זיין דער איינגעל אין דער שולע. קומט ער אַהיים, קוים

טיק ווייזט טאקע, אז די ריזיגע שמד־בעוועגונג אין אונגארן הויבט זיך אן פון דעם יאָהר, ווען עס זענען ערלויבט געוואָרען חתונות, אָהן רעליגיעזע צערעמאָניעס. דאָס איז א פאקט, אז עס איז כמעט ניטאָ אין אונגארן קיין איין יודיש הויז, וואו עס זאָל ניט זיין קיין משומד. עס זאָל אזוי געהן נאָך א יאָהר 30—40, וועט אין אונגארן ניט בלייבען קיין איין יוד.

די אָרטאָדאָקסען פיהלען דאָס און דעריבער דריקען זיי זיך צונויף איינע צו די אנדערע, ווי בלודנע שעפסען, פאַר־שטארקען די פרומקייט, קעמפפען פאר זייער עקסיסטענץ מיט פערצווייפלונג. נאָר עס וועט זיי גאָר נישט העלפען. די אונגאַ־רישע אָרטאָדאָקסישע יודען זענען ווילד פאנאטיש, אנטלויפען פון לעבען, זענען אונוויסענד, אָרים. ווי אין גאליציען, ווי אין פוילען איז קליין־קרעמעריי זייער איינציגע פרנסה. די יוגענד, די קינדער פון די אָרטאָדאָקסען, וואָס האבען איין מאָל פארזוכט בילדונג, קענען זיך ניט פיהלען גוט אין דעם קליינליכען האַ־ווענעס פון זייער עלטערנס טרוקענער סביבה, און זוכען א רעטונג אין דער קערפערליך און גייסטיג געזונטערער ספערע פון די אונגארען.

צו ערקלערען זיך: פון וואנען נעהמט זיך אין אונגארן, ביי יודען אזא פינסטערנים פון איין זייט און האָלסייל־שמד פון דער אנדערער, איז נויטיג צו געדענקען דעם פאקט, וואָס אַז שוין אויבען דערמאָהנט געוואָרען. אין גאליציען און רוסלאנד האָט די השכלה אין דער ערשטער העלפט פונ׳ם 19טען יאהרהונ־דערט געשאפען א שטארקע יודישע אינטעליגענץ, וואָס די שפורען פון איהר טעטיגקייט פיהלט זיך נאָך איצט. די יודישע יוגענד האָט פאר זיך מוסטערן פון גרויסע גייסטער און מוטיגע קעמפפער. כאָטש דער קוק אויפ׳ן לעבען איז, בכלל, איצט ברייטער, אבער אין פונדאמענט פון די נייעסטע נאַציאָנאלע און סאָציאלע אידעאלען, ליגען אויך יענע פרוכטבארע אידעען פון ליכט און אויפקלערונג, וואָס האָבען בעגייסטערט די טרע־גער פון דער השכלה אין דייטשלאנד, גאליציען און רוסלאנד. פון דער אנדער זייט, צוזאמען מיט דער יודישער עמאנסיפאציע אין די ערשטע צוויי לענדער, האָט זיך אנגעהויבען צו ענט־

זעץ מעגען צעהן מענשען אבטיילען זיך און ארגאניזירען א בעזונדער זעלבסטשטענדיגע געמיינדע. אויסהאלטען די הוצאות פון א קהילה קאסט אבער טייער. דעריבער ווארפט זיך אונטער די קליינע מינדערהייט דער גרויסער מאיאריטעט. מיר בעגעגענען אין דער אונגארישער קליין־שטעדטעל ניט זעלטען בלויז ארטאדאקסישע געמיינדעס, כאטש אין שטעדטעל זענען דא אויך נעאלאגען און סטאטוס־קוואניקעס. און פארקעהרט. די מינדערהייט ווארפט זיך אונטער דער מערהייט. עס טרעפט אבער אויך — און זעהר אפט, אז די פריינעזאנענע, וואס זענען אין דער מינדערהייט, ווילען ניט האבען קיין שייכות מיט די שטריימלאך — און געהען איבער צום צלם...

אין אונגארן, אין דער פראווינץ, איבערהויפט, איז קיין מיטעלוועג ניטא. עס הערשען צוויי עקסטרעמען: אדער שטריימעלע, אדער שמד. אינטערעסאנט איז, אז די צאהל פון די ארטאדאקסישע קהילות און ארטאדאקסען בכלל, וואקסט שטארק אין אונגארן, אבער די שמד'ן צעהן מאל אזוי פיעל. דאס איז ניט קיין גוזמא, נאר בוכשטעבליך אמת. ס'איז א פאקט, אז אין איין יאהר 1912 האבען זיך גע'שמד'ט אין אונגארן 30 טויזענד יודען און צום יודענטום זענען איבערגעגאנגען 800 קריסטען. מ'דארף דא צוגעבען, אז דעם אויסדרוק שמד'ן זיך דארף מען ניט אלע מאל אננעהמען דא אין דעם זין פון איבערגעהן צום קריסטענטום. אין אונגארן איז ערלויבט חתונה צו האבען מענשען פון פערשיידענע רעליגיאנען, ניט בייטענדיג זייער אמונה. דער שמד אין דעם געוועהנליכען זין, אלס איבערגאנג צום קריסטענטום, איז אין אונגארן דעריבער א זעהר זעלטענע ערשיינונג. א יודישער בחור נעהמט אן אונגארישע שיקסע, אדער א יודישע מיידעל האט חתונה מיט אן אונגארישען שייגעץ און מוזען צוליב דעם איבערגעהן לעבען אין דער קריסטליכער סביבה. בכלל זענען געמישטע חתונות דא כמעט די איינציגע סבה צום שמד. די יודישע און אונגארישע יוגענד לערנט צוזאמען אין דער שולע, זענען מיטגליעדער אין דיזעלבע פעראיינען, און די נאהענטע בעקאנטשאפט און פריינדשאפט מוז ברינגען צו ענגערע ליבעסבעציהונגען. די סטאטיס־

דאָ אַלע יודישע געמיינדעס: די אָרטאָדאָקסען מיט זייער רב פון דער פּרעסבורגער ישיבה; די נעאָלאָגען מיט זייער ראבינער פון דעם נעאָלאָגישען סעמינאר און די „סטאַ־טוסקוואָ" — דער קלענסטער טייל (ביי 8000 נפשות). וואָס קומט אויס אַ מיט אַן אָרטאָדאָקסישען רב, אַ מיט אַ נעאָלאָ־גישען ראבינער, ווי עס פּאַסט זיי און ווי עס לוינט זיך זיי בעסער. מ'דאַרף דאָ בעמערקען, אַז טויזענדער פון די גאַליצישע יודען אין בודאַפּעסט, כמעט אַלע פרומע יודען, בעלאַנגען פונ־דעסטוועגען צו דער נעאָלאָגען־געמיינדע. דאָס איז דערפאַר, וואָס די נעאָלאָגען ־ געמיינדע איז די צאָהלרייכסטע און טאַקע פּשוט די רייכסטע. אַלע שטאַדטיגע יודישע צדקה־זאַכען זענען איהרע. די גאַליצישע יודען זענען צום מעהרסטען — אָרימע לייט און נויטיגען זיך אין שטיצע. מוזען זיי אָנקומען צו די נעאָ־לאָגען. אַזוי ווי יעדע געמיינדע שטיצט אָבער בלויז איהרע מיטגליעדער, בכן מוזען די אָרימע גאַליצישע יודען זיך פאַר־שרייבען פאַר נעאָלאָגען, כאָטש אין דער היים פיהרען זיי זיך ווי די אָרטאָדאָקסען. זיי קומען אויך אַן צום אָרטאָדאָקסישען רב מיט אַ שאלה; קויפען פלייש אין די אָרטאָדאָקסישע יאַט־קעס און מצה פאַר פסח פון די אָרטאָדאָקסישע מצה־בעקער און הענדלער. אַזוי טוען אויך אַ סך פון די סטאַטוס־קוואָ. פון דער אַנדער זייט איז אויך אַ פאַקט, אַז אַ טייל פון די אָרטאָדאָקסען, די יונגערע, וואָס זענען אָרטאָדאָקסען נאָר לפנים, ווייל זיי זענען אָבהענגיג פון די פרומע יודען, קויפען פלייש ביי די נעאָ־לאָגען, ווייל אָרטאָדאָקסיש־כשר'ע פלייש קאָסט אַ סך טייע־רער... בכלל קאָסטען די לעבענסמיטעל אין די אָרטאָדאָקסישע קראָמען טייערער און דערפאַר קויפען טאַקע אַ סך אָרימע פון דער אָרטאָדאָקסישער געמיינדע, זייערע עסען־זאַכען באַהאַל־טענערהייט אין די קראָמען פון די נעאָלאָגען. בפרט, אַז ניט זעלטען איז דער שטעמפּעל און פירמע „כשר" נאָר אַ בלאָף.

דעם טאָן אין פּאָליטישען לעבען גיבען די נעאָלאָגען גאָר פּשוט: זיי זענען די רייכסטע, די געבילדעטסטע. בודאַפּעסט איז כמעט אין גאַנצען נעאָלאָגיש. דערפאַר איז אָבער די פּראָ־ווינץ מעהרסטענס אָרטאָדאָקסיש. לויט דעם אונגארישען גע־

דינקייט און מעגליכקייט צו לעבען, ווי איהם געפעלט. דער קאמפף פון פערשיידענע עלעמענטען קומט פאר אין דער קול־טוס־געמיינדע, גופא. אבער צו א שפאלטונג ווערט ניט דער־לאזען. די לעצטע צייט שטרעבט די ווינער יודישע קולטוס־גע־מיינדע צו ארגאניזירען אלע יודישע געמיינדעס פון עסטרייך, בוקאווינא און גאליציען אין איין פערבאנד. צו דעם צווינגט זיי דער וואקסענדער אנטיסעמיטיזם אין עסטרייך. די פעראייניגונג פון אלע יודישע געמיינדען אין עסטרייך וועט זיין א גליק פאר די עסטרייכישע יודען. זי וועט זיי געבען א גרעסערע פאליטי־שע מאכט און וועט זיין אין שטאנד אבצוהאלטען דעם חורבן פון די גאליצישע יודען.

אין אונגארן אבער איז שוין לאנג פארגעקומען די שפאל־טונג: נאך מיט עטליכע און פערציג יאהר צוריק. די שפאלטונג איז פארגעקומען נאך א מורא'דיגען, פערצווייפעלטען קאמפף צווישען די ארטאדאקסען און רעפארמער. פון דעמאלט אן איז ניטא קיין יודען אין אונגארן. עס זענען דא ארטאדאקסען, „נע־אלאגען" און „סטאטוס־קווא".

אונטער נעאלאגען ווערען בעצייכענט אין אונגארן די רע־פארמירטע יודען, די „דאאטשען". וואס אנבעלאנגט „סטא־טוס־קווא" ווערט מיט אט דעם ווארט בעצייכענט דער יעניגער טייל יודען, סתם יודען, ניט קיין גרויסע פרומאקעס, ניט קיין איינגע'עקשנ'טע רעפארמער, וואס האבען בשעת דער צוטיילונג געזאגט: מיר ווילען ניט רוקען זיך ניט רעכטס, ניט לינקס; מיר בלייבען דארט, וואו מיר זענען — סתם יודען. די דאזיגע דריי עלעמענטען לעבען גאנץ אבגעזונדערט איינער פון דעם אנדערן, האבען איינער מיט דעם אנדערן נישט צו טאן. יעדער טייל האט זיין בעזונדערע געמיינדע־פערוואלטונג, זיינע רבנים, זיינע שוחטים, זיינע איברינגע כלי קודש. בלויז די „סטאטוס־קוואַ־ניקעס", וואס זענען אין א סך ערטער די קלענסטע אין צאהל פארמישען זיך אפט מיט איינער פון די איבריגע צוויי עלעמענ־טען, ווען יענע אליין זענען אויך אין א ווינציגער צאהל. אין בודאפעסט, מיט איהרע 200 טויזענד יודען — די גרעסטע יודישע געמיינדע אין אייראפא — זענען

## צווישען „שטריימעלע" און „שמד".

(דאָס אונגאריש־יודישע קליין־שטעדטעל).

אום צו האָבען א בעגריף ווי אזוי עס לעבען די אונגארישע יודען, איז וועניג צו זעהן פרעסבורג און בודאפעסט. מ'מוז אריינדרינגען טיעפער, אין דער אונגארישער קליין שטעדטעל. ערגעץ איז ניטאָ אזא קאָנטראסט צווישען גרויסשטאָדט און קליין שטעדטעל אין וואָס בעלאנגט דעם יודישען לעבען, ווי דאָ אין אונגארן.

איך האָב דעריבער בעזוכט ניט בלויז די אונגארישע מיטעלשטאָדט (פרעסבורג) און הויפטשטאָדט (בודאפעסט), נאָר אויך דריי קלענערע שטעדטלאך: מונקאטש, סיגעט און קערעשמעזאָ.

נאָר איידער איך וועל קומען צו מיין שילדערונג פון דער אונגארישער קליין שטעדטעל, איז נויטיג צו זאָגען א פאָר ווערטער וועגען דער אָרגאניזירונג פון דער יודישער געמיינדע אין אונגארן בכלל. דערין איז אויך א גרויסער אונטערשייד צווישען אונגארן און יודישע געמיינדעס פון אנדערע לענדער.

אין דייטשלאנד, ווי בעוואוסט, איז די יודישע בעפעלקערונג, אין די גרעסטע שטעדט, צעטיילט אין צוויי זעלבסטשטענדיגע געמיינדען אָרטאָדאָקסישע און רעפאָרמירטע יודען. עסטרייך ווייס ניט דערפון. די פיהרער פון דער וויענער יודישער געמיינער סטארען זיך אויסצומיידען רייבונגען. זיי גיבען יעדען טייל פון דער בעפעלקערונג א געוויסע זעלבסטשטענ־

א דעפוטאציע פון דער ארטאדאקסישער קהילה און דריקט איהם אויס טרייקייט און אונטערטעניגקייט.

בבלל איז פרעסבורג די איינציגע יודישע שטאדט אין אונגארן, וואס האט נאך ערהאלטען א סך פון דער אמאליגער יודישער אלטפרענקישער רוהיגקייט און שענקייט. ווענינסטענס אויסערליך. נאך היינט, ווי אמאל, פערהאלט זיך די שטאדט מיט גרויס ערפארכטיגקייט צום אנדענקען פון איהרע אמאליגע גרויסע מענשען. דערפון שטאמט, וואס ניט בלויז די רבנות געהט איבער אין א משך פון 100 יאהר פון טאטען צום זוהן, נאר אויך די עמטער אין קהל. אזוי צ. ב. האב איך געטראפען אלס אנגעשטעלטע פון דער געמיינדע — א טאטען, א זוהן און אן אייניקעל, וואס פיהרען זייער יחוס פון ר' קאפיל פרנס, א ראש הקהל, וואס האט געלעבט מיט 200 יאהר צוריק.

מלבוש" — מיט א בגר, און „חברה גרולה" מיט שבת. א חוץ דעם איז פאר די ישיבה־לייט פאראן א ביליגע קיך. קיין משולחים שיקט די ישיבה ניט פונאנדער. נאר זי בעקומט א סך אונטערשטיצונג פון אונגארן און דייטשלאנד.

ניט לאנג איז אין פרעסבורג געווען א שרפה, וואס האט אנגעמאכט א גוואלדיגען טומעל אויף דער וועלט. דער אונגליק איז ניט געווען נאר קיין גרויסער. ווי דער רב האט מיר גע־זאגט האבען אבגעברענט אין גאנצען 70 הייזער. ניט ווייניג זענען געווען פערזיכערט. נאר ווייל די שרפה איז געווען אי־בערהויפט אין דער יודענגאס, צווישען די אבגעברענטע הייזער איז אויך געווען די ישיבה, און, דערצו, איז פרעסבורג זעהר אן אלטע בעריהמטע יודישע שטאדט, האט די שרפה געמאכט א רעש אין די בלעטער. עס זענען אריינגעלאפען נדבות פון דער גאנצער וועלט. איצט בויט זיך א נייע גרויסארטיגע ישיבה.

אויף דער פרעסבורגער יודישער גאס ליגט נאך שטארק דער שטעמפעל פון מיטעלאלטער. דאס יודישע געזעלשאפטלי־כע לעבען איז דא זעהר שטארק ענטוויקעלט, אבער אויפ'ן אלטען שניט. ביז 30 חברות זענען דא פאראן, וואס האבען די פערשיידענסטע אויפגאבען. א שטויגער: „חברה ש"ס", „חברה שעורים" פון בעלי בתים, וואס לערנען חומש מיט רש"י, חברה „תינוקות של בית רבן" ד. ה. פון חדר־אינגלאך, „חברה בית חנוך ילדים" (צו געבען קינדער א רעליגיעזע ערציהונג), „חברה גמילת חסד", „חברה קדישא" מיט א שפיטאל, „מושב זקנים", „אהבת חסד", „ירוחם יתום" און נאך און נאך.

אין פרעסבורג איז דא אן אלטער מנהג, אז די היגע יודי־שע געמיינדע שיקט אלע יאהר, דעם 11טען נאוועמבער, אין דעם טאג פון דעם הייליגען מארטין — 6 גענז אין קייזערליכען הויף. פון זיי — דעם אלטען קייזער פראנץ יאזעף 4 און 2 דעם טראנפאלגער. די גענז זענען דעקארירט מיט נאציאנאלע בענ־דער — רויט — ווייס — גרין. די גענז ברייננגט דער נאמן פון דער קהילה אין דער קייזערליכער קיך אריין. צו דערזעלבער צייט, ווען מ'דערלאנגט די גענז, שטעלט זיך פאר דעם קייזער

קייזער, וואס האט די ישיבה־לייט געגעבען די זעלבע רעכט פריי צו זיין פון דינסט, ווי דאס האט די קריסטליכע גייסט־ליכע סעמינאר. געלערנט ווערט דא ניט, ווי אין די רוסלענדער ישיבות. מ׳לערנט ניט אלע צוזאמען. א יעדער לערנט ביי זיך אין דער היים די לעקציע, וואס מ׳האט איהם פערגעבען. די לעקציע בעשטעהט אין א פארציע גמרא, תוספות, ערשטע מפרשים, פוסקים, יורה דעה, אורח חיים. יעדע וואך קומט פאר א קליינער עקזאמען. סוף זמן איז א גרויסער עקזאמען. דער גאנצער קורס דויערט, אדער, וועניגסטענס, דארף דויערן ניט וועניגער, ווי 5 יאהר. יעדער ישיבה־מאן בעקומט א גאנץ בעשיידענע וועכענטליכע אונטערשטיצונג. אביסעל שיקט מען צו פון דער היים. אמאל קריגט מען א שטונדע אויף גמרא. צו ווערען רב, מוז דער ישיבה־מאן, א חוץ סמיכה פון דעם רב און ראש ישיבה, אבגעבען עקזאמען אויף א געוויסען גראד בילדונג. דעריבער לערנען זיך די ישיבה־לייט, אויסער דער ישיבות. מ׳לערנט ניט אלע צוזאמען. א יעדער לערנט ביי זיך און וואו ער וויל. צו דער ישיבה האט דאס ניט. געוועהנליך איז דער עקזאמען פון בילדונג מעהר אויפ׳ן פאפיר, ווי א ווירקלי־כער. דער רב, וואס געהט ארויס פון דער פרעסבורגער ישיבה, האט דעריבער ניט מעהר בילדונג, ווי א תלמיד פון א מירער ישיבה, א שטויגער. וואס אנבעלאנגט וואלאזשינער ישיבה, שטעהען איהרע תלמידים אין אינטעליגענץ א סך העכער, ווי די בחורים פון דער פרעסבורגער ישיבה, ס׳זענען פאראן, נא־טירליך, אויך אויסנאמען. אנדערע יונגע לייט בענוגענען זיך נים מיט די אלגעמיינע בילדונג, וואס פאדערט זיך פאר א רב. זיי געהען, נאכ׳ן ענדיגען די ישיבה, ווייטער שטודירען און בעקומען א דאקטאר־דיפלאם. וויעדער זענען דא אזעלכע, וואס, איין מאל פערזוכט פונ׳ם „עץ הדעת", קעהרען זיי זיך ניט אום צו דער ישיבה און צו רבנות, און געהמען זיך צו א וועלטליכען שטודיום.

צו שטיצען די ישיבה־לייט זענען אין פרעסבורג פאראנען דריי חברות, וואס זארגען פאר די נויטיגסטע בעדערפעניסען פון די לערנער. „חברה לחם", בעזארגט זיי מיט ברויט, „חברה

יאָהר פון איהר עקסיסטענץ אַרויסגעבראַכט טויזענדער רבנים און לומדים. צום ענדע פון זיין לעבען איז דער „חתם סופר" פערהיילינגט געוואָרען אין פאָלק. אַזוי ווי ר' חיים וואָלאָזינער אין ליטאַ. זיין אנדענקען איז אַרומגערינגעלט מיט אַ קראַנץ פון לעגענדען, וואָס כאַראַקטעריזירען זיין שטאַרקע פערזענ־ליכקייט און די גרויסע פערעהרונג, וואָס ער האָט גענאָסען אין זיין צייט. אַזוי, צ. ב. האָט מען מיך פערזיכערט, אַז אין די צייטען פונ'ם „חתם סופר" האָט קיין איין יוד ניט מחלל שבת געווען אין פרעסבורג. אין יאָהר 1813 איז אויסגעבראָ־כען אַ פייער אין שטאָדט. גאַנץ פרעסבורג איז געשטאַנען אין פלאַמען. נאָר דעם „חתם סופר" האָט דאָס ווייניג געאַרט. ער איז אַרונטער אין אַ קעלער און האָט דאָרט געלערנט מיט זיינע תלמידים ווי אַלע טאָג. פון צעהן יאָהר אָן איז ער ניט געגאַנ־גען פיער איילען אָהן תורה. יום כפור צום דאַווענען האָבען איהם אַרומגערינגעלט טויזענדער נשמות פון תנאים און אמוראים. פוןביידע זייטען זענען געשטאַנען ביי איהם, ווי לייבוועכטער: רעכטס דער „רמב"ם" און לינקס דער „רמב"ן". אין דער אַלטער פרעסבורגער שול האָט מען מיר געוויזען די „זענפטע" — דיביידעל אין וועלכער מ'האָט איהם געטראָגען אין שול.

די קינדער און קינדס־קינדער פונ'ם „חתם סופר" האָבען נאָך זיין טויט טריי געהאַלטען זיין פאָהן. זיי זענען ביז היינטי־גען טאָג די זיילען פון דעם אייראָפּעאישען אָרטאָדאָקסישען יודענטום. זיינער אַן אייניקעל איז געווען דער בעריהמטער רב שמעון סופר, רעדאַקטאָר פון דער אָרטאָדאָקסישער צייטונג „איזראַעליט" אין מיינץ. אַן אוראייניקעל פונ'ם „חתם סופר" פערנעהמט נאָך איצט דעם שטוהל פון רבנות אין פרעסבורג. ער איז אויך דער ראש ישיבה. איך האָב איהם בעזוכט. ער האָט מיך פריינדליך אויפגענומען. האָט מיר דערצעהלט די גע־שיכטע פון דער פרעסבורגער ישיבה, איהר איצטיגען צושטאַנד.

אין דער ישיבה געפינען זיך איצט 300 יונגע לייט. נאָך מיט 58 יאָהר צוריק איז די פרעסבורגער ישיבה אנערקענט גע־וואָרען פון דער רעגירונג. זי האָט געקראָגען אַ פּאַטענט פונ'ם

אין איין צייט מיט מירער און וואלאזשינער ישיבה. דער „חתם סופר" איז געווען דאן רב אין פרעסבורג. דאס איז געווען א מענש מיט א גוואלדינער ענערגיע, מיט א גרויסן טאלאנט פון א לירער. די יודען פון מערב אייראפא האבען דעמאלט געלעבט אין גאנץ אנדערע בעדינגונגען, ווי די רוסישע יודען. בשעת אין רוסלאנד האבען זיך ערשט פארטראגען צופעליגע, איינציגע פונקען פון אייראפעאישער בילדונג, האט שוין עסט־רייך־אונגארן און, איבערהויפט, — דייטשלאנד געקאכט מיט בערלינער השכלה. די השכלה האט שוין דארט געבראכט איהרע ביטערע פרוכט אין דער געשטאלט פון דער אסימילא־ציע. א גאנצע רייה מענדעלסאנס חברים און תלמידים האבען זיך צושמדט, צוזאמען מיט מענדעלסאנס קינדער. זייער ביי־שפיל האבען נאכגעטאן א מאסע יודען, וואס האבען בעקומען בילדונג און זייער יודישער אבשאמונג איז זיי געשטאנען אין וועג צו קריגען פעטע דזשאבס (קאריערעס) און האבען כבוד פון דער קריסטליכער וועלט. אלץ, וואס האט זיך געפיהלט שטארק און יונג האט גענומען אנטלויפען פון דעם יודישען לאגער. די שטרעבונג צו רעפארמען האט אנגענומען א העס־ליכען כאראקטער. עס האבען זיך געפונען רבנים, וואס האבען מתיר געמאכט עסען טרייפעס און געהייסען אויסמעקען פון די סדורים און מחזורים אלץ, וואס האט פערבונדען דעם פשוט'ען פרומען יודען מיט זיין פערגאנגענהייט. אין יענער צייט איז ערשיענען דער „חתם סופר", א מענש מיט אן איי־זערנער ענערגיע און מוט, און האט זיך געשטעלט אין קאמפף נעגען די אסימיליאטארען מיט די רעפארמער. צעהנדליגע יאה־רען נאכאנאנד האט ער געקעמפפט און — האט געזיגט. ער האט פארשטאנען, אז די אסימילאטארישע בעוועגונג איז א פועל יוצא פון די „עם הארצות", פון דער רעליגיעזער אונוויסענ־הייט, אין וועלכער דאס פאלק האט זיך געפונען, און ווען פרעסבורג האט איהם גענומען פאר א רב האט ער אויסגענומען א תנאי, אז שטאדט זאל אויסהאלטען 8 בחורים־לערנער. אין א משך פון יאהרען איז פון די אכט בחורים געווארען 400 ישיבה־לייט, און די פרעסבורגער ישיבה האט פאר די הונדערט

# דער „חתם סופר".

די רוסלענדער ישיבות שטעלען פאר פיערערליי טיפען: מ י ר איז וואלאזין — די עלטעסטע, די יחסנ׳טעס, די פלאנצהייזער פון דאס רוב מתנגדישע רבנים; לידא — א פרוב פון א רעפארמירטער ישיבה, א קאמפראמיס מיט דער נייער צייט, א שטרעבונג צו פעראייניגען תורה מיט וועלטליכער בילדונג. דאן קומט „סלאבאדקע" און „נאוואגרודאק" מיט זייערע „מוסר׳ניקעס": צולעצט — ליבאוויטש — א ספעציעלע ישיבה פאר חסידישע רבנים און לומדים. אין אדעס געפינט זיך א גרויסע ישיבה, נאר זי איז פונ׳ם זעלבען טיפ, ווי די לידער ישיבה.

דאס אייראפעאישע ארטאדאקסישע יודענטום האט מעהר ניט ווי איין ישיבה, וואס גרייט צו רבנים פונ׳ם אלטען שניט. דאס איז — די פרעסבורגער ישיבה. די פרעסבורגער ישיבה פערזעהט מיט רבנים ניט בלויז גאנץ אייראפא, נאר אויך אמעריקא, אפריקא און אויסטראליען, מיט איין ווארט: וואו עס איז נאר פאראן אין דער וועלט א פרומע יודישע געמיינדע, וואס נויטיגט זיך אין פרומע רבנים.

דער גרינדער פון דער פרעסבורגער ישיבה איז דער בע־ריהמטער ר׳ משה סופר, וואס איז מעהר בעקאנט אונטער דעם נאמען פון זיין חבור „חתם סופר". דער „חתם סופר" האט גע־לעבט אין איין צייט מיט דעם ווילנער גאון און ר׳ חיים׳קע וואלאזשינער. זיין ישיבה איז געגרינדעט געווארען כמעט

פארטיינע רעדאקטארען און זשורנאליסטען בכלל זענען יודען. דאס ערקלערט זיך פיליייכט דערמיט, וואס יודען זענען תמיד מעהר געשטימט ראדיקאל און גענייגט צו דער עקסטער אפאזיציע; פיליייכט דערמיט, וואס אין דער יודישער יוגענד זענען אומעטום און שטענדיג פאראן גענוג אידיינע און אידעאלע עלעמענטען, וואס קענען געפינען א בעפרידיגונג פאר זייערע איידעלע שטרעבונגען נאר אין סאציאליסטישען לאגער.

גרעסטער רערנער אין פּאַרלאַמענט, ווייספּעלד (האָט שווין לאַנג זיין פאמיליע איבערגעניצעוועט אויף אונגאַריש — ו ו א ז ש אַ־ נ י), דער גרעסטער אונגאַרישער דראַמאַטורג מאַלנאַר, דער ניט לאַנג פערשטאָרבענער בודאַפּעסטער סיטי־מעיאָר — העל־ טאַי, דער גרעסטער אונגאַרישער דיכטער יאַזעף קיש — דאָס זענען אַלע יודישע פאמיליעס, חאָטש צום גרעסטען טייל מאַ־ דיאַריזירטע, ד. ה. איבערגעניצעוועטע, פערטייטשטע אויף אונ־ גאַריש. א שטוינער : „קיש" איז אין אונגאַריש דער טייטש פון „קליין". יודען זענען אויך שטאַרק פערטראָטען אין דער גרויס־ פּראָדוקציאָן. אַזוי איז, צום ביישפּיעל, דער יוד מאַנפריד ווייס דער גרעסטער, דער רייכסטער פאבריקאַנט אין אונגאַרן. ער האָט א פאַבריק פון מיליטער־קאָנסערווען, פּאַטראָנען און קאַ־ נאָנען.

אָבער ווען יודען זענען אַזוי שטאַרק פערטראָטען אין אַלע טיילען פון דער אונגאַרישער בורזושאַזיע, דערפאַר זענען אין אונגאַרן זעהר ווענינ דאָ יודישע אַרבייטער. אמת, איהר בעגעגענט אין בודאַפּעסט אויף יעדען טריט און שריט יודישע דינסטמענער מיט מעשענע בלעכלאך אויף זייערע היטלאך, אָדער יודישע פוהרלייט, אָדער „פיאַקערניקעס", ווי זיי הייסען דאָ און אין גאַליציען. אָבער דאָס זענען נאָר די ניט לאַנג איינגע־ וואַנדערטע גאַליציאַנער יודען, וועלכע זענען צו אַלט אָדער צו שוואך אויף אויסצוגרינגען זיך מאַדיאַריש. וואָס אָבער צווישען די אונגאַרישע יודען איז יונג און שטאַרק און מוטיג און פעהיג האָט די פולע מעגליכקייט איבערצוגעהן אין דעם לאַגער פון די שטאַרקע און ניט פאַרנעהמען קיין פּלאַץ צווישען די אויס־ געבייטעטע.

און דעריבער איז טאַקע פּשוט א וואונדער, וואָס יודען זענען אם שטאַרקסטען פערטראָטען אויך אין דער — אונגאַרי־ שער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. אמת צווישען די אָרגאַניזירטע אונגאַרישע אַרבייטער זענען ווינציג יודען פאַראַן. דערפאַר אָבער פערנעהמען יודען א פּלאַץ צווישען די גענעראַלען פון דער פּאַרטיי. כמעט אַלע לידערס, אַלע בעסטע רערנער, אַלע

זעהר די אונגארישע שפראך און רעדט צווישען זיך נאר אונ־גאריש. די ליבע צו דער לאנדסשפראך און איהר ליטעראטור איז אזוי גרויס ביי דער יודישער יוגענד, אז אין א גאנצער רייהע שטעדטלאך האבען די יודישע קינדער אין גאנצען פארגע־סען יודיש צו ריידען, און די עלטערן, וואס קענען נאך יודיש, זענען געצוואונגען מיט זייערע קינדער אונגאריש צו ריידען. איך רייד דא, נאטירליך, פון דער מאסע. וואס אנבעלאנגט דער אינטעליגענץ, האט זיך נאך מיט א דור פריהער מאמע־לשון פארגעסען לחלוטין און אונגאריש איז זייער אמת'ע מוטער־שפראך.

אין דער עקאנאמישער לאגע איז זעהר א גרויסער אונטער־שייד צווישען די עסטרייכישע גאליצישע און אונגארישע יו־דען. די אונגארישע קאנסטיטוציע איז, ווי געזאגט, די פרייעסטע אין אייראפא. יודען האבען שוין לאנג צוטריט צו אלע בעשעפ־טיגונגען. דער האנדעל אבער, ווי געזאגט, ליגט נאך איצט, ווי אמאל כמעט אין גאנצען אין יודישע הענד. אין די דערפער האט מען אפילו געפרובט איינפיהרען קאנסום־פעראיינען, נאר דאס האט ניט געהאט קיין ערפאלג. ניטא קיין פעהיגע מענשען דערצו. אינטעליגענטע פראפעסיעס — דאקטוירים, יוריסטען, אינזשענערען און אנד. כמעט אלע יודען. צווישען אונגארישע קינסטלער שפילען יודען די גרעסטע ראלע. זשורנאליסטען, דראַ־מאטורגען, דיכטער, הויפטזעכליך יודען.

יודען זענען די גרעסטע פאליטישע טוער, די בעסטע רעד־נער אין פארלאמענט. אין אונגארישען פארלאמענט זיצען 30 יודישע דעפוטאטען. דאך בילדען זיי ניט קיין בעזונדער יודי־שען קלוב, נאר זיי זענען צעטיילט אין אלע פארטייען. אסך יו־דען גוטסבעזיצער און פאקטערס פון ניטער זענען דא אין אונגארן. וואס אנבעלאנגט מלוכה־שטעלען און שטאדטישע עמ־טער זענען יודען פול אומעטום פון א קאנדוקטאר אין צוג ביז א געגעראל אין מיליטער. זענען ניטא קיין יודען מיניסטארען, איז דערפאר כמעט שטענדיג די „רעכטע האנד" פון יעדען מיניסטער, זיין סעקרעטאר, — א יוד. דער גרעסטער אונגא־רישער כירורג, פראפעסאר הערצל, איז א יוד. דאסגלייכען דער

גע דרשות. דאָס פאָלק האָט ניט פאַרשטאַנען זייער שפּראַך און זיי ניט די שפּראַך פון׳ם פאָלק. די אונגאַרען, א פאָלק, אַזוי ווי די פינען, פון מאַנגאָליש־טאַטאַרשער אָבשטאַמונג, איז בכלל ניט גענייגט צו רעליגיעזען פאַנאַטיזם. דערצו זענען דאָ יודען אין לאַנד זעהר לאַנג. די היגע יודען בעהויפּטען, אז זייער ערש־טער אונגאַרישער פירשט, אַרפּאַד, וואָס האָט איינגענומען דאָס לאַנד מיט א טויזענד יאָהר צוריק, האָט געהאַט א יודישע פרוי, אָדער מוטער, און אין דעם העכסטען אונגאַרישען אַדעל פליסט אַלזאָ יודיש בלוט. א חוץ דעם, זענען מיט די ערשטע איינגעה־מער פון׳ם לאַנד, מיטגעקומען פון אַזיען יודען, און זיי האָבען שוין געפונען אין לאַנד יודען, וואָס האָבען דאָ פון פריהער געלעבט. די אונגאַרישע יודען בעשטעהען פון דרייערליי עלע־מענטען. נאָר דער עלטערער עלעמענט געפינט זיך אין לאַנד גלייך מיט די אונגאַרען. די דאָזיגע יודען האָבען ביז דעם 16טען יאָהרהונדערט גערעדט די שפּראַך פון׳ם לאַנד, ד. ה. אונגאַריש. פּונקט אַזוי האָבען די רוסישע יודען ביז יענער צייט גערעדט ליטוויש, רוסיש און פּויליש און ניט געוואוסט קיין אַנדער שפּראַך, א חוץ העברעאיש, וואָס נאָר איינצעלנע מענשען און דער רב האָבען פאַרשטאַנען. אין אָנהויב פון 18טען יאָהרהונ־דערט הויבט זיך אָן די מאַסען־איינוואַנדערונג פון אַנדערע יו־דען אין אונגאַרן. דער ערשטער שטראָם ברינגט אַהער יודען פון מעהרען און בעהמען. שפּעטער מיט א 50—60 יאָהר קומט א צווייטער שטראָם פון גאַליצישע יודען. דער דאָזיגער שטראָם געהט כסדר פון דעמאָלט אָן און הערט ניט אויף ביז היינטיגען טאָג. ווען ניט אַמעריקאַ, וואָס איז פאַר׳ן גאַליצישען יודען אַסך מעהר אַנציהענד, ווי אונגאַרן, וואָלטען איבערגעגאַנגען אַהער געוויס דריי פערטעל פון די גאַליצישע יודען.

די איינגעוואַנדערטע יודען האָבען שוין לאַנג געלענט זייער שטעמפּעל אויף דער גאָר אַמאָליגער אונגאַרישער יודישער בעפעלקערונג, ווייל זיי זענען אין קולטור געשטאַנען העכער פון זיי. פּונקט ווי די רוסישע און פּוילישע יודען ריידען זיי צווישען זיך יודיש מיט דער גאַליצישער אויסשפּראַך. יעדער יוד קען אָבער אויך זעהר גוט אונגאַריש. די יודישע יוגענד ליעבט

בכלל. אונגארן איז פון אמאל אז און ביז היינטיגען טאג — אן אגראריש לאנד, א לאנד פון פריצים און פויערן. אין פוילען האט די ענגשאפט און די נויט שוין לאנג געצוואונגען דעם פריץ פערלאזען זיין ערד, איבערגעהן אין שטאדט און קאנקורירען דארט מיט דעם יודישען קרעמער און אינטעליגענט. די נאציאנאלע אונטערדריקונג וויעדער טרייבט דעם פאליאק צום בלינדען פאנאטיזם אין זיין פאטריאטישען געפיהל, מאכט איהם פערדעכטיג געגען יודען, וועקט אין איהם גיפטיגען האס צו די יודען. אין אונגארן זענען אט די סבות ניטא. זיין נאציאנאלע אויטאנאמיע האט דאס אונגארישע פאלק אויסגעקעמפפט פון יאהר 1867. דאס לאנד איז גענוג גרויס אי פאר'ן פריץ, אי פאר'ן פויער. דער פריץ וויעדער איז דא שטענדיג געוועזען קולטורעלער, ריהרעוודיגער, פלייסיגער פאר'ן פוילישען פריץ. ער איז קיין מאל ניט געוועזען אזוי הערשזיכטיג, פויל און פערדארבען דורך תאוות, ווי יענער. דער גאנצער האנדעל איז דעריבער אין אונגארן נאך יעצט, ווי אמאל פאלקאם אין יודישע הענד. דער פריץ, ווי דער פויער לעבען ביי דער ערד און קענען ביידע אהן דעם יודען ניט אויסקומען. דער יוד איז דא שטענדיג געווען ביידענס בעל עצה. אהן איהם האט מען זיך ניט א קעהר געטאן. דעריבער האבען יודען אין פאליטישען לעבען פון אלע מאל דא געשפילט א וויכטיגע ראלע. אין דער רעוואלוציע פון 1848 האבען יודען זיך זעהר שטארק בעטייליגט און א סך קרבנות געבראכט. דאס אונגארישע פאלק געדענקט דאס, האט שטארק הרך ארץ פאר דעם יודישען מוט און איז זיכער אין דעם יודענס פאטריאטיזם. די גרעסטע אונגארישע פאליטיקער האבען יודישע סעקרעטארען און עצה־געבער, וועלכע זיי ווייזען ארויס אפען זייער פריינדשאפט.

נאך א שטריך דארף מען בעמערקען צו ערקלערען זיך די בעציהונגען צווישען אונגארן און יודען. דאס איז שוין ניט קיין עקאנאמישער, נאר א קולטורעלער. דער קאטאליציזם האט אין אונגארן קיין מאל ניט געהערשט, קיין מאל ניט געהאט אזא מאכט, ווי אין פוילען, א שטויגער. די יעזואיטען האבען דא ניט געפונען קיין באדען פאר זייערע בלוטדורשטיגע און גיפטי־

# די יודען אין אונגארן.

אויב עס איז דא, ערגעץ אין אייראפא, א גן עדן פאר יו־דען, איז דאס אין אונגארן. אויב עס איז ערגעץ דא א ווינקעל וואו יודען זענען אין דער גרעסטער געפאהר צו פערשווינדען, איז דאס ווידער אין אונגארן. אין אונגארן זענען די פרומסטע יודען פון דער גאנצער וועלט. דא איז אויך די גרעסטע צאהל משומדים.

די לאגע פון די אונגארישע יודען איז פול מיט קאנטראס־טען. זי איז די סאמע אינטערעסאנטע פון אלע יודען אין דער וועלט. און דאך ווייסען מיר פון די אונגארישע יודען ווענינער, פיליייכט, ווי פון אלע יודען אין דער וועלט.

אונגארן איז אפשר דאס איינציגע לאנד אין דער וועלט, וואס האט נים, וואס ווייס נים פון אנטיסעמיטיזם. און דאס אונגארישע פאלק בעלאנגט צו די ווענינער ציוויליזירטע אין איירא פא, דערפאר בעגעגענט איהר אין קיין לאנד נים אזא צו־געבונדענקייט, אזא ליעבע פון דער יודישער יוגענד צו זייער לאנד, צום פאלק צווישען וועלכען זיי לעבען, ווי אין אונגארן. די גאנצע יודישע יוגענד אין אונגארן זענען פלאם פייערדינע מאדיארען. ד. ה. אונגארישע פאטריאטען. נאר אפילו די אלטע, די פרומע אונגארישע יודען, האבען שטארק ליעב זייער לאנד, און פיהלען זיך דא בעסער, ווי אומעטום.

צו פארשטעהן די יודישע לאגע אין אונגארן, דארף מען פריהער פון אלץ בעטראכטען די עקאנאמישע לאגע פון אונגארן

# אינ'ם לאנד פון „שטריימעלע"
# און „שמד".

האָט זיך איהם פאַרגעשטעלט, אַלס אַמעריקאַנער סיטיז׳ן. דערצעהלט זיין קריטישע לאַגע און געבעטען פערהעלפען איהם אין א טיקעט — קיין אַמעריקא. ער האָט אָבער געלאַזען די ס׳טיז׳ן פייפּערס אין אַמעריקא. דער קאָנסול האָט איהם צו־געזאָגט צו געבען א טיקעט, ווען עס וועט זיך ארויסווייזען, אז ער איז ווירקליך אַן אַמעריקאַנער בירגער. דאָס דאַרף דויערן אַפּאָר מאָנאַטען. דער עיקר אָבער: צי וועט מען אריינלאָזען מיט איהם זיין בלינדע ווייב?

איך האָב איהם געשאַפען א בריעף פון א וויענער ראַבינער צו איינעם פון די גרעסטע וויענער אויגען־פּראָפעסאָרען. דער פּראָפעסאָר האָט בעטראַכט די בלינדע און ערקלערט: צו שפּעט! פאַרפאַלען. דערזעלבער ראַבינער האָט איהם געגעבען א בריעף צו דער וויענער „אַליאַנס", וועלכע האָט איהם בעזאָרגט מיט טיקעטס און געגעבען איהם שטיצע צו פאָהרען ווייטער.

איינינע טעג בין איך געווען שטאַרק פערנומען און האָב ניט געקענט בעזוכען מיין לאַנדסמאַן. אז איך בין דערנאָך געקומען צו איהם, האָב איך איהם שוין ניט געפונען. זיין באַלעבאָסטע האָט מיר געזאָגט, אז ער מיט דער בלינדער זענען ערגעץ אוועקגעשיקט געוואָרען פון דער „אַליאַנס". וואוהין? דאָס האָט זי אויך ניט געוואוסט.

מיך האָט שטאַרק פערדראָסען, וואָס איך האָב פערלאָרען יעדען שפּור פון איהם. און יעצט בשעת איך פאַרענדיג זיין טרויעריגע געשיכטע ענגבערט מיך אין מח א געדאַנק: צי האָט זיך ניט פאַרענדיגט זיין שרעקליכער לעבען מיט א פּערטער טראַגעדיע? צי האָט מען איהם אויף עלים־איילענד ניט צושיידט מיט זיין בלינדען פריינד, דעם איינציגען פריינד אין זיין מאַרטירער־לעבען?

עס קען זיין, אז בשעת איך שרייב אָט די צייליען, טראָגט א שיף די בלינדע פריינדין, די איינציגע פריינדין פון דעם מאַרטירער, אבגעריסען פון איהם, צוריק אין דאָס קאַלטע, גרוזאַמע לאַנד, וואָס האָט ביי איהר דאָס ליכט פון די אויגען אויסגעלאָשען און איהר אַזוי פיעל טרערען, אזוי פיעל טרערען געקאָסט...

ווייגען.

און זי האָט געוויינט, געוויינט טאָג און נאַכט. ניט איי־בערגעגאַנגען אַ טאָג, וואָס זי האָט קיין טרערען ניט געגאָסען.

און אַז ער האָט איהר אויפגעזוכט בעהאַלטענערהייט, אַנטלויפענדיג פון דער קאַטאַרגע, האָט זי איהם קוים דער־קענט.. נאָך דער שטים. נאָכ׳ן פּנים ניט. זי איז בלינד געווען. האָט איהרע אויגען אויסגעוויינט: און איינגעבויגען, פאַרהאַר־בעט איז זי געוואָרען. אַ צעבראָכענער שאַרבען.

נאָר אַט דער צעבראָכענער שאַרבען איז איהם טייערער געוואָרען, ווי פריהער די געזונטע, די יונגע ווייב. דאָס איז געווען זיין איינציגער פריינד אין לעבען.

זיינע קינדער — מיידלאָך — זענען אויסגעוואַקסען — אַרבייטערינס געוואָרען, אין לאָדז. זיין זוהן, אַ בחור פון צוויי און צוואַנציג יאָהר האָט געדינט אין מיליטער.

די מיידלאָך, די אָרימע אַרבייטערינס, האָבען ווי עס איז אויפגעקליבען עטליכע רובל און געגעבען איהם מיט, צום גרעניץ. מ׳האָט אויך די „מוהמען" איבערגעשיקט צו איהם, צו יענער זייט גרעניץ.

און אַזוי האָב איך זיך מיט איהם און מיט א י ה ר בעגעג־נענט אין וויען. ער איז נאָך געבליבען, ניט קוקענדיג אויף אַלע יסורים, וואָס ער האָט איבערגעליטען, ביי זיינע קרעפטען — דער בוי פון זיין קערפּער איז אַ פּנים אייזען געווען. אַ ברייטער, אַ ביינערדיגער יוד פון אַ יאָהר עטליכע און פערציג. זי — אַן איינגעהאָרבעטע, בלינדע ווייבעל פון עטליכע און דרייסיג. זי רעדט ניט וועגען איהר בלינדקייט, וועגען איהרע ליידען; האַרצרייסענעס און ביטערע אָרימקייט פאַר די פערגאַנגענע 8 יאָהר. זי איז גליקליך, וואָס ער איז לעבען איהר. אַז ער רעדט צו איהר, שיינט איהר פּנים מיט אַ גליקליכען שמייכעל. און אַז ער קומט פון גאַס, קומט ער קיין מאָל ניט מיט ליידיגען, ברייננגט איהר שטענדיג עפּעס, אַ גוטע זאַך, אין מויל אַריין. נעהמט איהם אַרום און צערטעלט איהר, ווי אַ קינד: מיין ווייבעלע, מיין ליעב ווייבעלע...

ער איז געווען אין וויען ביי דעם אַמעריקאַנער קאָנסול.

זעהן די פרייע וועלט.

מיין לאנדסמאן האט קומענדיג צו דעם ארט פון זיין געשיכטע, וועלכע איך מאך בקיצור, פריי אבגעאטעמט און. אפנים, צופרידען, וואס ער איז אין וויען און ניט אין ארכאנגעלסק. האט ער אנגעהויבען ברומען, נאך זיין פריהערדיגען שטוינער, ווי פאר זיך, א ליעדעל. נאר דאס מאל אויף יידיש דאס ליעדעל פון דער בעריהמטער „גאגאיעטשקא".

גאסודאר איספוגאלסיא אי דאל מאניפעסט:

מיארטווים סוואבאדו, זשיווים — פאד ארעסט!

ס'הייסט דער קיסר האט זיך דערשראקען (פאר דער רעוואלוציע) און ארויסגעגעבען א מאניפעסט: פרייהייט די טויטע און די לעבעדיגע — ארעסטירען... אזוי ווערט אויסגעלאכט אין אט דער רעוואלוציאנערער פאלקסלידעל די רוסישע קאנסטיטוציע.

ער איז געוועזן א לעבעדיגער בעווייז פון דעם שרעקליכען אמת וואס ליגט אין דעם דאזיגען שפאס.

די רעוואלוציאנערען האבען, ווי עס שיינט, מעהר ניט געקענט טאן, ווי בעפרייען איהם פון די קייטען און בריינגען איהם אין זיכערהייט ביז'ן גרעניץ — אויף יענער זייט.

איהם האט זיך אבער איינגעגעבען זיין אין דערהיים, זעהן זיך מיט די קינדער, מיט דער פאמיליע. און דא הויבט זיך אן זיין דריטע טראגעדיע.

פאר די גאנצע 8 יאהר פון זיין קאטארגע האט ער ניט געהאט קיין מעגליכקייט צו בעקומען א ידיעה פון דער היים און צו לאזען עפעס וויסען די ווייב און קינדער. ער האט זיך גערעכענט פאר לעבעדיג בעגראבען און אבגעריסען אויף אייביג, פון דער פרייער וועלט. די בעפרייאונג איז געקומען אונגעריכטערהייט.

אבער ווען ער האט זיך אבגעגעבען דעם שיקזאל, האט זיך אין הארצען געזעגענט אויף אייביג מיט דער פריי, האט זיך זיין ווייב, די צווייטע ווייב, ניט געקענט טרייסטען. זי איז איהם געבליבען טריי די גאנצע אכט יאהר פון זיין קאטארגע. זי האט אבער מעהר ניט געקענט טאן פאר איהם, ווי איין זאך —

ער אבגעגעבן צו אן ארביים. אליין האט ער ווידער חתונה געהאט, נאטירליך איז דאס געווען א שטילע חופה, אהן קלעז־מער, בלויז פאר א מנין אידען. קיין פרומער איז דער דאזיגער לאנדסמאן קיין מאל ניט געווען. דערצו איז ער איצט געווען א „פע־פע־עס־ניק".

אין זעלבען יאהר האט אין לאדז, מעהר ווי אומעטום, געשטורמט מיט רעוואלוציע. דעמאלט איז פארגעקומען אין פאזנאנסקי'ס פאבריק דער אקט פון בלוטיגער נקמה געגען דעם דירעקטאר און עלטעסטען מייסטער, וואס האבען זיך בעז־זונדער פערהאסט געמאכט ביי די ארבייטער. מ'האט זיי, אין א צוזאמענשטו ס, ביידען דערשאסען. די פאליציי האט דער־מאלט איבערגעקעהרט לאדז. הונדערטער ארבייטער האט מען ארעסטירט. צעהנדליגע נאך קאטארגע פארשיקט. איינער פון זיי איז געווען — ער.

מ'האט איהם בעשולדיגט ניט אין מארד, נאר אין וויסען און ניט ארויסגעבען די, וואס האבען געהרג'עט דעם דירעקטאר מיט דעם מייסטער. א האלב יאהר האט מען איהם געפייניגט מיט'ן פערהער אין ווארשעווער ציטאדעל. ער איז געווען די גאנצע צייט צונעשמידט מיט'ן פנים צו דער ערד. ביי איהם, אלס פשוט'ן יודען, האט מען געמיינט ארויסצוקריגען דעם סוד, דא מיט סטראשונקעס, אז מ'וועט איהם הענגען, דא מיט צוזאגען און זאגאר אנידערלעגען פאר איהם ריזיגע סומען געלד, האט מען געוואלט ארויסציהען ביי איהם ווערטער. נאר ער האט נעענטפערט איינס: אז ער ווייס ניט פון וואס צו זאגען. ענדליך איז געווען דער סוד און מ'האט איהם, מיט איינינע אנדערע, פערמשפט צו 12 יאהר קאטארגע.

אכט יאהר איז ער אבגעווען אין ארכאנגעלסק. די גאנצע צייט מיט קייטען אויף די פיס. ענדליך, מיט א צעהן מאנאטען צוריק, האט זיך די רעוואלוציאנערען איינגעגעבען צו ארגאַ־ניזירען א „ויברח" פון פיער פאליטישע קאטארזשניקעס. צווי־שען זיי איז ער אויך געווען. נאר ארונטערלאזענדיג זיך דורך די גרעהרען פון א קלאזעט, זיינען צוויי דערשאסען געווארען, און נאר איהם מיט נאך איינעם האט זיך איינגעגעבען צו דער־

דער דערציילט, אז די מאמע איז אוועק, שוין עטליכע שעה און איז ניט געקומען. קיין וואַרעמעס האָט זי אויך ניט געקאָכט.

עס האָט אַ הם עפּעס אַ ריס געטאָן די האַרץ. ער האָט זיך געכאַפּט צום פאַרשלאָסענעם קאַמאָד. ער איז געווען אויפגעריסן און די געלט איז ניטאָ.

ווי אַ וואַהנזיניגער האָט ער זיך גענומען וואַרפן אַהין, וואַרפן אַהער. געלאָפן צו זיינע, צו איהרע קרובים און לאַנדסלייט. ענדליך געמעלדעט אויף דער פּאָליציי. עס איז אוועק אַ טאָג, דער אַנדערער, דער דריטער. ניטאָ קיין שום שפּור, ניט פון דער ווייב, ניט פון די געלט.

ערשט שפּעטער האָט ער זיך דערוואוסט, אז וויסענדיג אַ סך געשיכטעס פון זיין ווייבס פריהערדיגען לעבען, האָט ער אָבער איינע ניט געוואוסט. דאָס איז די געשיכטע, אַז אַ קאַטערינשטשיק האָט איהר געהאַט מקדש געווען. אַ שענער יונג — זאָגט ער, אַ העלד, נאָר אַ גרויסער שכור. האָט זי יענעם געוואָרפען און חתונה געהאַט מיט איהם.

אָט מיט דעם קאַטערינשטשיק איז זי איצט אַנטלאָפן, צוגנבענענדיג ביין מאַן די געלד.

באַלד האָט ער זיך דערוואוסט, אז זיי זענען שוין אין רוסלאַנד. ער האָט פערקויפט אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט, געמאַכט די באַלעבאַטישקייט צו געלד און געזעצט זיך מיט די קינדער אויפ'ן שיף — קיין רוסלאַנד.

וואָס האָט איהם געצויגען; צי די האָפנונג צו בעקומען זיין געלד, צי די בענקשאַפט נאָך דער אַנטלאָפענער ווייב — דאָס האָט ער מיר ניט געזאָגט. נאָך אַ גאַנצע רייה וואַגלענעס איבער פערשיידענע וועבערייען אין דייטשלאַנד, איז ער אָנגעקומען אין רוסלאַנד, מיט'ן פּעקעל קינדער אויף די פּלייצעס, פון וועלכע דאָס איינגסטע איז געווען אַלט צוויי יאָהר.

אַ פּאָר יאָהר זענען אוועק אין צרות, אין אַרומשלעפּען זיך מיט'ן פּעקעל קינדער. פון דער ווייב האָט ער קיין שום ידיעה ניט געהאַט: ווי אין וואַסער אַריינגעפאַלען. אין יאָהר 1905 האָט ער ענדליך געקראָגען אַרבייט, אַלס גוטער וועבער, א'ן לאָדז, ביי פּאָזנאַנסקי'ן אין פאַבריק. די עלטערע קינדער האָט

באמיש קינד, נים ווי די אלע „בלאטנע", וואס האבען זיך ארום איהר געדרייט."

ער האט חתונה געהאט, און אין ניכען איז ער מיט איהר אוועק אין אמעריקא. ערשטענס איז דא געגאנגען שלעכט די ארבייט. צווייטענס — און דאס האט געמוזט זיין די וויכטיג־סטע סבה — האט ער זיך נים געפיהלט זיכער מיט זיין ווייבעל די פארשוין — פון די „בלאטנע", וואס האבען מיט איהר גע־שיכטעם געהאט. אין אמעריקא האט ער פערבראכט צוועלף יאהר. האט מיט דער ווייב קינדער געהאט. האט געארבייט אין די בעסטע וועבעריי־פאבריקען פון די פעראייניגטע שטאטען. געווארען א סיטיז'ן, א גרויסער ספעציאליסט אין די ארבייט, און פלעגט פארדינען דורכשניטליך 5-6 דאלער א טאג.

קורץ אין צייט פון די צוועלף יאהר האט ער געמאכט א פיינעם לעבען, געהאט א שענע באלעבאטישקייט, געטראגען טייערע רינגען און א גאלדענעם „וואטש און טשיין"*), די ווייב איז געווען בעהאנגען מיט דזשולערי**). א חוץ דעם האט ער נאך געהאט זיבען־אכט טויזענד דאלער אין די בענק.

אין יאהר 1903, אין דער צייט פון די פאגראמען, אין דעם רעכטען קאך פון דער רעוואלוציאנערער בעוועגונג אין רוסלאנד האט ער פלוצלונג ארויסגענומען די געלד פון די בענק און גע־נומען שטארק קלערען וועגען פאהרען צוריק אין רוסלאנד.

פאר וואס? דאס האט ער פערשוויגען. נאר פון זיין ווייי־טערדיגען געשפרעך האב איך פערשטאנען, אז ער האט זיך אנגעהויבען פיהלען נים זיכער מיט זיין ווייבעל, די פארשוין. עס האבען זיך אבגעפונען בעקאנטע פון די אמאליגע „בלאטנע" און נייע בעקאנטשאפטען האבען, א פנים, אריינגעטראגען אונרוה אין דער ביז אהער רוהיגער נשמה פון זיין ווייבעל, וואס איז שוין געווען א מוטער פון עטליכע סקול־קינדער.

אויף מארגען נאך זיין אבנעהמען די געלד פון די בענק, איז ער געקומען פון דער ארבייט א היים. האבען איהם די קינ־

---

*) זייגער און קיים.

**) דימענטען.

אפט אבגעשטעלט, אנטשוויגן געווארען און אונטערגעבראַכט עפּעס א לידעל, ווי ער וואלט וועלען דערמיט פארשלאגן די שווערע געפּיהלען, וואס די הקדמה צו זיין געשיכטע האט אויפגעוועקט אין זיין זכרון.

—וואס איז דאס פאר א לידעל? — האב איך מיך פעראינטערעסירט.

— מיט קלארען, — זאגט ער, — א היינטוועלטיגע מאדאם.

— אדרבא, זאג איך, זינגט, איך בין נייגעריג צו הערען.

און ער האט טאקע גלייך גענומען זינגען:

„אוי, האב איך א ווייבעל, הייסען הייסט זי קלארע —
א גרינגע, און א געלע, און א דארע;
האט זי א פיגורע — הויט און ביינער,
און אין מויל — ארייננגשטעלטע ציינער.

ס'מוז איהר זיין אבאנע און אן אמע,
און די דינסט מוז רופען איהר: „מאדאמע“
פארקרימט דער נאז, בלאזט פון זיך גרויסארטיג,
וויל איך עסען, זאגט זי: עס איז נים פארטיג.

אוי האב איך א ווייבעל, הייסען הייסט זי קלארע,
זאל שוין, גאטעניו, ארויס פון איהר די פארע...

דאס איז א בעוואוסטע פאלקס־לידעל, א סאטירע אויף די היינטיגע „געבאלבעטע“ „מאדאמען“, פאר וועלכע דער מאן האט א פינסטערע מערכה.

פון דער לידעל האט מען געקענט דרינגען, אז איהם אליין, מיין לאנדסמאן, האט גאט בעשערט מיט אזא מין „קלארע“. עס האט זיך אבער ארויסגעוויזען, אז זיין ווייב, די ערשטע ווייב, הייסט דאס, איז גאר נים געווען פון די וואס רופען זיך „קלארע“. ער האט גענומען א ווייב פון „דעק“. א פארשוין, זאגט ער, איז זי געווען א מאדנע. בחורים זענען איהר נאכגע־לאפען. אבער איך בין געווען פאר איהר א בעסערער שדוך. א וועבער בין איך, האב געקענט גוט מיין ארבייט, א באלע־

נעבעטעו. (זיי זענען בכלל העפליך: די רוסישע עמיגראנטען האבען זיך דא ניט וואס צו בעקלאגען אויף דער פאליציי). נאר מ'האט געמוזט פאלגען. דער הייפעל איז זיך באלד צוגאנגען. ווער צי דער שיפשול (שול פון די אונגארישע און בכלל שטרענג ארטאדאקסישע אידען), ווער צו דער חסידישער שול, מיט אפאר גאסען ווייטער, אין דערזעלבער לעאפאלדשטראסע. קיי־נעם פון זיי האט זיך ניט געוואלט, ניט געקענט גלויבען, אז צו „כל נדרי“ זאלען זיי מוזען בלייבען אויפ'ן גאס. נאר ער, דער העלד פון מיין איצטיגער שילדערונג, איז געבליבען שטעהן ביין שוועל פון שול, מיט זיין אלטען טלית אונטער'ן ארם, קוקענדיג אין דער ווייט אריין, ווי ער וואלט קלערען: זאלען זיי געהן, סיי ווי סיי, איז אומזיסט די מיה. פאר'ן ארימאן איז ערגעץ קיין ארט ניטא.

איך בין צוגעגאנגען צו איהם און האב זיך מיט איהם פונאנדער גערעדט. ער האט פון אנהויב ווייניג גערעדט, גענענט־פערט נאר אויף מיינע פראגען. גערעדט האט ער האלב רוסיש, האלב יודיש. האט געהאט א פערפאניעטען פנים, שטארק בעוואקסען מיט א געדיכטע ברייטע און לאנגע געלע באָרד האט אריינגעבראקט צייטענווייז ווערטלאך, וואס ווערען גע־ברויכט אויפ'ן סאמע דעק. נאר בכלל האט ער גערעדט ניט פון זיך, נאר אין אלגעמיין. איך האב בעמערקט, אז ער בעהאלט עפעס, און האב געזוכט צו געווינען זיין צוטרוי. דאס איז מיר אויך באלד געלונגען. ער האט אין מיטען א בראָק געטאָן אן ענגליש ווארט, פון וואס עס איז דייטליך געווען, אז ער איז א „לאנדסמאן“. איך האב איהם געזאגט, אז איך בין אויך געווען אין אמעריקא, און, ביסלעכווייז, איז ער געווארען מעהר רעדעוודיג. נאר עטליכע טעג האט געדויערט ביז איך האב זיין פולען צוטרוי געוואונען. איך האב מיט איהם אבגערעדט ווידער צו זעהן זיך. איך בין געווען ביי איהם אויף זיין נאכט־לאגער, האב איהם אריינגערופען אין א קאפע־הויז, און אזוי האב איך ביסלעכווייז דערגאנגען זיין טרויעריגע געשיכטע.

אנגעהויבען דערצעהלען זיין געשיכטע האט ער גוטמוטיג מיט א שמייכעלדיגער מינע, אבער ניט מיט אמאל, האט זיך

# דער „קאטאָרזשניק״.

איך ווייס נים: וואָסערע פון זיינע דריי טראַגעדיעס איז אַ גרעסערע, אַ שרעקליכערע: צי די ערשטע טראַגעדיע פון זיין ליבע, צי די צווייטע פון זיין אַכט־יעהריגען צוגעשמידט זיין צו דער טאַטשקע אין אַרכאַנגעלסק, צי די דריטע טראַגע־דיע פון זיין אַנטלויפען. נאָר געטראָגען האָט ער אַלע דריי מיט יענער שווייגענדער געדולד, וואָס איז אייגען דעם פּשוט׳ן יודען, דעם מענשען פון פאָלק.

בעגעגענט האָב איך איהם פאַר כל נדרי, אַרום דער פּוילי־שער שול, וואָס אויף לעאָפּאָלדשטראַסע, אין וויען. געשטאַנען איז ער מיט נאָך אַ הייפעל אָרימע אידישע עמיגראַנטען, מיט וועלכע ער איז צוזאַמען אָנגעקומען פון גרעניץ.

די אָרימע וואַנדערער האָבען זיך אַפּאָר מאָל אַריינגע־גנב׳עט אין שול. נאָר מ׳האָט זיי פון דאָרט אַרויסגעפיהרט מיט אַ וואַכמאַן, ס׳הייסט אַ פּאָליסמאַן. ראש השנה און יום כפור קען מען ניט אַריין אין שול אָהן אַ בילעט. אַזוי איז עס אין ניו־יאָרק, אין לאָנדאָן, אין רוסלאַנד, אין וויען — אומעטום. אויסהאַלטען אַ שול, ווי יעדע געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציע, קאָסט געלד און צאָהלען, נאַטירליך דאַרף דער, פאַר וועמען די שול איז נויטיג. אָבער די עלענדע עמיגראַנטען האָבען ניט געהאַט קיין געלד. דערצו זענען זיי כמעט אַלע אָנגעקומען דעמזעלבען טאָג, ס׳הייסט ערב יום כפור. אפילו פאַר געלד איז שוין אויך געוועזען שפּעט. דער וואַכמאַן האָט אפילו איידעל

פשוט אידעש־לשון, א שטויגער: זיי ריידען ניט: „וואס" „דאס" „אבער" „יא" (מיט'ן פתח) נאר: וואס, דאס אבער יא (מיט'ן קמץ) זיי זאגען: „קום", „א ביסעל", נאר אייניגע ווער־טער ריידען זיי פערגרייזט. א שטויגער: אנשטאט „אויסגיסען" זאגען זיי „אויסשיטען". איך נעהם, כדומה למשל, ביי דער דייטשקע די שיסעל זופ (איך האב איהר געזאגט, אז זי האט שענע אויגען, און אז איך וועל אבעסען, וועל איך זיך אין איהר פארליבען), דערווייל פערגיס איך אביסעל.

— אבער אום גאטעס ווילען! — שרייט זי, — דומער קערל! גיבען זיי אכט, זיי שיטען דאך די זופ אויס!...

— נארישע דייטשקע — זאג איך — מעהל שיט מען אויס, אבער זופ גיסט מען אויס... שיטען זיי מיר אן נאך אבי־סעל זופ...

איך האב נעפרעגט יאסיל־אסיפ'ן, צו קלייבט ער זיך ניט אין אמעריקא? דארטען פערדינען דאך שניידער בעסער.

— ניין! — ענטפערט יאסיל, — ערשטענס, האט ער צו די דייטשען נאר גישט; צווייטענס, — זאגט ער, האט ער ניט ווער עס זאל איהם שיקען א שיפסקארטע. און ביז ער וועט אנקלייבען דא אויף הוצאות, וועט ער שוין מסתמא אלט ווערען...

— וואָס זאָל איך טאָן? איך האָב געקיצעלט די דייטש־קע...

— און וואָס האָט ער געטאָן? — פרעג איך ווייטער.

— ער? ער רופט זיך אָב: נון, יאָ, נון שעון... אָבער עס מוס דאָך איין ענד האָבען?

— נו, און וואָס איהר? — פרעג איך ווייטער.

— וואָס הייסט: וואָס איך? — ענטפערט יאָסיל, — אַז זי שמייכעלט, טו וואָס העך איך עם?

— נו איז וואָס געווען?

— וואָס איז געווען? הויבט ער זיך אויף נעהמט זי אונ־טער האַנד און געהט אוועק אין אַן אַנדער זייט. איך זיץ אויף מיין אָרט און וואַרט אויף אַן אַנדער דייטשקע. אין מיטען זעה איך, ווי יענער דייטש קעהרט זיך אום און געהט פאַרביי מיין באַנק. געהט פאַרביי און שטעלט זיך מיט זיין אָבזאַץ אויף מיי־נע פינגער פון די פיס, אויף די היהנער אויגען. מיר איז אַרוים אַזש פונקען פון די אויגען. אַזאַ וועהטאָג האָב איך דערפיהלט... און ער געהט זיך ווייטער זיין וועג, ווי ניט איהם מיינט מען. אַפילו „פּאַרדאָן" ניט געזאָגט.

אַ מינוט צו צוויי האָב איך זיך ניט געקענט ריהרען פון אָרט. דערנאָך אַז איך גיב זיך ניט אַ כאַפּ אויף און פּערלויף איהם דעם וועג אַנטקעגען.

— סאַקראַמענטאַ! קרוציפיקס!... — גיב איך אַ גע־שריי, — וואָרום זאָגען זי ניכט „פּאַרדאָן?" אַז אַן אַנשטענ־דיגער מענש טרעט אָן דעם אַנדערען אויף די היהנער־אויגען, ברויכט ער „פּאַרדאָן" זאָגען...

— נו, און דער דייטש? — האָב איך געפרעגט.

— ווי זשע? ער האָט געזאָגט: „פּאַרדאָן". דאָנערוועט־טער!... — זאָגט ער, — צעהן טויזענד טייפעל... — זאָגט ער — פּאַרדאָן!...

יאָסיל־אַסיפ' האָט מיר אויך דערצעהלט, ווי אַזוי ער האָט געלערנט די דייטשקעס פון דער בילינגער פאָלקס־קיך ריכטיג דייטש ריידען.

נאָך זיין מיינונג ריידען די וויענער דייטשען אַזוי ווי מיר,

(„ניט מיין געשמאַק“), ווי ער האָט זיך מיר אויסגעדריקט. ער האָט שוין אייגענע בענק געביטען, און, ענדליך האָט איהם גאָט צוגעשיקט. אויף איין באַנק איז געזעסען אַ דייטשקע, אַ יונגע, אַ רויטע, אַ פּתעהליכע, אַ פאַרפּוצטע. אַ פשהלער איז געווען, וואָס נעבען איהר איז געזעסען אַ קאַוואַלער, אויך אַ פיינער יונג, אַ דייטש, אַ פּנים אַ חתן, אָדער אפשר גאָר אַ מאַן. נאָר וואָס איז ער דאָס מחויב צו וויסען. אויף דעם איז עס „פּעסט־טאָג“... ער האָט זיך צוגעזעצט נעבען דער דייטשקע אויפ'ן עק באַנק. פערלעגט די האַנד פון הינטען און פּרופט, כלומרשט, ווי ניט מיט אַ כיוון, אַ קיצעל מאַן. אליין קוקט ער כלומרשט אַן אַ זייט, נאָר וואַרפט איין אויג אין דער דייטשקעס זייט, צו זעהן, הייסט עס, וואָס זי וועט דערויף זאָגען.

— נו, וואָס האָט זי געזאָגט? — האָב איך געפרעגט.

— גאָר נישט, ענטפערט יאָסיל־אָסיפּ. פון אַנהויב האָט זי זיך ווי דערשראָקען. דערנאָך האָט זי געשמייכעלט. נו, קלער איך, ווי באַלד אַז אַזוי, נעהם זיך, יאָסיל, צו דער ארבייט, ווי מ'דאַרף.

— „אַדנים סלאָוואָם“, — זאָגט יאָסיל — איך קיצעל איהר אַהער און אַהין, און זי שמייכעלט און דער דייטש שמייכעלט.

— ס'איז גאַנץ שען פאַן איהנען, — זאָגט זי. ס'הייסט וואָס איך האַלט פון דעם יום טוב, ווי אַן אמת'ער דייטש, וואָ־רום אויף מיין פּנים, פערשטעהט איהר, איז קענטיג, אַז איך בין ניט קיין געבאָרענער — אַ וויענער.

— אַזוי האָט זי געזאָגט? — פרעג איך: „דאָס איז גאַנץ שען פון איהנען“.

— יע, אַזוי האָט זי געזאָגט: דאָס איז גאַנץ שען פון איהנען...

— און ער, דער דייטש?

— דער דייטש, — זאָגט יאָסיל־אָסיפּ, האָט שוין דעמאָלט אויפגעהערט צו שמייכלען. ער האָט פאַרביסען די ליפּען און געוואָרפען בייזע אויגען אין מיין זייט.

— נו, און איהר? וואָס האָט איהר געטאָן?

היינט די אלע קונצען און פארשטעלונגען און אויסשטע־
לונגען, פון וואס א מויל קען נאר ריידען! און די שענע מייד־
לאך ביי די שענע, וואונדערליכע זאכען, אין די בודען, אויף די
טישלאך, ביי וועלכע זיי זיצען און פערקויפען דיר אט די אלע
שענע זאכען, שמייכלענדיג אזוי זיס, אז די נשמה צענעהט
דיר.

יאסיל האט פון אלץ פארזוכט צוביסלאך, נאך זיין קע־
שענע. ער האט ליעב דעם פראטער. נאר פערגעסען קען ער ניט,
ווי אזוי ער האט צוגעבראכט דארט דעם טאג פון קייזער פראנץ
יאזעף'ס קאראנאציע, דעם „פעסט־טאג" ווי מ'רופט עס אין
וויען (יאסיל־אסיפ זאגט „פעסט־טאג" מיט א פינטעל אין
„פא"), דעם טאג, וואס לויט'ן וויענער מנהג, מעג מען אין איהם
ק י צ ל ע ן יעדע טייטשקע, וואס קומט דיר אנטקעגען.

יאסיל־אסיפ האט פון דעם דאזיגען מנהג זיך דערוואוסט א
סך פריהער און האט זיך צו איהם שטארק מכין געווען. ער האט
געקויפט אין ראטען־שטערן־גאס (א מין וויענער העסטער
סטריט) ביי א „טרעדלער", ס'הייסט א טאנדעטניק, א צילינ־
דערהוט, ווייסע האנדשוה און א געפרעסטע העמד—אלץ צוזא־
מען פאר א גולדען, אויסגעפוצט זיינע מלבושים, אבגעפוצט די
קאמאשען און פארפריה געלאזט זיך אין פראטער. דער פראטער
איז שוין געווען אויף; אלע אלעען האבען געווימעלט פון דייי־
טשען מיט דייטשקעס. אלע אויסגעפוצט יום־טוב'דיג, פרעה־
לאך, לעבעדיג. יאסיל איז בכלל צו די דייטשקעס ניט גלייכ־
גילטיג. לויט, ווי ער האט מיר בסוד פערטרויט, האט ער שוין
געפרופט מיט א פאר פון זיי פארפיהרען א ראמאן. און דא, אין
פראטער, איז געווען פון וואס אויסצוקלייבען. נאר יאסיל־אסיפ
איז ניט קיין גראבער יונג. ער וועט ניט נעהמען גלאט אין דער
וועלט אריין קיצלען א דייטשקע. דערצו האט ער פון אנהויב
זיך אביסעל געשראקען. טאמער האבען די בעקאנטע ארבייטער
„געמולירט". ער האט זיך געזעצט אויף א באנק און ווארט:
גאט זאל איהם צושיקען זיין „באשערטע". עס זענען געזעסען
נעבען איהם און דערנאך אייניגע מאל געביטען זיך אויף דער
באנק א סך דייטשקעס, אבער אלץ „ניע וו'מאיאם ווקוסיע".

# ווי אזוי יאסיל־אסיפ פערברענגט די צייט אין פראטער.

אך, דער פראטער! דער פראטער! עפעס א כשוף ליגט אין איהם! עפעס א מאגנעט... מ'קען ניט זאגען, אז יאסיל־אסיפ לעקט אין וויען האניג. גראד פערקעהרט! אין אלגעמיין קען מען זאגען, אז ער האט נאך אין וויען קיין איין גוטען טאג ניט געזעהן. נאר אלץ איז איהם ניחא, ווען ער געהט אין אוועגד אריין אין פראטער.

קיין אונטעראייוועגדיגער בחור איז יאסיל־אסיפ ניט; איז אויסענגעוועזן וואו רוסלאנד האט אן עק. האט דארט, אין ראסיי, אויך ליעב געהאט צו אלץ צוקוקען זיך. און אין מאסקווע, קיעוו, פעטערבורג, אדעס איז דא וואס צו זעהן. אבער וואס פאר א ווערד האט אלץ דארטען, אנטנעגען דא, אנטקעגען פראטער. יאסיל האט אויסגעבראכט אין פראטער, זינט ער איז אין :ו ען, א שענע פאר קראנען. איז געפאהרען רייטענדיג אויף די הילצערנע פערדלאך; אויף די אמת'ע ווייסע קליינע פערדלאך; האט זיך געשיפט אויף דער יבשה, האט גערייזט אויף דער בלומרשטער עלעקטרישער באהן אויף די פאפירענע בערג, דורך פאפירענע טונעלען: האט זיך געדרעהט אויף דער הויכער ראד, וואס איז געווים הונדערט מאל העכער פון איהם, און פון וועלכער אז מ'זיצט אין א הענג־וועגעלע אויבען, — זעהט מען אונטען, ארום זיך, גאנץ וויען אויסגעשפרייט ביי נאכט, מיט איהרע מיליאנען עלעקטרישע פייערן, ממש ווי עפעס א צוי־בערלאנד פון די סיפורי נפלאות־מעשיות.

אזוינס, ס'זאל זיין ביליג און זעטיג און וואו מ'קען קריגען א „בעט" פאר דרייסיג העלער*) א נאכט. ארבייט האט ער כמעט שטענדיג, דאס הייסט, דורכשניטליך אר־בייט ער, אייגענטליך האלבע וואכען. האט אבער זיינע 5־6 גולדען א וואך. דאס איז איהם פאלקאם גענוג. בעזונ־דערס, זינט עס איז אסיען געווארען. ווי נור דער זומער איז אוועק, האט ער בעמערקט, ווי אין אלע עקען גאסען האבען זיך בעוויזען גויים מיט אייזערנע אייוועלאך און פארקויפען געברא־טענע קאשטאנעס (דא רופט מען דאס מאראָנען), געבאקטע בול־בע און געבאקטע עפעל. פאר 30 העלער האט ער צוויי פולע קע־שענעס קארטאפעל, קאשטאנעס און געבאקטע עפיל. אין די פוסטע טעג, ד. ה. ווען ס'איז ניטא קיין ארבייט און מ'דארף לעבען אויסגערעכענט, נעהרט זיך יאסיל דריי פערטעל פון די אייזערנע אויוועלאך.

איז דא ארבייט קען ער נאך עפעס אבשפארען און א הוליע טאן אין „פראטער" — דער בעריהמטער וויענער שטאדט־גאר־טען — וואו עס געפינען זיך אלערליי „חדושים". פערדלאך און קונצען, וואס א מויל קען נאר ריידען.

*) א העלער איז עפעס ווינציגער ווי א גראשען.

— וואס זאל איך טאן? — ענטפערט יאסיל קאלטבלוטיג, — איך נעה. איך בין א שניידער, נעה איך.

— ער פערדירבט די מאשין! — שרייט די טשעכיכע; זעהען זי, הער וואכמאן, ער נעהט אהן פאדים, ער פערדירבט די מאשין...

— נון, זא געבען זי איהם צווירן (פאדים). — בעמערקט דער וואכמאן.

— אבער עס איז ניקס מעהר קיין ארבייט! — שרייט דער טשעך.

— נו, טא בעצאהלען זי מיר פאר די 5 טעג! 3 קראנען גיט ער מיר פאר 5 טעג, הער וואכמאן! דריי קראנען.

דער וואכמאן קוועטשט מיט די פלייצעס:

— נון, ווירקליך, ווארום בעצאהלען זי איהם ניקס? און געהט אוועק.

יאסיל זעצט זיך ווייטער ביי דער מאשין:

— טררר... ררר...

בקצור דער טשעך האט איהם אוועקגעלעגט אויף דער מאשין 4, און 5, און 6, און 7 קראנען. אבער יאסיל — ניט פון ארט! צעהן קראנען! סאקראמענטא! אז ניט סטעפט ער ווייטער: טר... ררר...

דער טשעך מיט דער טשעכיכע האבען גאר נישט געקענט מאכען. יאסיל־אסיפ האט בעקומען די צעהן קראנען. נאר דערמאלט איז ער אוועק.

---

דאס איז געווען די ערשטע, אדער צווייטע וואך נאך יאסיל'ס אנקומען אין וויען. בשעת איך האב איהם בעגעגענט איז ער שוין דארט געווען דריי פערטעל יאהר. פאר אט דער צייט איז ער אין וויען געווארען א גאנצער בן בית: ווייס וואו עס געפינען זיך אלע יודישע און קריסטליכע ביליגע קיכען. אין די קריסטליכע פאלקסקיכען קען ער מאכען קאמפלימענטען די קעלנערינס. דערפאר בעקומט ער א פולערע שיסעל זופ, א בעסערע פארפארציע. ער ווייס אין די שפייזקראמען, וואס צו קויפען

גוסח פון לאנדאן און ניו־יארק, יאסיל־אסיפ׳ן געגעבען די „סעק“. דערביי האט ער איהם פאר די 5 טעג ארבייט ארויסגעלעגט אויף דער מאשין 3 קראנען.

יאסיל האט אויסגעשטעלט אפאר גרויסע אויגען.

— 3 קראנען פאר 5 טעג ארבייט און 5 טעג הונגער ?...

— סאקראמענטא ! קרוציפיקס !... — האט ער, פארקריצענדיג די ציין, פונקט ווי דער איטאליענער, ארויסגעברומט. — אונטער צעהן קראנען געה איך ניט אוועק.

— פון מיינט וועגען, — זאגט דער טשעך, — זייץ !

כדי צו פערטרייבען די צייט האט יאסיל־אסיפ אוועקגעלאזען די מאשין — טררר...ררר....

די טשעכיכע האט געמאכט גוואלדען :

— ער פטר׳ט די מאשין ! אהן פארים... אהן שטאף !...

דער טשעך האט זיך צו איהם אלאז געטאן מיטביידע קולאקעס.

נאר יאסיל־אסיפ האט זיך געטאן א שטעל אויף, פארנאנדערגעלאזען ביידע הענד, דאן געכאפט דעם פרעס־אייזען.

— סאקראמענטא ! — זאגט ער צום טשעך, איין טריט צו מיר, לאז איך דיר אין קאפ דעם אייזען.

דער טשעך מיט דער טשעכיכע האבען זיך אלאז געטאן א־ן גאס ארוים מיט גוואלדען נאכ׳ן וואכמאן.

יאסיל זעצט זיך דערווייל ביי דער מאשין און שטעפט מיט א פוסטער נאדעל :

— טררר...ררר...

עס לויפען אריין דער טשעך מיט דער טשעכיכע און נאך זיי טרעט אריין געלאסען דער וואכמאן.

— ער האט אונז מארדען געוואלט ! — שרייט די טשעכיכע.

— ער האט מיר מיט׳ן אייזען דעם קאפ געוואלט שפאלטען ! — קלאגט זיך דער טשעך.

— נון, וואס טוען זי, יא, ? — ווענדט זיך דער וואכמאן צו יאסלען.

# סאקראמענטאָ! קרוציפיקס!

יאָסיל־אָסיפּ האָט זיך געמאַכט ניט זעהענדיג גאָר נישט. נאָר וועגען דעם וואָרט „סאקראמענטאָ" האָט ער זיך פאַרטראַכט. ס'איז גוט צו וויסען אזא וואָרט, קלערט ער, פאַר וועלכען די טשעכען האָבען מורא. שפּעטער האָט ער זיך דערוואוסט, אז די טשעכען האָבען ניט אזא מורא פאַר „סאקראמענטאָ", ווי פאַר א איטאַליענער. נאָך שפּעטער האָט ער זיך דערוואוסט, אז „סאקראמענטאָ" און „קרוציפיקס" זענען גאָר אין אמת הייליגע ווערטער, א שטויגער, ווי ביי אונז „קדושה" און „קודשא בריך הוא". ווען איז דאָס אבער געווען, אז מ'זאָגט דאָס ניט זענענדיג אין כעס. זאָגט מען דאָס אבער אין כעס האָט דאָס לחלוטין גאָר אַן אנדער זין. גאָר אַן אנדערן. א שטייגער, ווי א רוסישער „מי שברך"..... זאָגט דאָס אבער א איטאַליענער, זענענדיג אין כעס, איז דאָס נאָך ערגער. דעמאָלט שמעקט שוין דאָס מיט א מעסער אין זייט... אָט פאַר וואָס א טשעך דערשרעקט זיך, ווי נאָר זיין ארבייטער, דער איטאַליענער פאַרקריצט די ציין און ניט א זאָג:

— סאקררא־א־מענטאָ ! קרוציפיקס !...

יאָסיל־אָסיפּ'ן זענען די צוויי ווערטער ניט איין מאָל צונוץ געקומען אין זיין קאמפּף מיט די טשעכען־בעלי־בתים.

אין צוויי טעג ארום האָט ער שוין געמאַכט דערפון געברויך ביי דעם ערשטען טשעך.

עס האָט זיך געענדיגט די „ביזי" האָט דער טשעך, לויט'ן

האט געווארפען בייזע בליקען. אויף איבערמארגען האט מען איהם שוין אויסגעטיילט צוויי פעגעצלאך ברויט. דא איז ער שוין געווארען גאר דרייסט און, ארייננעהמענדיג מיט אמאל ביידע שטיקלאך ברויט, האט ער גלייך געבעטען ביי דער בעל־הבית'טע נאך ברויט. די „טשעכיכע" האט געזאגט, אז עסען קען זי געבען א מענשען, אבער ניט קיין וואלף. דער טשעך האט זיך געפיפקעט זיין פייף און האט גאר נישט געערדט.

אויפ'ן דריטען טאג איז ביין טשעך געווארען ווייניגער אר־בייט. ער האט איהם גאר נישט געזאגט. נאר דעם איטאליענער, — א צווייטער ארבייטער, וואס האט צוזאמען מיט איהם גע־ארבייט און צו מיטאג פלעגט ער ניט ווערען, — האט דער טשעך אין אווענד ארייננערופען אין קיך און, ארייןרוקענדיג איהם אין האנד עטליכע מטבעות, איהם געזאגט, ער זאל ניט קומען מארגען: ס'איז מעהר קיין ארבייט נימא. דער איטאל־יענער האט איבערגעקוקט די מטבעות, האט אויפגעהויבען א שטוהל און געגעבען א געשריי:

— סאקראמענטא! קרוציפיקס!... באלד נאכדעם האט יאסיל־אסיפ בעמערקט, ווי דער באלעבאס האט א דערשראקע־נער ארויסגענומען נאך א פאר מטבעות פון קעשענע און אריינ־געשטעקט דעם איטאליענער אין האנד. דער איטאליענער איז אוועק, בורטשענדיג:

— סאקקררר...א...א...מענטא!...

און קוועלט. — ראַברא! ראַבראַ! גיט ער איהם צו חשק.

אויפ'ן טיש שטעהט שוין א שיסעל מיט הייסע זופּ. ביי יאָסיל־אַסיפּ'ען געהען אום רעדער אין בויך און עס רינט די שמאהע איבער די פּערטריקענטע ליפּען. אלע געהען צום טיש. ער ווארט ניט ביז מ'וועט איהם בעטען און זעצט זיך אויך צום טיש. די בעל הבית'טע גיסט איהם אַן א טעלער'ל זופּ, שטעלט אויף א טעלער פאר אלעמען א זיבען אכט, פענעצלאָך ברויט. איהם איז אָנגעקומען נאָר איין פענעצ'יל. נאָך די זופּ האָט מען געגעבען עפּעס א מין צושמירעכץ, עפּעס א געדשטען־גריץ מיט א קניידעל אינעווענינ, וואס האָט זיך געגליטשט אין מויל און האָט קיין שום טעם ניט געהאַט. מ'האָט דאָס גערופען „מעהל־שפּייז".

און פאַרטיג! ווייטער צו דער ארבייט.

טרויעריג איז געוואָרען יאָסיל־אַסיפּ'ען האַרצען. ריידען האָט ער ניט געוואָגט. נאָר ער האָט געפיהלט, אז אין בויך רודערט נאָך שטאַרקער. דער יצר הרע פון עסען האָט זיך ערשט צוברענט.

און וויסען ווייסט איהר שוין, אז יאָסיל־אַסיפּ איז א בחור — א רעמבּ! א גוטען קלאַפּטער די הויך און — ווען ער לאָזט פאַראַנאַנדער ביידע הענד — געזונטע אנדערהאַלבען קלאַפּטער די ברייט... א פּנים האָט ער א מגושם'דיגען — אן אמת'ער קאַ־צאַפּ. נאָר ניט עהנליך אויף א יודען. קיין שעמעוודינגער איז ער אויך ניט און איז דערצו א מענש א „פּערקאַכטער", מיט הייסע בלוטען.

ער פערבייסט אָבער די ליפּען. לויפט אריין דערביי אין א יודישע שפּייזקראַם, כאַפּט „אויף באָרג" פאַר פינף קרייצער ברויט און פאַר פינף קרייצער „טאַפּען". צוואַרעך הייסט עס, וואַרפט דאָס אריין אין א מינוט און — ווייטער ביי דער מאַשין!

אין אָווענד און אויף מאָרגען האָט יאָסיל־אַסיפּ אראָבגעוואָרפען די „בושה" און האָט — ווי מ'האָט נאָר דערלאַנגט די ברויט — אראָבגענומען פריהער פאַר זיך פיער שטיקלאָך ברויט. די בעל הבית'טע האָט אָנגעהויבען צו בורטשען. דער בעל הבית

זיי דארפֿן אַ מענטשן. דער יודישער עמיגראַנט אָבער פֿון רוס־לאַנד, וואָס פֿערשטעהט ווייניג די שפּראַך, נ"ט בעקאַנט מיט די זיטען און ווייס נים וואו זיך צו קעהרען, איז זעהר עלענד. ער איז גערן אריינצופּאַלען צו אַ טשעך, וואָס זיין שפּראַך איז שטאַרק ענליך צו רוסיש, און וועלכער איז, אייגענטליך, דאָ אויך אַ גר. די היגע טשעכען אָבער זענען אַ סך אָבגעשטאַנען פֿון זייערע ברידער אין בעהמען. די אָרדנונגען אין זייערע שע־פּער זענען אַ סך ערגער נאָך פֿון די ניו־יאָרקער און אפֿילו לאָנ־דאָנער.

אין עסטרייך האָט זיך נאָך בכלל דערהאַלטען די אַלטפֿרענ־קישע סיסטעם פֿון צאָהלען מיט דער נאַטור. ניט בלויז לערנ־אינגלאַך, נאָר אפֿילו ארבייטער זענען ביים בעל הבית אויף טיש און קווארטיר און קריגען אַ קליינינקייט צוגעצאָהלט. ביי די דייטשען געהט עס אָבער ביסלעכווייז אוים פֿון דער מאָדע. נאָר די טשעכען האַלטען זיך נאָך שטאַרק אָן אַמאָליגע זיטען.

ארייַנפאַלענדיג נאָך וואָכענלאַנגען הונגער אין וואַגלענעם אין אַ טשעכישען שאָפּ איז מיין בעקאַנטער יאָסיל־אָסיפּ געווען זעהר צופֿרידען. ענדליך האָט מען אויף זיין פֿראַגע: צי דאַרף מען אַ שניידער?" געענטפֿערט „יאָ". און ניט בלויז „יאָ" נאָר אויך „דאָ, נאַדאָ!" אויף רוסיש. יאָסיל־אָסיפּ איז געווען אין זיבעטען הימעל. איהם האָט זיך געדוכט, ער איז ארייַנגעפֿאַלען צו אַ רום. ווענען מקח האָט ער שוין גאָר ניט גערעדט.

— וואָס פֿערלאַנגסט דו? — האָט איהם דער טשעך גע־פֿרעגט.

— אָט, וויפֿיעל דו וועסט געבען, — ענטפֿערט יאָסיל־אָסיפּ. — „נע אָבידיש זעמליאַקאַ", ס'הייסט וועסט אַ לאַנדס־מאַן ניט קריווּדען.

יאָסיל־אָסיפּ האָט זיך גענומען ארבייטען און ארבייט פֿאַר דרייען. ענדליך וועט ער האָבען אַ זאַטען מיטאָג, וועט פֿערזוכען ויאַרעמס, וואָס ער האָט שוין לאַנג אין מויל ניט געהאַט. אָב־געאַרבייט פֿיער שעה, ניט אָבבויגענדיג דעם רוקען, זעהט ער די בעל־הבית'טע דעקט דעם טיש. ליכטיג איז איהם געוואָרען אין די אויגען. ער ווערט נאָך מעתר פֿלייסיג. דער טשעך קוקט

פון דיענסט. אגב איז איהם כמעט געווען אלץ איינס. ער האט עס אויף דער פריי אויך ניט געהאט בעסער. און צווישען פאַ־ניעס איז ער דאך געווען האלב, ווי אין דער היים. אין דיענסט איז מען טאקע געווען מיט איהם צופרידען און מ'וואלט איהם געוויס ארייננגעגעבען אין גווארדיע, ווען ער איז ניט קיין איד. דער קאמאנדיר האט איהם גוט בעהאנדעלט. נאר אנטלאפען איז ער פון פעלדפעבעל, דערפאר, וואס ער האט ניט געקענט צו זעהן קיין עולות און ווייל ער האט הייסע בלוט. דער פעלד־פעבעל האט איהם געגעבען א קלאפ. יאָסיל־אַסיפ איז אין דער פריי ניט געוואוינט געווען צו שענקען קלעפ. האט ער איהם געגעבען צוריק, ווי ער דערקלערט, נאך מיט עפעס „צוגאב". ער האט געדארפט געהן אין דיסציפלינארנעם באטאליאן און אפשר אין קאטארגע. האט ער זיך אבער באצייטענס אבגעט־טראגען.

אין וויען איז ער געבליבען, ווי צעהנדליגע אנדערע יודישע ארבייטער, ווייל עס איז ניט געווען אויף הוצאות צו פאהרען ווייטער, און ווייל עס איז אייגענטליך, ניט געווען — וואוהין, צו וועמען צו פאהרען. ער האט קיינעם ניט געהאט אין דער גאנצער וועלט. עטליכע טעג האט ער געהאט זעהר שווערע. ער האט ניט געוואוסט וואו מ'דארף זוכען ארבייט. ענדליך האט ער בעקומען ארבייט ביי א שניידער, א טשעך, אין לעאפאלד־שטאדט, דעם איסט סייד פון ניו־יארק. דאס איז דער צענטער פון דער יודישער בעפעלקערונג. די טשעכען, וואס זענען גרויסע בעלנים אויף בילינע „הענד", און שטארקע אנהענגער פון דער שוויץ - סיסטעם, האלטען דעריבער דא, אין יודישען קווארטאל, זייערע סוועט־שעפער, ווייל דא קענען זיי לייכט קריגען פארהונגערטע רוסישע בילינע ארבייטער. דאס הייסט אייגענטליך — יודישע ארבייטער פון רוסלאנד. דער גאליציא־נער יודישער ארבייטער לעבט דא אויך ניט גלענצענד. אבער ער איז אן עסטרייכישער בירגער, קען די שפראך, טרעפט אויף יעדען טריט לאנדסלייט. אמת, די אויפגעקומענע גאליציאנער יועדן אין וויען לאזען זיך ניט שטארק דערקענען זייערע ארימע לאנדסלייט. אבער דאך בעשעפטיגען זיי גערן אן אייגענעם, ווען

אסיפ'ן פאר א קאצאפ: אז אמת פערפאניעטער פנים, הויך — א געזונטער קלאפטער, און, געווים, אנדערהאלבען מאל אזוי די ברייט. ווען ער לאזט פארנאנדער זיינעביידע הענד. די הענד לאזט ער פארנאנדער, ווען ער דערצעהלט מיט התפעלות. און התפעלות געהט ער אבער אריין אלע ווײלע. דעריבער רעדט ער שטענדיג מיט פארנאנדערגעלאזענע הענד.

א געבארענער איז ער אייגענטליך ניט א קאסטראמאער. זיינע עלטערן האבען איהם אהין געבראכט — א קליין קינד. טאטע און מאמע — ביידע זענען פריה געשטארבען. געלאזען איהם אליין אין דער פרעמדער רוסישער שטאדט, א יתום אויף גאט'ס בעראט. ער האט זיך אויסגעוואלגערט אין אלע שעפער ביי די פאניעס, ביז ער איז א שניידער געווארען. א בעל מלאכה איז ער, ווי איך פערשטעה, ניט קיין אי־אי! דאך ניט גאר קיין פארטאטש. מיט אייןווארט — א מאנדעט־שניידער.

זיין גאנצען לעבען, פון קינדווייז אן האט ער געוואנדערט. געוואנדערט איבער גאנץ רוסלאנד. פון קאצאפ־לאנד האט איהם געצויגען צו א יודישער שטאדט. פון דעם יודישען שאפ אין תחום האט ער געבענקט נאך פאניע. אין דער צייט פון דער רעוואלוציע האט ער גענומען אומעטום אין דער בעוועגונג א שטארקען אנטייל. אומעטום — אין די „באיעוויקעס", ד. ה. אין „חברה קלאפער". ווארום ער האט געהאט גוטע צוויי קולאקעס. און האט זיי נאך איצט. פון סאציאליסטישע טעאריעס האט ער דעמאלט ווייניג פערשטאנען, און פערשטעהט איצט אויך ווייניג. דאס איז א מענש פון דיעק, פון הירש לעקערט'ס טיפ, מיט הייסע בלוט און א פשוט'ער אונגעקינסטעלטער נשמה, וואס קען ניט צוזעהן קיין עולות. דערפאר האט ער טאקע זיין גאנצען לעבען געליטען. אבער זיינע געזונדע צוויי הענד שלאגען איהם אומעטום דורך א וועג.

אין וויען איז ער געקומען, ווייל ער האט געמוזט מאכען פליטה פון מיליטער. און געמאכט פליטה פון מיליטער האט ער ניט, ווייל ער איז פרינציפיעל געווען געגען דיענען דעם פאניע. גראד פארקעהרט. ער האט געוואלט מיט אן אמת דיענען, כדי צו ווייזען „זיי", ס'הייסט די פאניעס, אז א איד אנטלויפט ניט

א פעד׳יתום׳ט ארים צימעריל, מיט א פאר אלמערס ביכער, כמעט בלויז רוסישע, קיין איין יודישעס. אויפ׳ן טיש וואל־גערן זיך עטליכע אלטע רוסישע בלעטער. זעלטען ווער עס נעהמט זיי אין האנד. אויף מיין פראגע: פאר וואס שרייבט מען ניט אוים קיין פרישע צייטונגען? האב איך בעקומען דעם ענטפער: נימא קיין מיטלען! די ביסעל ביכער אין די אלמערס זענען פון אן ערנסטען אינהאלט. אבער אין גאנצען איז פאראן דא עטליכע צעהנדליג לעזער.

נאר ווי טרויעריג דער איינדרוק איז פון דעם דאזיגען איינציגען רוסיש־יודישען קלוב אין וויען, — עס פיהלט זיך דאך אט דא היימיש, צווישען די סימפאטישע פנים׳ער פון די זעלטענע בעזוכער. דער יודישער עמיגראנט אין וויען פיהלט זיך דא אזוי עלענד, אזוי וויסט און פערלאזען, אין דער גרויסער וועלט שטאדט, אז עס איז א וואונדער: פאר וואס די צאהל פון די בעזוכער בכלל און פון די יודישע בעזונדערס איז דא, אין דעם איינציגען צענטער פאר די רוסישע עמיגראנטען, אזוי ווינציג, אזוי זעלטען.

דערפאר איז מיר טאקע געווען אזוי אנגענעהם צו טרע־פען זיך דא מיט איהם, מ׳ט יאסיל־אסיפ פון קאסטראמא, וואס איז אויך א פנים , ווי איך, געווען דא א צופעליגער בע־זוכער, און אויך אזוי ווי איך געזוכט א לאנדסמאן פאר וועמען צו עפענען די נשמה און דורכשמועסען זיך אהן קונצען, אויפ׳ן היימישען שטייגער, וועגען איבערלעבעניסען אויפ׳ן וואנדער־וועג, וואס האט גיט קיין אנהויב, וואס האט ניט קיין ענד.

איך האב יאסיל־אסיפ׳ן ניט געדארפט קיין סך פרעגען. ער האט מיר אליין אויסגעשאטען, וואס אויפ׳ן הארצען. און איך גיב דאס דא איבער דעם לעזער האלב אויף מיין שטייגער, האלב אויף זיינעם. איך וויל נאר צוגעבען, אז גערעדט האט ער אויף געבראָ־כען יודיש און געבראָכען רוסיש, פון וואס עס איז קענטיג געווען א געבראָכענע יודישע נשמה, וואס האט ניט געהאט קיין תקומה ניט אין תהום, ניט אויסערן תחום. קורץ — א מענש מיט א פנים פון א פאניע און מיט א נשמה פון א שקלאָווער יודען.

אויפ׳ן ערשטען בליק האב איך טאקע געהאלטען יאסיל־

# ווי אזוי יאסיל־אסיפ פון קאסטראמא
# שלאגט זיך דורך אין וויען.

בעקאנט געווארען בין איך מיט איהם אין דער „רוסישער ביבליאטעק“. אומעטום, אין די אייראפעאישע הויפטשטעדט, איז די רוסישע ביבליאטעק, אייגענטליך, דער קלוב, וואוהין עס קומען זיך צוזאמען די יודישע עמיגראנטען נע־זונר׳ניקעס. דא, אין וויען, איז די רוסישע ביבליאטעק טאקע אן אמת׳ע א רוסישע. יעדעס מאל, ווען איך האב זי בעזוכט, האב איך געטראפען דארט נאר רוסישע ארבייטער; צייטענווייז א רו־סישען אינטעליגענט. דער גרעסטער טייל פון זיי — געצוואונ־גענע פאליטישע עמיגראנטען. נאר די דעזשורנע זענען שטענדיג געווען אידישע פריילינס פונ׳ם זעלבען מין: אדער סטודענט־קעס, אדער קאנסערוואָרטאָרקעס, ד. ה. מיידלאך וואס בעזור־כען וויענער קאנסערוואטאריום. צייטענווייז האט זיך דורכגע־ווארפען אויך צווישען די בעזוכער א אידישער יונגער מאן. נאר אלעס האט גערעדט רוסיש, קיין יודיש ווארט אויף א רפואה! די וואס קומען אהער, לעבען דא, ווי עס זעהט אויס, אן איינ־געשלאסענעם קרייזעל־לעבען. און אומזיסט וועט איהר זוכען דא א געלעגענהייט בעקאנט צו ווערען מיט דעם אינערליכען לעבען פון דער אידישער עמיגראנטען־מאסע, וואס איז, צוליעב וועלכע ס׳איז סבות געצוואונגען צו בלייבען דא, אויף דער דורכ־פאהר־סטאנציע פון העם גרויסען עמיגראנטען־שליאך, וואס פיהרט אין האמבורג און ברעמען. די ביבליאטעק אליין איז

וועו אז אכסניא פאר אורחים פון רוסלאנד, פאר אלט און יונג, ארים און רייך, פריי און פרום.ביידע ברידער האבען זיך געמוזט זעהר אפט אבזייטען פון רעדאקציאנס־טיש און נעה־מען אויף זיך די ראלע פון „בארמהערציגע ברידער" אין די שפיטאלען. דער שפיטאל האט זאגאר געשפילט די ראלע פון א „שדכן" ביי פרץ סמאלענסקין, וועמעס פערזענליכער ראמאן איז פיעל אינטערעסאנטער פון זיינע געשריבענע ראמאנען. דער עלענד, די ליידען פון זיינע ברידער, האבען אויף דעם עלטערן ברודער אזוי טיעף געווירקט, אז ער האט, נאך א יונגער מאן פון עטליכע און פערציג יאהר, אויפגעגעבען אלע זיינע פריהער־דיגע שטרעבונגען און געמאכט דאס בעזוכען די קראנקע אין די שפיטאלען פאר זיין לעבענס־בערוף.

איצט דערלעבט ער רוהיג זיינע יאהרען. ער האט אויסגע־פיהרט די וועלט ניט שלעכט. אלע זיינע קינדער זענען געשטו־דירטע און פערזארגט. א טייל קינדער זענען נאך יונג, לעבען צו־זאמען מיט די עלטערן, אבער פארדיענען גוט און שטיצען די עלטערן. ניט לאנג האט דער „זעעלענבעזארגער" זיך אויסגע־סטארעט ביי דער וויענער שטאדט־פערוואלטונג, אז זי זאל בויען אין הויף פונ'ם הויפט־שפיטאל א טעמפעל פאר די יודישע קראנקע. ער האט מיר געפיהרט ווייזען דעם טעמפעל. ער איז זעהר א קליינצינקער. אין איהם געהען אריין בלויז עטליכע מנינים יודען. ער זעהט אויס פון ווייטען ווי א בינשטאק. נאך דער „זעעלענבעזארגער" איז שטאלץ מיט זיין „טעמפעל". ער איז דארט אי ראבינער פאר די קראנקע, אי פרעדיגער, אי חזן.

קיין טעטיגען אנטייל אין געזעלשאפטליכען יודישען לעבען נעהמט ער שוין לאנג ניט. דאך האט ער ליעב צו דערמאנען אמאליגע יאהרען. ער האט מיט מיר זעהר גערן פארבראכט. שטונדענלאנג האט ער גערעדט, דערצעהלט פון זיינע איבער־לעבונגען מיט יונגענדליכער בעגייסטערונג. אין זיין לעבעדי־גער שילדערונג האט זיך געטראגען ווי פאר די אויגען א גאנצע רייהע פערזאנען, וואס האבען מיט א האלבען יאהרהונדערט צוריק געשפיעלט א גרויסע ראלע אויף פערשידענע געביעטען פונ'ם יודישען לעבען.

באַיעף, האָט געהאָלפֿען דעם זשורנאַל רעדאַגירען, געווען זיין קאָרעקטאָר, געטראָגען אַלע זיינע יסורים, און אויף זיינע הענד איז דער זשורנאַל געשטאָרבען, באַלד נאָכ'ן טראַגישען טויט פון זיין גרינדער און רעדאַקטאָר.

לעאָ סמאָלענסקין איז געווען עלטער פון זיין ברודער מיט דריי יאָהר. איז געווען פריהער זיין לעהרער און וועגווייזער, דער־נאָך זיין חבר און תלמיד, האָט מיט איהם צוזאַמען דורכגעמאַכט אַלע גלגולים פון אַ ישיבה־בחור, פון אַ משכיל, פון אַ קעמפ־פער, פון אַ שריפטשטעלער. ביי זיי איז שטענדיג געווען איין קאַסע, איין אידעאַל, איין וועג, איין ציעל. די ברידער זענען אויך געווען שטאַרק עהנליך אין געזיכט און פּינור איינער מיט דעם אַנדערען.

נאָר מיט זייער אַנקומען אין וויען האָבען זיך אָביסעל צו־טיילט די וועגען פון די ברידער: לעאָן סמאָלענסקין האָט גע־שטרעבט צו ווערען דאָקטאָר; האָט אומגעוואַנדערט איבער פער־שיעדענע שטעדט פון עסטרייך־אונגאַרן; איז צייטענווייז גע־ווען ראַבינער, פּרעדיגער, חזן, מלמד. אָבער דאָקטאָר איז ער נים געוואָרען. ער איז געווען צופיעל וואַנדער־יוד; האָט גע־האַט אַ צו לעבעדיגען טעמפּעראַמענט אום צו זיצען יאָהרען־לאַנג אויף איין אָרט און לערנען. ער האָט שיער נים גענומען אַ כלה מיט 300־טויזענד גולדען נדן. „צופעליג" האָט ער זיך דער־וואוסט, אַז די כלה האָט אַ הויקער. איז ער אַנטלאָפען. האָט זיך נאָך אַלע גלגולים בעזעצט וויעדער אין וויען און חתונה געהאַט, אָבער ערשט נאָכדעם ווי זיין ברודער איז שוין געווען פערהיי־ראַט. פרץ סמאָלענסקין האָט חתונה געהאַט מיט אַ רוסיש מיי־דעל, איז ביז זיין טוידט געבליבען צוגעבונדען צו זיינע רוסישע ברידער און צום „השחר". קיין אַנדער שטרעבונג, קיין אַנדער אויפגאַבע אין לעבען האָט ער נים געהאַט. לעאָ סמאָלענסקין האָט גענומען אַ וויענער מיידעל, איז ביסלעכווייז געוואָרען אַן עסטרייכישער פּאַטריאָט, ווי אַלע וויענער יודען.

ביידע ברידער האָבען זיך שטענדיג געפונען אין אַ קרייז פון רוסישע יודען. אַלע רוסישע יודען האָבען געוואוסט, אַז פרץ סמאָלענסקין איז אין וויען. דעריבער איז זיין הויז שטענדיג גע־

כער. ערשט שפעטער, ווען וויענער קהלה האט געזעהן, ווי ווייט וויכטיג אזא מענש איז פאר די הונדערטע און טויזענדע יודישע חולאים, האט מען איהם בעשטימט א געהאלט. פון דעמאלט אן האט ער זיך געקענט אבגעבען פריי זיין בערוף, זיין אינערלי־כע שטרעבונג צו העלפען די עלענדע יודישע קראנקע. ער איז איצט שוין גרייז־גראה, א זקן 74 יאהר אלט. האלט זיך נאך אבער גאנץ פעסט און מונטער, בעזוכט אלע טאג, אין דער בע־שטימטער צייט, די שפיטאלען און טהוט פאר די יודישע קראנ־קע וואס עס איז מעגליך.

איך האב דעם „זעעלענבעזארגער“ בעזוכט אין זיין היים. פארבראכט מיט איהם, מיט זיין פרוי, מיט זיינע קינדער. און צו פארברענגען מיט איהם איז זעהר אינטערעסאנט, ווארים ער האט א סך, א סך צו דערצעהלען פון זיין פערגאנגענהייט, פון זיינע איבערלעבונגען פאר די גאנצע 40 יאהר, וואס ער איז אין עסטרייך.

זיינע עראינערונגען זענען שטיקער קולטור־געשיכטע, פון וויענער יודישען קווארטאל, פון דער השכלה־צייט, פון דער ערשטער נאציאנאלער יודישער ערוואכונג. ווארים ער איז ניט געווען א געוועהנליכער משכיל. ער איז געשטאנען יאהרענלאנג אן דער שפיץ פונ׳ם השכלה־קאמפף. ער איז אויך געווען איינער פון די ערשטע שוואלבען פון דער יודישער נאציאנאלער בעווע־גונג.

דער „זעעלענבעזארגער“, לאמיר איהם רופען איצט ביי זיין נאמען: לעא סמאלענסקין, איז געווען ניט אזא טאלאנט, ווי זיין ברודער פרץ סמאלענסקין, נאר זיין טרייער אנהעננער, חבר און מיטקעמפפער די גאנצע צייט, ווען יענער איז גע־שטאנען אין פעלד, אלס אנפיהרער פון דער יודישער יוגענד.

„כדי דער „השחר“ זאל קענען עקזיסטירען און מיין ברו־דער זאל קענען זיך אבגעבען רוהיג צו זיין ארבייט“, דערצעהלט מיר איצט לעא סמאלענסקין, „האב איך בעשלאסען ניט צו היי־ראטען און אלץ, וואס איך וועל פערדיענען, איהם אבגעבען“.

ער האט געמאכט רייזען איבער רוסלאנד, האט געזאמעלט אבאנענטען פאר׳ן „השחר“, האט געשריבען דארט ארטיקלען,

פינט זיך שוין אויף דעם פאסטען נאהענט פון דרייסיג יאהר.

די וויענער שפיטאלען, דאס איז א ווינקעל, וואס איז כמעט אין גאנצען אונבעקאנט דעם יודישען לעזער. דאס האט אבער אזוי נים געדארפט זיין, ווארים די וויענער שפיטאלען האבען א סך צו טאן מיט יודען. נים בלויז עסטרייכישע, אונגארישע, גאליציאנער, רומענער, רוסישע יודען, נאר יודען, קען מען זאגען, פון דער גאנצער וועלט בעגעגענט איהר דא. וויענער דאקטוירים זענען בעריהמט אין דער וועלט פאר די גרעסטע ספעציאליסטען אין אלערליי קראנקהייטען. קראנקע פון אלערליי מינים, וואס האבען אין זייער שטאדט, אין זייער לאנד, קיין רפואה נים געקענט קרינען, איז פאר זיי וויען די לעצטע האפנונג. דא, פון די וויענער פראפעסארען האפען זיי א רפואה צו בעקומען.

וויענער שפיטאלען, וויעדער, עפענען ברייט זייערע טויערען פאר אלערליי קראנקע, ווער זיי זאלען נים זיין, פון וואנען זיי זאלען נים קומען. די חולאים בעקומען אומזיסטע הילף, בעט, עסען, טרינקען. איך האב געטראפען יודישע קראנקע, וואס געפינען זיך דא שוין א האלב יאהר, זאגאר א יאהר צייט. מיט דער נאסטפריינדליכקייט פון די וויענער שפיטאלען בענוצען זיך די יודישע קראנקע און קומען אהער אין מאסען. א סך פון די קראנקע זענען אבער עלענד אין אט דער גרויסער, פרעמדער שטאדט. די עלענדקייט דריקט אויף זייער גייסט, מאכט זיי מוטלאז און פערצווייפעלט. א סך ארימע ברויכען שטיצע, הוצאות אויף פאהרען אהיים. מען קען זיך לייכט פארשטעלען, וואס פאר א טרייסט פאר אזעלכע קראנקע איז, ווען עס קומט אריין צו זיי א היגער יוד, רעדט מיט די עלענדע קראנקע פריינדליך, מונטערט זיי אויף, באט זיי אן זיין מיה, זיין הילף, פערבינדט זיי מיט דער אויסערליכער וועלט, מיט דער ווייטער היים, בעזארגט וואס זיי דארפען און טרעט פון זיי נים אב ביז זיי הערען זיך אויף אין איהם צו נויטינען.

ווי געזאגט, האט דער „זעעלענבעזארגער“ אליין בעשאפען זיין אמט.

פריהער איז ער געוועזן א פרייוויליגער שפיטאלען־בעזור־

נער". געגוג צו זאָגען, אז אמאָל, אין זיינע יונגע יאָהרען, איז ער געווען א השכלה־קעמפפער, א מיטארבייטער פון דעם אמאָ־ליגען בעריהמטען העברעאישען מאָנאטליכען זשורנאל „השחר". און א קורצע צייט — דער רעדאקטאָר פון דעם דאָזיגען מערק־ווירדיגען זשורנאל.

אין אמת'ען איז ער איצט אויך ניט קיין גייסטליכער. כאָטש די דאָקטוירים, בארמהערציגע שוועסטער און דיענער אין די וויענער שפּיטאָלען רופען איהם „זעעלענבעזאָרגער"; גאַנץ וויען רופט איהם אזוי, און ער זיך אליין רופט אויך מיט דעם דאָזיגען נאָמען. מיר דאכט אפילו, אז ער שטאָלצירט מיט זיין טיטעל.

ער בעזוכט טעגליך אלע וויענער שטאָדטישע שפּיטאָלען. צוויי טעג האָב איך איהם בעגלייט אויף זיינע וויזיטען. מיר זענען דורכגעגאנגען די גרעסטע וויענער שפּיטאָלען. די בארמ־הערציגע שוועסטער קענען איהם שוין זעהר גוט. ווי ער בעווייזט זיך נאָר, מעלדען זיי איהם באלד, וואו עס ליעגען יודען. ליעגט ערגעץ א רייכער יוד און ארום זיין בעט זיצען פערפוצטע הע־רען און דאמען, געהט ער צו יענער בעט ניט צו. יענע נויטיגען זיך אין איהם ניט. נאָר וואו עס איז קענטיג אז ארימער חולה, אן עלענדער יוד, א פארוואָרפענער פון גאליציען, רומעניען, אי־בערהויפּט פון רוסלאנד, צו יענעם געהט ער צו מיט זיין גע־וועהנליכען גוטמוטיגען, פריינדליכען „גרים גאָט!" פרעגט זיך אויס: פון וואנען? ווי לאנג אין שפּיטאָל? וואָס פאר א קראנקהייט? און געהט אוועק ווינשענדיג א רפואה שלמה.

זיין ראָלע איז אייגענטליך א שווערערע ווי די ראָלע פון דעם קריסטליכען זעעלענבעזאָרגער, און זעהר א וויכטיגע. אמת, אז ער געפינט אין שפּיטאָל א אידישען חולה, זאָגט ער מיט איהם וידוי, בעגלייט איהם צו דער אייביגער רוה. אבער דערמיט אליין ענדיגט זיך ניט זיין אויפגאבע, וועלכע ער האָט אויף זיך אליין גענומען. ער זאָרגט מעהר פאר'ן לעבעדיגען, ווי פאר'ן טויטען. איז דער חולה אן אָרימער, גיט ער צו וויסען אין דער יודישער קהלה און סטארעט זיך אויס פאר איהם שטיצע. ער איז טאקע פון דער קהלה אנגעשטעלט צוליעב דעם צוועק, און גע־

# דער זעעלען־בעזאָרגער.

וואָס איז אזוינס א זעעלען־בעזאָרגער?

דאָס איז א גייסטליכער, וואָס קומט צו דעם מענשען אין זיינע לעצטע שטונדען. ער קומט צוגרייטען איהם צו זיין איי־ביגען וועג, צו בעזאָרגען זיין נשמה פאַר יענער וועלט.

איינגענטליך האָט יעדער קריסטליכער גייסטליכער די דאָזי־גע אויפגאבע. נאָר עס זענען דאָ גייסטליכע, וואָס זייער בערוף בעשטעהט נאָר אין דער ראָלע פון א זעעלענבעזאָרגער. דאָס איז אין די גרויסע שטעדט, אין די שפּיטאָלען, וואו אלע טאָג זענען דאָ קראַנקע, וואָס האַלטען ביי שטאַרבען, דאָרט מוז זיין אַן עקסטרא גלח צו געבען דעם מענשען זיין לעצטע טרייסט.

דאָס איז אבער נאָר ביי קריסטען. ביי יודען איז קיין מאָל ניט געווען קיין „זעעלענבעזאָרגער“. דער יוד נויטיגט זיך ניט אין דעם רב ביי זיינע לעצטע מינוטען. זיין טרייסט ביים שטאַר־בען, אזוי ווי ביים לעבען, זוכט ער און געפינט אין זיין פאמי־ליע. דער רב קומט נאָר צו א שמחה: צו א ברית, צו א חתונה. ער קומט צוגרייטען דעם יודען צום לעבען און ניט צום טוידט.

דעריבער האָב איך זיך טאַקע שטאַרק געוואונדערט, ווען איך האָב געפונען אין וויען א יודישען „זעעלענבעזאָרגער“. דאָס איז, אָהן א ספק, דער איינציגער יודישער „זעעלענבעזאָרגער“ אין דער וועלט. דער ערשטער און, וואהרשיינליך, דער לעצ־טער.

דאָס איז אבער אויך אַן אונגעוועהנליכער „זעעלענבעזאָר־

דער יודישער וועלט. אנדערע יודען, ווידער, ווי דער קברות־שמש פונ׳ם נייעם בית־עולם (פארבייגעהענדיג בעמערקט — א כפארט, אין א פראק, צ לענדער און ווייסע האנדשוה) האט מיר ערקלערט, האבען אליין געקויפט פאמיליען־גרעבער אויפ׳ן קא־טוילישען פריעד־האף, כדי זייערע קינדער, וואס זענען אלע גע׳שמד׳ט, זאלען זיך ניט שעמען זיי צו בעזוכען...

גערוימט, אויסגעפוצט, געריייניגט. יעדע מצבה — שוין לאנג נומעריִרט, פאררינכט און לעזבאר געמאכט. צובראכענע מצבות־שטיקער אייגגעפאסט אין א וואנד. יעדע שטיק, ווי יעדע גאנצע מצבה בעצייכענט מיט א נומער און — וואו מעגליך — מיט'ן יאהר. וויענער אלטער יודישער בית־עולם איז א וויכטיגער היס־טארישער דענקמאל. א גאנצע רייהע מצבות־אויפשריפטען ווייזען, אז מיט הונדערט און זאגאר 200 יאהר צוריק, איז וויען געווען א שטאדט פון לומדים, מופלגים, בעלי צדקות.

דא אויף דעם קליינעם שטח פונ'ם אלטען וויענער בית הקברות ליגט דאס גאר אלטע יודישע וויען פון פאר דריי פיער פינף און זאגאר זעקס הונדערט יאהר. ביז דעם מיטען פונ'ם פאריגען יאהרהונדערט, האבען וויענער יודען נים גע־טארט מקבר זיין זייערע טויטע אין אן אנדער ארט, האבען זיי, די וויענער יודען, אין א משך פון א האלבען יאהר טויזענד געבוים דא א מערת המכפלה — דאס הייסט א בית עולם פון 4־3 שטאק. איז פול געווארען דער „בית־עולם" האט מען ארונ־טער גענומען די מצבות און אנגעשאטען א נייעם פאך ערד און אויף די אלטע — נייע קברים געגראבען. אז אט די נייע זענען ענג געווארען, האט מען אויף זיי א פרישען פאך ערד אנגעשא־טען און א דריטען שטאק קברים געגראבען. די טויטע האבען עס געהאט נים בעסער פון די לעבעדיגע...

די רעוואלוציע פון 1848 האט ביידען פריי געמאכט: אי די טויטע, אי די לעבעדיגע. דער נייער יודישער בית עולם אויף דעם „צענטראל־פריעדהאף" איז אן אמת'ער פארק. וואהרשיינ־ליך דער שענסטער יודישער בית עולם אין אייראפא.

גאר צופיעל הרחבה פשרפיהרט... אט אזוי האבען א סך יודען זיך געפיהלט שוין צו ענג אויף זייער יודישען בית עולם און האבען זיך אריבער געקליבען אין שכנות, דערביי, אויפ'ן קאטוילישען... א טייל פון זיי — נים ווילענדיג. די געטויפטע קינדער האבען זיי, פאר'ן טוירדט גע'טובל'ט מיט שמד־וואסער און געבראכט זיי אויפ'ן קאטוילישען פריעד־האף, וואס געהמט אויף פריינדליך אלע מתים, אהן אונטערשייד פון רעליגיאן. דער־מיט האבען זיי געוואלט איבעררייסען יעדע פערבינדונג מיט

דר. גרונוואלד א גרויסער קענער אין דער יודישער געשיכטע, האט מיר געזאגט זיין השערה, אז דאס איז וואהרשיינליך א ים־הונד, איינער פון די, וואס האבען בעלאנגט צום אלטען וויע־נער אוניווערזיטעט. בשעת מ'האט מיט א יאהר הונדערט צו־ריק, איינגעריסען די אלטע אוניווערזיטעטס־געביידע און גע־בויט די נייע, די איצטיגע, האבען פריוואט מענשען אבגעקויפט דא פערשיעדענע אלטע שטיין־בילדער, וואס האבען פערציערט דעם אוניווערזיטעט, פון זיי האט איינער א יוד, געמוזט שענקען איין שטיין־בילד דעם אלטען בית הקברות. דאס האט געמוזט זיין א וואסער־בעקען אויף וואשען די הענד. שפעטער איז דאס קאליע געווארען און געבליבען צווישען די אנדערע שטיינער אויפ'ן בית עולם.

דער פערוואלטער האט מיר געזאגט אז ער האט אמאל אי־בערגעקעהרט דעם שטיין און האט דארט ווירקליך געפונען אן אייזערנעם רעהר, וואס איז נעגאנגען ביז צום מויל פון פיש. עס בלייבט אבער דאך א רעטעניש: ווי אזוי מאכט דאס פאלק פון א בעקען — א מצבה. דער אלטער בית עולם איז געשלאסען געווארען מיט א יאהר 60־70 צוריק. ס'זענען דא אלטע לייט, וואס געדענקען נאך דאס. אין אזא קורצער צייט ווערט ניט בע־שאפען קיין לעגענדע. וואהרשיינליך האט אויסערהאלב דעם בית־עולם געמוזט עפעס פאסירען, וואס גיט דעם טונקעלען אבערגלויבישען המון א באדען פאר אזא בייקע (בבא מעשה).

עס טרעפט, אז א הוהן, א גאנז רייסט זיך ארויס פון אונטער דעם שוחט'ס מעסער און צייגען א פראטעסט נעגען זיי־ערע מערדער. פילייכט האט עהנליכעס פאסירט מיט א פיש. דער פרומער יוד פון אמאליגע צייטען קען זיך ניט ערקלערען, אזא „פראטעסט“ פון אן עוף אדער א פיש, און ערקלערט עס מיט א „גלגול“. די פאנטאזיע דערמאנט שוין ווייטער דעם „שמע ישראל“. אויפ'ן אלטען בית עולם איז שוין לאנג נעוועזן דער גוף פאר דער לעגענדע. עס האט נאר נעפעהלט די נשמה...

דער אלטער וויענער בית עולם איז, איבעריגענס, איצט גאר ניט עהנליך, א שטיינער, צו א ווילנער אלטען בית עולם. דארט איז אלץ חרוב, פערלאזען, פערוויסט, דא איז אלץ אויפ־

הקברות, זייער אינערליך־ארגאניזירטען געמיינדע־לעבען. האבען פערנומען זעהר א וויכטיגען ארט אין אלע געביטען פון לעבען. און ניט נאר דאן, — שוין מיט הונדערט יאהר פריהער האט מען אין אייראפא, בשעת עסטרייך האט געדארפט פיהרען מלחמה מיט טערקיי, געטרויט געלד ניט אויף דעם קייזער'ס אונטערשריפט, נאר אויף דעם אונטערשריפט פונ'ם הויף־יוד, שמשון ווערטהיימער.

נאך דער רעוואלוציע פון 1848, פון וועלכער דער ערשטער אפפער און דער לעצטער איז געוועזן א יוד, הויבט זיך ערשט אן בויען „כשר". געזעצליך די וויענער יודישע „קולטוס־געמיינ־דע", (קהילה). איצט — די רייכסטע, די גרעסטע, די שטארקס־טע יודישע געמיינדע אין אייראפא. מיט 60—70 יאהר צוריק האט זי געהאט א 5000 יודען און איצט איז זי אויסגעוואקסען צו א געמיינדע פון 200 טויזענד יודען. יודען שפיעלען א מעכ־טיגע ראלע אין וויענער עקאנאמישען און גייסטיגען לעבען. יו־דען בעגעגענט איהר אויף יעדען טריט און שריט, וואו איהר גיט א ווארף מיט אן אויג: אין האנדעל אין פארלאמענט, אין דער רעגירונג, אין דער מיליטער, אין דער פאליציי, אין דער ליטעראטור, קונסט — אויף יעדען געביעט פון מענשליכען ווירקען און דענקען זענען יודען פול. מ'פיהלט זיך, ווען מען קומט אין וויען, פאלקאם ווי אין א יודישער שטאדט.

און בלויז דער אלטער בית עולם, וואס קומט איצט אויס אין סאמע צענטער פון שטאדט, דערמאהנט אז אמאליגע דונ־קעלע צייטען. און די לעגענדע פונ'ם פיש, איז א סימבאל פון יענע צייטען, ווען דאס יודישע פאלק האט געמוזט אריבער־טראגען אלע ענוים און שרעקען פון רעכטלאזיגקייט און זיין שטום ווי א פיש. און נאר דאן, ווען מ'האט זיין לייב לעבעדיג געשניטען, האט עס געוואגט צו שרייען: „שמע ישראל!"...

---

איך האב געפרעגט ביי'ם פערוואלטער פונ'ם אלטען בית עולם און ביים ראבינער, דר. גרונוואלד: פון וואנען שטאמט די לעגענדע פונ'ם פיש, וואס האט געשריען „שמע ישראל", האבען זיי מיר ניט געוואוסט, וואס צו ענטפערען דערויף. נאר

אין אלע הייליגע און מורא'דיגע טעג, ווען די פרומע יודען און יחדענעס, וואס זענען, צוליעב אונזער גרויסע זינד נאר ווענינ געווארען אין איצטיגען פארשייטען דור, קומען אויפ'ן אלטען בית עולם אויסוויינען זיך אויף די אלטע קברים און בעטען אויף א גוט יאהר, קומען זיי אויך צום „הייליגען" קבר פון דעם פיש און זענען אויך אויף זיין קבר מתפלל... ער, דער פיש, זאל זיין א גוטער בעטער...

מיר האט די מעשה דערצעהלט מיין גאליציאנער באלע־באסטע, און דער מאן איהרער דער באלעבאס, האט דאס בע־שטעטיגט, און האט מיר שטארק צוגערעדט, איך זאל געהן אויפ'ן אלטען יודישען בית עולם, וועל איך זעהן בעשיינפער־ליך דעם קבר און די מצבה פונ'ם פיש.

איך האב געפאלגט און בין געווען אויפ'ן אלטען יודישען בית עולם. איך האב בעשיינפערליך געזעהן דעם פיש, ד. ה. די מצבה וואס איז עהנליך צו א פיש.

נאר פריהער א פאר ווערטער וועגען דעם בית עולם גופא. אין וויען איז פאראן 3 בית עולם'ס, און דאס איז דער עלטעס־טער. עס זענען דא אויף איהם מצבות פון אריבער צוויי הונדערט יאהר. אבער דער בית עולם איז, אין אמת, א סך עלטער. ער דארף אלט זיין אן ערך א פינף, זעקס הונדערט יאהר. כאטש אפען האט ביז דער רעוואלוציע פון 1848 אין וויען נים געטארט זיין קיין יודישע געמיינדע. לויט דער סטאטיסטיק פון יענער צייט, זענען אין דער ערשטער העלפט פונ'ם פאריגען יאהר הונדערט געווען אין וויען בלויז 500 „טאלערירטע" יודען, ד. ה. יודען, וואס האבען געהאט א ספעציעלע ערלויבניש צו וואוינען אין עסטרייך'ס רעזידענץ. מיט זיי האבען געמעגט וואוינען אין וויען אויך זייערע ווייבער און קינדער. איז אבער אימיצער פון די „טאלערירטע" געשטארבען, האט די אלמנה מיט די קינדער געמוזט פארלאזען וויען און פאהרען צוריק אהין, פון וואנען זיי זענען געקומען.

דאס איז אבער געווען נאר אפיציעל, לויט'ן געזעץ. אין אמת'ן איז שוין דאן געווען יודען אין וויען צעהן מאל אזוי פיעל. זיי האבען שוין לאנג געהאט זייערע שולען, זייער בית

# אויף דעם „קבר" פון... א פיש.

אויף דעם אלטען יודישען בית עולם אין וויען איז דא א מצבה וואס שטעלט פאר א פיש מיט שופען, מיט אן עק מיט א ברייטען מויל אויפגעריסען צום הימעל, אזוי ווי דער פיש וואלט שרייען צו גאט.

ווי קומט א שטומער פיש צו עפנען א מויל? צו שרייען? צו וועלען שרייען אפילו? און ווי קומט גלאט א פיש אויפ'ן יודישען בית הקברות?

איז דאס טאקי ניט קיין פשוט'ער פיש. אט וואס אלטע פרומע יודען אין וויען דערצעהלען וועגען דעם דאזיגען פיש.

דאס איז געוועזען לאנג, לאנג מיט דורות צוריק. איצטיגע וויענער זקנים געדענקען דאס נים. האט אמאל א פרומער יוד געקויפט א פיש אויף שבת. א גרויסען פיש, א לעבעדיגען פיש, א צאפעלדיגען. און ווי מ'האט דעם פיש גענומען מאכען, האט ער זיך ארויסגעריסען פון די הענד, א שפרונג געטאן אין דער הויך און א געשריי געטאן: „שמע ישראל".

עס איז געווארען א גערודער, אלע שטוביגע האבען זיך דערשראקען. מ'האט באלד געשיקט פרעגען א שאלה צום רב, און דער רב האט געזאגט, אז אין דעם פיש איז א „גלגול" פון א יודישע זינדיגע נשמה, וואס האט איצט בעקומען איהר „תיקון".

מ'האט דעם פיש געמאכט א גרויסע לויה און געבראכט איהם צו קבר ישראל אויפ'ן אלטען וויענער בית הקברות.

אזוי דערצעהלען וויענער פרומע יודען. און יאהר־יעהרליך,

איבערציהען זיך אין א קליין שטעדטעל, אין טיעף אונגארן, וואו עס ווערט געבויט א נייע מיליטערישע באהן. זיי זענען מיט מיר אוועקגעפאהרען אין איין טאג. מיר האט זיך געדוכט, אז דאס האבען איהם די חברים צוגעדינגט, ער זאל זיי ניט פארשווארצען די אויגען. די דייטשקע האט מיר אבער ערקלערט, אז איהר טוט עס הנאה. זי איז אליין געבארען פון יענעם געגענד. אין א קליין שטעדטעל איז עס דאך רוהיגער, בעקוועמער: מ'קען לעבען ווי מ'וויל. זי וואלט געוועזען גאר גליקליך, ווען זי וואלט נאך דארטען. אין דער קליין־שטעדטעלע, קענען האבען איהר גוטען פריינד — דעם „לאקערל"...

מיך אנגעקוקט מאדנע, זי האט געזאגט, אז אזוי איז דא דער מנהג. דיווירטין מוז פוצען דעם קווארטיראנטס קליידער, און שיך. איך האב זיך פער'עקשנט, האב איהר ערקלערט, אז „ביי אונז" אין רוסלאנד, האט מען וועגען אזוינע זאכען אנדערע בעגריפען; יעדער מענש מוז אויף זיך אליין אויפפאסען און ניט בעלעסטיגען יענעם מיט אזוינע קלייניגקייטען. וואס ער קען אליין טאן. זי האט דאס ניט געקענט פארשטעהן און האט זיך מיט מיר שטארק געאמפערט. ענדליך איז זי אוועק מסר'ן דעם מאן. דער אפיציר האט זיך „אנגענומען" פאר זיין ווייב און איך זיך געוואלט מיך איבערצייגען, אז אזוי איז שוין דא דער מנהג פון שנים קדמוניות. איך האב זיך אבער איינגעשפארט און געשטעלט אויף דאס מייניגע.

אין איינינע טעג ארום האט זיך מיין דייטשקע איבערצייגט, אז דאס איז פאר איהר ניט קיין חסרון, זי איז שלום געווארען מיט מיר און האט מיר אפילו דערצעהלט, אז דער פאריגער קווארטיראנט האט עס זיך „געמאכט בעקוועם". ער פלעגט איהר אלע טאג ארויסשטעלען פוצען און רייניגען דריי קאסטיומען.

אחוץ דעם מאן, דער שוועסטער און דעם ברודער, האט די אפיצערשע געהאט נאך א גוטען פריינד, וואס פלעגט קומען צו איהר אפט ביי טאג, איהר אמוזירען. דער אפיציר איז ניט געווען אייפערזיכטיג. פארקעהרט: ער האט איהר „גוטען פריינד" געטראפען, קומענדיג אהיים פון דינסט, פלעגט ער איהם בעהאנדלען אויפ'ן שענסטען ארט. דער גוטער פריינד איז געווען — „לאקערל" — דער שוועסטערס הונד. דאס איז געווען א מאידים פון א הונד. זי פלעגט מיך אפט ארויסרופען פון מיין צימער, איך זאל זעהן, ווי „לאקערל" צוקעהרט מעשים. דאס אמוזירען זיך איז געווען אויף אזא שטייגער: זי פלעגט נעהמען א שמאטע אין האנד ביי איין עק און „לאקערל" פלעגט דאס נעמען אין די ציין ביי אן אנדער עק און שפרינגען דערמיט, האווקען, בורטשען און שטיפען, טאקע ממש ווי א אינגעל — א קונדס.

א פאר טעג פאר מיין אבפאהרען פון וויען האט מיר מיין בעל־הבית'טע פארטרויט אז איהר מאן האט בעקומען א בעפעהל

אַט אַזוי לעבען זיי, די יונגע פּאָר (ביי זיי איז ערשט צוויי יאָהר נאָך דער חתונה), איינזאַם, איינגעשלאָסען, פאַרלאָזען פון אַלעמען. נאָר זיי דאַרפען קיינעם ניט. ניין אַזייגער אין דער פריה געהט ער אַוועק אין דינסט. זי שטעהט אויף פריה (7 אַזייגער איז זי שוין אויף) לויפט אַרונטער אין קרעמיל, מאַכט איהם פרישטיק, גיט איהם עפּעס אַ גוטע זאַך מיט. ער געהט אַוועק. נעהמט זי זיך רייניגען, וואַשען, שייערן, נייהען, פוצען, קאָכען. אין קיך און אין שלאָפצימער (מעהר האָבען זיי ניט, אחוץ מיין צימער) פינקעלט יעדע ברעקעלע. אַלע טאָג ווערען געוואַשען די שויבען, געפּוצט די ווענט, די געשיר, זיינע און איהרע קליידער — קורץ: זי איז פאַרהאַרעוועט דעם גאַנצען טאָג אין שטוב. זעקס אין אָוועגד קומט ער צוגעהן, דערוויסט אַ ריינעם, איינגעפּאַכען און געשמאַקען וואַרמעס. פון דעם וואַרמעס לאָזט מען אַביסעל אויף מאָרגען. בייסט זי דאָס איבער ביין טאָג און מיט'ן וואַרמעס וואַרט זי אויף איהם. אָבגעגעסען וואַרמעס פאַרברייגגען ביידע דעם אָבענד אין דער היים, ער לייענט איהר עפּעס, אָדער דערצעהלט איהר געלעגטערדיגע מעשיות און ביידע לאַכען. אַמאָל געהט מען צוזאַמען מאַכען אַ וויזיט איהרע אַ שוועסטער, אָן עלטערע אַביסעל פון איהר, אויך זעהר אַ שעגע. אַמאָל, זעהר זעלטען קומט די שוועסטער צו א י ה ר. אַלע זונטאָג קומט איהר בעזוכען דער ברודער — אָן אַרבייטער, אַ שלאָסער, אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט. די שוועסטער און דער ברודער זענען אויף איהר ניט ברוגז, האָבען זיך, פון איהר ניט אָבגעזאָגט. נאָר די מאַמע (קיין פאָטער האָט זי ניט) — איז נאָך אַלץ אויף איהר ברוגז.

מיט מיר איז אָט די בעל־הבית'טע מיינע שיער ניט ברוגז געוואָרען אויפ'ן צווייטען טאָג, נאָך מיין אַריינקלייבען זיך. און אָט צוליעב וואָס:

אין אָוונגד האָט זי מיך געבעטען, איך זאָל מיינע קליידער און קאָמאָשען אַרויסשטעלען, פאַרן שלאָף, פאַר דער טיר אין קאָרידאָר, וועט זי עס אין דער פריה פוצען און רייניגען. איך האָב איהר געמעלדעט, אַז איך פוץ מיינע קליידער און שיך אַליין. די דייטשקע האָט אויסגעשטעלט אַפּאָר אויגען און האָט

ליבען זיך אין א דייטשקע, זעהר אן איינפאכע ארים מיידעל, פון אַ ארבייטער פאמיליע. וואלט ער זיך פערליבט אין א רייכער דייטשקע, וואלט זיך פערקנע־פילט דורך איהר וועניגסטענס מיט א קריסטליכער אדע־ליגער משפחה, וואלט איהם זיין יודישער טאטע געגעבען זיין ברכה און נאך א שענע פאר צעהנדליג טויזענד קראַ־נען דערצו. נאר פערליבען זיך אין א פראסטער ארבייטער־מיי־דעל — דאס האט מען איהם ניט געקענט שענקען. זיין טאטע און מאמע האבען איהם ניט בלויז קיין ברכה און קיין געלד ניט געגעבען, נאר האבען זיך פון איהם אבגעזאגט.

איך ווייס ניט אקוראט, צי דער אפיציר, מיין בעל־הבית, האט ארויסגעקראגען ביים טאטען, צי ער האט אליין פערדינט (ער איז מיליטערישער עלטערער בוימייסטער (אינזשיניער) אין דעם ראנג פון אן אפיציר) די דרייסיג טויזענד קראנען גאראנטיע, נאר ער האט זיינס אויסגעפיהרט: ער האט חתונה געהאט מיט דער געליבטער. נאר דא האט זיך ערשט אנ־געהויבען זיין טראגעדיע. טויפען האט ער זיך ניט געוואלט, אבער א יוד מיט א קריסטין (און פערקעהרט) מעגען חתונה האבען נאר אין דעם פאל ווען די יונגע לייט ערקלערען זיך „קאנפעסיאנסלאז", ד. ה. גאר אהן א גלויבען. די כלה האט גאר נישט געהאט דאגעגען. זי האט איהר חתן שטארק ליב געהאט. דערפאר איז איהר מאמע ברוגז געווארען אויף איהר טאכטער, וואס זי האט גענומען אן אפיקורס, דערצו נאך א יודען. און זי האט זיך אבגעזאגט פון דער טאכטער פונקט אזוי, ווי זיין טאטע און מאמע האבען זיך אבגעזאגט פון איהם. אין די חברי'שע אפיצערישע קרייזען ווידער האט מען אויף איהם אנגע־הויבען קרום צו קוקען פאר דריי זאכען. ערשטענס, וואס ער איז א „יוד": צווייטענס — אן „אפיקורס", דריטענס — און דאס איז די גרעסטע זינד — וואס ער איז אליין א קבצן און האט גענומען אן ארימע ארבייטער־מיידעל. ער האלט זיך אבער אויפ'ן דינסט, ווייל די העכערע מיליטערישע בעאמטע מוזען איהם האבען, פערטרויענדיג איהם וויכטיגע מיליטערישע באהן־און־פעסטונגס־ארבייט.

שטימונג פון דער אידישער בעפעלקערונג און פערטרויט יודען די פעראנטווארטליכסטע שטעלע אויף אלע געביטען פון ציווי־לען און מיליטערישען דינסט אין שטאאט.

אידען בענוצען זיך אבער ווייניג מיט דער געפעלינקייט פון דער רעגירונג אין דעם פרט פון מיליטערישען דינסט. א רייכע וויענער יודישע מיידעל האט אמת שטארק חשק צו א גוי'אישען אפיציר. אבער א זוהן פון א יודישען בורזשוא האט ווייניג חשק צו ווערין אפיציר. מיט געלד און בילדונג האט א יודישער יונגער מאן א סך א ברייטערן פעלד פאר זיך צו ענטוויקלען און אויסנוצען זיינע פעהיגקייטען, ווי דער געביט פון מיליטערישען דינסט. ניט בלויז אן אדוואקאט, א דאקטאר, א טעכניקער, א סוחר, נאר אפילו א גוטער וואיאזשאר, פאר־דינט א סך בעסער פון אן אפיציר, און קען לעבען פיעל בריי־טער, פרייער און לוסטיגער. פריי און לוסטיג צו לעבען, בעזור־כען אייניגע מאל א וואך טעאטער, קאנצערטען, באלען, מאס־קעראדען, נעהמען אנטייל אין ספארט, רייסעס, לופט־פליהע־ריי — דאס איז דער אידעאל פון דער בורזשואזער יודישער יוגענד אין וויען. דערצו פאדערט זיך אבער געלד און א סך. דער געהאלט פון אן אפיציר קלעקט ניט אויף א פרייען וויענער לעבען, און דער יצר הרע צו א לוסטיג לעבען איז שטארקער פון דער אמביציע צו טראגען אן אפיצירישע קעפ.

דעריבער בענוצט זיך די וויענער יוגענד בעסער מיט דעם ברייטען פעלד פון האנדעל, אינדוסטריע און ליבעראלע פראַ־פעסיעס, וואו זי שפיעלט א מעכטיגע ראלע, פערדינט א סך געלד און לעבט א גוטען טאג. נאר איינצעלנע איינגעפונדעוועטע יו־דישע גבירים, וואס האבען שוין מעהר ניט נויטיג צו יאגען זיך נאך ביזנעס, בעזיצען אין די בענק א היבשען פעקיל מזומן, פער־גינען זיך דעם לוקסוס צו געבען די קינדער א מיליטערישע קא־ריער, דערין שפיעלט א ראלע ענטוועדער די קנעפיל־אמביציע, אדער חער שטארקער חשק צו פערקנעפעלען זיך מיט דעם קריסטליכען אדעל.

פון אזא הויז, א פנים איז געוועזן מיין דריטער בעל הבית. יוערענדיג אפיציר האט ער אבער געהאט דעם אונגליק צו פער־

ניט פערדינגען. דערצו האָב איך געקענט געהמען דעם צימער, נאָר אויף צוויי וואָכען. נאָר געגען מיין ערוואַרטונג האָט מען מיך דאָ גאַנץ פריינדליך אויפגענומען און איינגעשטימט אָבצו־געבען זייער צימער אויף דעם קורצען טערמין, וואָס איך האָב פערלאַנגט. אז דער אָפיציר איז א אידישער האָב איך זיך דער־וואוסט שפּעטער, פון זיין פרוי, א יונגע, שענע דייטשקע, אן אמת'ע דייטשקע — א קריסטין. איך האָב זיך אויך דערוואוסט, אז דאָ איז געווען א ראָמאַן און, דערצו — א טראַגעדיע.

אז אן עסטרייכישער אָפיציר האָט א ראָמאַן — דאָס גופא איז שוין, איינענטליך, א טראַגעדיע. אן עסטרייכישער אזוי ווי א דייטשער אָפיציר, טאָר ניט חתונה האָבען ווען ער טראָגט ניט אריין אין דער מיליטערישער קרוין־קאַסע מינדעס־טענס 30 טויזענד קראָנען, אלס גאַראַנטיע, אז ער וועט זיין אין שטאַנד צו פיהרען אן אנשטענדיגען לעבען, ווי עס פּאַסט פאַר אן אָפיציר. דער מינימום פאַר אן אנשטענדיגען לעבען איז לויט'ן בעגריעף פון דער עסטרייכישער ביוראָקראַטיע — זעקס טויזענד קראָנען א יאָהר. דריי טויזענד בעקומט אן אָפיציר גע־האַלט. די איבריגע דריי טויזענד קראָנען מוז ער האָבען פון פּראָצענט אויף זיין קאַפּיטאַל. דער אָפיציר וואָס וויל חתונה האָבען, מוז ער אלזאָ, ענטוועדער אליין זיין רייך, אָדער — מאַן א רייכען שדוך. דעריבער סטאַרען זיך די אָפיצירען צו האָ־בען אריינגאַנג אין די רייכע הייזער און קריגען פון דאָרט א כלה. ביי די אויפגעקומענע נגידים ווידער, רעכענט זיך פאַר א כבוד צו פאַרקנעפּלען זיך מיט אן אָפיציר, איבערהויפּט, ווען ער האָט נאָך א קרעל אויפ'ן באַק — א סימן, אז ער האָט געהאַט „היסטאָריעס" מיט דועלען.

אין דייטשלאַנד, ווי בעוואוסט, איז דער יונקער־קלאַס שטאַרק איינגעשלאָסען און כמעט אין גאַנצען געשלאָסען פאַר א יודען. א יוד אן אָפיציר איז דאָרט א זעלטענע ערשיינונג. גאַנץ אומגעקעהרט איז אין עסטרייך. דאָ האָבען יודען די פולע פרייהייט צו פערטרעטען העכערע מיליטערישע עמטער. אין דער עסטרייכישער מיליטער זענען דאָ ניט ווייניג יודען פּאָל־קאָווניקעס און גענעראַלען. די רעגירונג קען די פּאַטריאָטישע

אַט דעם פּאַך). דער צימער איז פאַרדונגען, אין קאַבינעט שלאָפט די גאַנצע פאַמיליע: די מאַמע מיט דער טאָכטער (אַ מיידעל פון אַ יאָהר 16) אין איין בעט; דער טאַטע מיט איין זוהן אין אַ צווייטער. אין דער דריטער בעט שלאָפען דאָ די צוויי איבּ־ריגע „בורשען". די קיך איז זעהר אַ קליינע. פאַרברייננט די גאַנצע געזינד אין קאַבינעט ביי טאָג און ביי נאַכט. אין אַ ווינ־קעל שטעהט אַ פּיאַנאָ. די גאַנצע געזינד איז מוזיקאַליש. די טאָכטער ארבּייט ביין טאָג אין זעלבען געשעפט, וואָס איהר פאָטער. אין אָוונעד לערנט זי זיך שפּילען. זי שפּילט פּיאַנאָ; די בורשען — פּיעדעל, וויאָלין. די איינגלאַך האָבען אויך טאַ־לאַנט צום מאָלען. זענען נאָך יונג. ביי טאָג געהט מען אין דער שולע. ביי נאַכט בעזוכט מען די ספּעציעלע שולע פאַר מאָלען און צייכנען. טאַטע־מאַמע זעהר איינפאַכע מענשען (זי — אַ דייטשקע, ער אַ פערדייטשטער טשעך פון טיעף בעהמען) האָ־בען אָבער אַ סך געפיהל פאַר די קינדערס טאַלאַנטען, און זענען זיך פשוט מקריב צו שאַפען זיי מיטלען, געבען זיי די מעגליכ־קייט ענטוויקלען זייערע פעהיגקייטען. דאָס קאָסט אַ סך געלד. איבערהויפּט די אַלטע ארבּייט ווי אַ פערד, בעדינט די קוואַר־טיראַנטען, און יעדען העלער, וואָס זי בעקומט גיט זי די קינדער אוועק. דאָס איז ביי איהר דער צווייטער מאַן. דער ערשטער — האָט זי מיר דערצעהלט — איז געווען אַ „האַטעליע", ד. ה. אַ לאַקיי אין אַ האָטעל. האָט געשכור'ט, פערהולטעוועט איהר גדן, וואָס זי האָט איהם אריינגעבראַכט, און יעדען קרייצער, וואָס זי פלעגט פערדינען פון גרעט וואַשען. ד'ער איז — זאָגט זי — אַן אַנשטענדיגער מענש: טרינקט ניט, רויכערט ניט, איז אָב־געגעבען דער פאַמיליע און זי איז פאַר איהם גליקליך.

איך האָב געמוזט אַברוימען מיין צווייטע קוואַרטיר — פאַר סטאַבילע סטודענטען — די פריהערדיגע באַרדער פון'ם צימער, און האָב מיך געלאָזט זוכען וויעדער אַ צימער אין לעאָ־פּאָלדשטאַדט. זוכענדיג האָב איך מיך אַנגעשטויסען, גאַנץ אונגעריכט, אויף דעם אַפּיציר. דערזעהענדיג אין פאַרהויז די מיליטערישע אוניפאָרם מיט'ן שווערד, האָב איך שוין געוואָלט געהן צוריק. איך בין געווען זיכער, אז דאָ וועט מען אַ אידען

1500־1000 קראנען  א יאהר און דער פארדינסט קלעקט ניט אויף אזא גרויסע צינש (רענט, דירה געלד). געוועהנליך  בע־שטעהט א דירה פון דעם ניט רייכען קלאס אין וויען פון דריי חדרים: קיך, קאבינעט, (קליינער צימער מיט איין פענסטער) און  צ י מ ע ר  (מיט צוויי פענסטער, אדער מיט איין פענס־טער — א ברייטען). דער קאבינעט, אדער צימער ווערט פער־דונגען. דער איינציגער צימער, וואס בלייבט פאר דער פאמיליע דיענט פאר א שלאפצימער, א זאל, א גאסטצימער. דארט שטעהט אויך די „פיאנא". ווען אימיצער פון דער פאמיליע איז מוזיקאליש. די קיך דיענט אויך פאר אן עס־צימער, פאר צו־געהמען געזעלשאפט שבת און יום טוב, פאר א שלאף צימער די קינדער און, ניט זעלטען, ווערט אין דער קיך פערדונגען א „בעט" צו נאך א „באררשר".

מיינע דריי בעלי בתים. ביי וועלכע איך האב געוואוינט, פאר דער צייט, וואס איך האב פארבראכט אין וויען, זענען געווען פראלעטאריער פון דריי פארשידענע מדרגות. דער ער־שטער א גאליציאנער יוד אין לעפאלדשטאדט, א הענדלער פון שמאטעס. א פרומע יודישע פאמיליע: 4 קינדער — צוויי זיהן און צוויי טעכטער.ביידע זיהן — „קאמים" אין געשעפטען. איין טאכטער פארהייראט פאר אן ארבייטער. א צווייטע — א מיידעל נאך — א זאקענמאכערין. זי ארבייט אין דער היים (אין קיך ביים פענסטער) אויף א זאקענמאשין, גענומען אויף או־סצוצאהלען. ארבייט פאר פריוואטע קונדען, וואס בעקאנ־טע רעקאמענדירען. דעריבער נעהמט זי אביסעל א בעסערן פרייז און ארבייט אוים איהרע צעהן קראנען א וואך. דערפון קליידט זי זיך, און לעגט אב אביסעל אויף נדן, און גיט די על־טערן צו שטייער אויף צינש, אויף עסען. אט אזוי קומט מען ווי עס איז דורך.

מיין צווייטער בעל־הבית — (עק שטאדט, וואו די גאסען זענען רייגליכער און די הייזער מיט גערטלאך פון פארענט) איז געווען א קריסט, א נידעריגער בעאמטער אין א פארז־כערונגס־געזעלשאפט. זונטאג, און צייטענווייז, אן דער וואכען אין אוונד ברויכט ער צו איינבינדעריי (געהאט אמאל א שאפ פון

# ביי אַ יודישען אפּיציר.

אַ צופאַל האַט מיר געגעבען די מעגליכקייט ארייננצוקוקען אין דעם אינערליכען לעבען פון אַן עסטרייכישען יודישען אַפּי־ציר. איך האַב געהאַט די מעגליכקייט, מעהר ווי איין מאָל, מ־ט דעם אַפּיציר צו פאַרברייננגען. איך בין געוועזען מעהר ווי זיין גאַסט. איך בין געוועזען זיין קוואַרטיראַנט אין אַ משך פון דריי וואָכען.

אין די פּאָר מאָנאַטען, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין וויען, האָב איך, אַלס ניט סטאַבילער, ד. ה. ניט שטענדיגער קוואַרטיראַנט*) געמוזט בייטען דריי מאָל מיין וואוינונג. דאָס איז געוועזען אביסעל אונרוהיג און ניט בעקוועם. דערפאַר האָב איך געהאַט די געלעגענהייט צוצוקוקען זיך נעהענטער צום וויענער אידישען לעבען, ווי אויך צום לעבען פון די וויענער קריסטליכע פּראָלעטאַריער.

דער דורכשניטליכער יוד, ווער ער זאָל ניט זיין: האַנד־ווערקער, קליינער קרעמער, בעאַמטער, אַפּיציר און ד. ג. קען זיך ניט פאַרגינען צו האַלטען אַ גאַנצע דירה פאַר זיך, און מען זיין די דירה אפילו בלויז פון דריי צימערן. אַזאַ דירה קאָסט

*) אַ גרויסער טייל פון די וויענער בּאַרדער זענען סטודענ־טען. די הייסען „סטאַבילע". ניט סטאַבילע הייסען די וואָס דינגען אַ צימער אין צייט פון וואַקאַציע. זיי מוזען דעם צימער אַבראַמען, ווען די סטודענטען קומען.

און ווינקענדיג מיט די רויטע פארשוואלענע ברעמען אזוי רחמנות'דיג. איך האב פון דער ווייטען נאר געהערט די ווער־טער: „גנעדיגעם פריילין" „ביטע" און „מאטילדע".

די פריילין פערוואלטערין האט זיך צולאכט און גערדאַ־העט איהם מיט'ן פינגער:

— א, איהר אלטער! אייך ליגט נאך אין זינען אזעלכע זאכען. — דער הונדערט־יאהריגער זעלנער האט טשאמקענ־דיג און שטאמלענדיג, מיט א שרעקליך רחמנות'דיג פנים, איהר פערזיכערט, אז ער איז ניט אויסען קיין פערגעניגענס, ווי די יונגע, נאר ער וויל האבען א גוטען פריינד, ווייל די מאטיל־דע איז א גוטהערציגע פרוי.

דער אלטער עולם ארום האט זיך צולאכט. אבער די שטי־מונג איז ביי אלעמען באלד ווידער געווארען אן ערנסטע. עס האט זיך געפיהלט אין דער קאמישער סצענע א טיפע טראגע־דיע פון דעם מענשענס נשמה. אין דער קאלטער סביבה פון ווערקע האלב אבגעשטארבענע נפשות, האט ערוואכט א פראַ־טעסט, כאטש א פערשפעטיגטער, געגען א פארשפילטען, פאר־מוטשעטען לעבען. שטעהענדיג מיט איין פוס אין קבר, האט דער מענש אנגעהויבען פאדערן זיין רעכט אויף גליק, צוליב וועלכען ער איז געבארען און וועלכען ער האט ניט געקענט...

די פריילין האט צוגעזאגט דעם אלטען: — רעכט, רעכט! איך וועל שוין רעדען מיט דער מאטילדע.

הענד צום הימעל, ד. ה. צו דער סטעליע מיט א פרום געבעט: בארמהערציגער, אלמעכטיגער גאָט! שענק דעם גנעדיגען קאַי־זער לאנגע יאָהר און געזונד, ער איזט יא דער בעסטער מאָ־נארך אין איירא‍פא, פיר אונז יודען, איז ער איין פאטער. זאָ־לאנג ער לעבט, האָבען וויר ניכטס צו פירכטען.

און ער האָט מיט גרויס בעגייסטערונג אָנגעהויבען צו דערצעהלען, וויפיעל מאָל און וואו ער האָט איהם געזעהן, דעם גנעדיגען קאיזער. האָט וויעדער מיט גרויס ליבשאפט ארומגע־קוקט דעם מעדאל, פארזיכטיג און פּאַוואָליע אוועקגעלעגט איהם אויף דאָס קיסעלע אין שאַכטעלע, אוועקגעלעגט אויפ׳ן פריהערדיגען אָרט און פארדוקט דאָס קעסטעלע. די פּראָסטע, קלענערע מעדאלען זענען ביי איהם געווען, אזוי צו זאָגען, א וואָכעדיגע צירונג. דער גרעסטער, דער זילבערנער, איז געווען א יום טוב׳דיגער חפץ. אויף איהם צוקוקען און נעהמען איהם אין האנד האָט ער זיך ניט ערלויבט אלע טאָג, נאָר אין א גע־הייבענעם פאל, א שטוינער, ווען איהם האָבען בעזוכט געסט און ער האָט פאר זיי איבערגעבלעטערט זיינע אלטע זעלנערישע זכרונות.

איבריגענס זענען די זכרונות פון זיין לאנגען לעבען ניט נאָר זיין פרעהליכע. זיין ווייב און אלע קינדער האָט ער שוין לאנג בעגראָבען. שוין לאנג, ווי ער געהט אום אן איינזאמער, א היימ־לאָזער אויף דער וועלט. יאָהרענלאנג איז ער שוין אויך דאָ, אין מושב זקנים, די פערוואלטערין פיעסטעט איהם אביסעל, ווייל ער איז דער עלטעסטער אין אזיל. מיט דרך ארץ צו זיינע הונדערט יאָהר פערהאלט זיך צו איהם די גאנצע בעפעלקערונג פונ׳ם „מושב זקנים“

ווען איך האָב פונ׳ם זקן אבשייד גענומען און געלאָזען זיך אוועק פון זיין בעט אין בעגלייטונג פון דער פערוואלטערין, האָט דער אלטער אויסגעשטרעקט זיין געלע, דארע ביינערדיגע האנד, בעטענדיג די פערוואלטערין זאָל צו געהן צו איהם, ער דארף איהר עפּעס וויכטיגעס פארטרויען. אז זי איז צוגעגאנגען האָט ער אראָבגעלאָזט די אויגען, ווי א שעמעוודיג קינד און געשטאָ־מעלט עפּעס, טשאמקענדיג מיט זיינע פארטריקענטע ליפּען

זי איז שוין געזונד. האט זי געפועלט מ'זאל איהר אריינעה־מען אין אזיליום.

זי האט איהר איינענס איין טאכטער, א מיידעל — אן ארטיסטין אין סטאקהאלם. וואס די מיידעל פערדינט, שיקט זי אוועק דער מאמען. דער פרוי פעהלט גאר נישט. דער מאן האט דערהערט אז זי איז געזונד געווארען, האט ער זיך בעווי־זען און בעט ווידער אויף א לעבען. נאר זי טרויט איהם מעהר ניט. „איצט" — זאגט זי, — אז איך בין געזונד, דארף ער הא־בען איך זאל איהם בעדינען. ניין, בעסער וועל איך שוין בליי־בען דא שטענדיג. די טאכטער שיקט איהר געלד. קומט צוויי מאל א יאהר איהר בעזוכען. שרייבט איהר אפט בריעף.

צווישען די איבריגע זקנים פון אזיל איז אינטערעסאנט א הונדערט־יאהריגער יודישער סאלדאט. ער האט נאך געדינט אין 1848־טען יאהר אין דער צייט פון דער רעוואלוציע, האט בעקומען פאר זיין לאנגען דינסט דריי מעדאלען: צוויי בראנ־זענע און איינעם א זילבערנעם. ער איז שוין גאר שוואך און קינדיש, זיצט אויף זיין בעטעל אין איין העמד, און אונטערהווי־זען און פון אויבען דעם כאלאט. אויפ'ן כאלאט באמבלען זיך די צוויי בראנזענע מעדאלען, געפוצטע, בלאנקע. דער אלטער שטאלצירט מיט זיי שטארק און האלט זיי אין שטרענגער ארדנונג. ער האט מיר ערקלערט די היסטאריע פון יעדען מעדאל, אין וועלכען יאהר, אין וועלכען קריג ער האט דעם און יענעם בעקומען, און פון וואסערע אויסצייכנונגען אין דינסט. גאר בעזונדער טייער האט ער געהאלטען א דריטען מעדאל, א זילבערנעם, וואס איז געוועזן שוין ניט אנגעהאנגען אויף איהם, נאר געלעגען, ווי א טייערע קמיע אין א שווארצער טיכעל, אויף א זיידען קיסעלע, בעהאלטען אין קעסטעל פון זיין בעט־טישעל. ער האט לאנגזאם ארויסגעצויגען דאס קעסטעל, אבגעווישט אפאר מאל די הענד אן כאלאט, פארזיכטיג געעפענט דאס שאכטעל און ציטערנדיג ארויסגענומען דעם מעדאל, איינגע־קוקט זיך מיט גרוים ליעבע און צערטליכקייט אינ'ם פנים פונ'ם קאיזער פראנץ יאזעף, אוועקגעלעגט פאוואליע דעם מעדאל אויפ'ן קיסען, און אויפגעהויבען די אויסגעדארטע ביינערדיגע

דאס איז א מענש מיט א בערוף צו איהר אמט. איהר בעהאנד־לען די אלטע איז געווען שוועסטערליך, אבער נאטירליך, אהן ביוראקראטישפילאנטראפישע זיסקייט. אין אלע פאלא־טעס האט געהערשט א מוסטערהאפטע ארדנונג און רייגליכ־קייט. די אלטע האבען זיך געפיהלט פריי, ווי אין דער היים. איין זאך, וואס איך האב ביז איצט נים בעגעגענט אין קיין „מושב זקנים“ איז — א גאנצע רייה בעזונדערע צימערן פאר אלטע פאר־פאלקען. מאן און ווייב לעבען זיך צוזאמען אין א צימער מיט אלע זייערע איינענע הויז־געשיר און איבריגע באַ־לעבאטישקייט. צווישען זיי איז פאראן אזעלכע, וואס זענען נים נאר ארים. האבען געהאט פריהער געשעפטען, געהאלטען שענע דירות. די געשעפטען זענען נאך געגאנגען, נאר צו די עלטערע יאהרען איז מעהר קיין כח נים געווען צו לויפען, הא־ווען און דרייען מיט'ן מוח, און אויסהאלטען אליין א דירה מיט הייצען, מיט קאכען. האט מען געמאכט דאס קרעמיל צו געלד. אביסעל האט מען געלאזען ביי זיך און דאס איבריגע אוועקגע־געבען דער פערוואלטונג פון „מושב זקנים“ און געווארען דא בארדער. די אלטע בעקומען איצט אליץ פארטיג, און דערלעבען זיך רוהיג זייערע יאהרען, בעזוכענדיג דאס שולכעל, לעזענדיג א צייטונג, א בוך, אדער א ספר.

די איינוואוינער אין דעם' אלטענהויז, בכלל זענען עסט־רייכישע יודען, אונגארישע, גאליציאנער, בוקאווינער, א פאר טערקישע יודען און א פרוי פון רוסלאנד. דער שיקזאל פון דער רוסישער פרוי איז נים נאר קיין געוועהנליכער. זי איז ניט קיין אלטע. א קראנקהייט האט איהר געבראכט אהער אין וויען. זי האט געהאט א שטענדיגען מורא'דיגען אפעטיט, נאר אליץ, וואס זי האט גענעסען איז איהר איבערגעגאנגען אין פעט. זי איז געווען איבערנאטירליך דיק, האט נים געקענט בויגען קיין אבר. איהר מאן, א מוזיקער, איז פון איהר אנטלאפען. זי האט זיך קורירט ביי אלע רוסישע דאקטוירים, נאר ס'האט נים גע־האלפען. אין וויען האט מען צו איהר אנגעווענדט א נייעם מי־טעל: ס'האט געווירקט. זי איז פון טויט לעבעדיג געווארען. איהר קוראציע דארף נאך אבער דויערן א לענגערע צייט, אבער

# דער הונדערט־יעהריגער יודישער סאָלדאַט.

(אַ טיפּ פון ווינער מושב זקנים)

געטראָפען האָב איך איהם אין ווינער „מושב זקנים“, דער „מושב זקנים — אזיל פאר אלטע און שוואכע — איז געבוים אויף א טייל פלאץ פון׳ם אלטען ווינער יודישען בית עולם. די קברים־בערגלאך אויף׳ן בית עולם זענען שוין לאנג פער־שוואונדען. דער בית עולם איז שוין לאנג פארפוצט, ווי א גערטעל. די מצבות קימערן ניט די אלטע, ווען זיי שפאצירען דאָ זעהר גערן אין ווארימע זומערדיגע טעג.

דער ווינער „מושב זקנים“ שטעהט אין זיין אינערליכער אָרדנונג, א סך העכער פון דעם ווילנער „מושב זקנים“, דער גרעסטער אזיל פאר אלטע אין רוסלאנד: דאָ ווערען בעזאָרגט ביז פיער הונדערט פערזאָן, מענער און פרויען און קען, נאָך מיין מיינונג, גערעכענט ווערען צווישען די בעסטע יודישע צדקה־אנשטאַלטען אין דער וועלט.

שוין אָריגינעל אין דעם ווינער „מושב זקנים“ איז דאָס, וואָס די אויפזעהערין דערויף איז א פריילין, אמת, די פריילין איז ניט גאָר קיין יונגע. אינגנערע פון איהר געפינען זיך אין דעם דאָזיגען הויז, אונטער איהר אויפזיכט. זי איז היבש גראָה. זעהט זיך אָן צווישען פופציג און זעכציג. אָבער אזא פרישקייט, מונ־טערקייט, לייכטקייט אין די בעוועגונגען און אויפגעראַמט־קייט איז ניט אָפט צו בעמערקען ביי אנדערע פריילינס, וואָס האָבען העלפט פון איהרע יאָהרען. ס׳איז קענטיג געווען, אז

נאך טראגען און פיהרען די פעק און דארף ניט אנקומען צו די קינדער. ער בעקלאגט זיך אויף גאר נישט. פאר זיין צייט האבען א סך גאליציאנער יודען זיך ארויפגעארבייט אין וויען. גרויסע גבירים געווארען. שפילען א ראלע אויף דער בערזע. ער האט זיין רוקען און זיין וועגעל, האט ווער עס זאל איהם צוהעלפען אונטערשטופען, און איז קיינעם ניט מקנא. נאר איין שרעקליכע ערינערונג האט ער אין זיין לעבען: יענע פראסטיגע ווינטער־נאכט, ווען מ'האט איהם מיט זיין מאמען, מיט זיינע שוועסטער און ברידער געטריבען, האלב נאקעטע, ציטערענדיגע פון קעלט, צו דער גרעניץ.

ער האט זיך שוין געהאט, זאגט ער, אויף רוסלאנד לאנג פערגעסען. זענען געקומען די פאגראמען פון 1903, 1904 און 1905, און ער האט איבערגעלעבט מיט די רוסישע יודען אלע שרעקען זייערע. „און ווען איך פלעג זיך דערמאהנען אויף רוס־לאנד" — זאגט ער — „פלעג איך אויפהויבען די הענד צום הימעל און בעטען פאר אונזער גנעדיגען קאיזער, זאל ער לאנג לעבען, שטארק און געזונד זיין".

און יעצט — זאגט ער — לאזט איהם דער ביילים ניט שלאפען. ער בעט מ'זאל איהם לייענען די צייטונגען. ער שלינגט אויף יעדע ידיעה וועגען רוסלאנד, און אז ער דערזעהט א רוסישען יודען צוגעהט איהם דאס הארץ פון צער. און ווען ער לעגט זיך און ווען ער שטעהט אויף, דאנקט ער גאט, וואס דער קאיזער פראנץ־יאזעף לעבט.

ער האט צוגעפיהרט דעם וועגעלע צום הויז פון מיין קוואר־טיר, אראבגענומען און איבערגעגעבען דעם הויז בעזארגער די פעק, א שמעק געטאן טאבאק, ארייננגעלעגט דאס קליינגעלד אין קעשענע און אבגעהענדיג פון מיר עטליכע טריט האט ער נאך אמאל מיט צופרידענהייט בעמערקט:

— יא, אזוי לאנג אונזער גנעדיגער קאיזער, — זאל ער שטארק און געזונד זיין, — לעבט, זענען מיר זיכער פון פאגראמען.

ביי די גאַליציאַנער יודען, אַלס אַ לאַנד פון תורה, פון חכמה, פון פּרנסה. אַמאָל פלעגען זיך גאַליציאַנער יודען אָפּט אַריבערכאַפּען די גרעניץ און בעזעצען זיך אין רוסלאַנד. זיי האָבען אָפּט געשפּילט אַ וויכטיגע ראָלע אין דעם אריינפיהר האַנדעל פון דרום רוסלאַנד. האָבען אין רוסלאַנד זיך איינגעלעבט און גע־פּיהלט זיך גוט. נאָר ווען עס איז אַרויס די גזרה, אַז אויסלענ־דישע יודען טאָרען אין רוסלאַנד ניט וואוינען, האָבען אַ סך גאַליציאַנער יודען, וואָס האָבען אין רוסלאַנד געהאַט שוין קינ־דער און קינדס־קינדער, און אַ גרויסע משפחה אויפ'ן בית הקברות, געמוזט איבערפּעקלען זיך צוריק, רואינירטע, פּאַראַ־רימטע, אין זייער אַלטער היים, וואָס איז זיי אין גאַנצען פרעמד געוואָרען.

דעם דינסטמאַנ'ס מוטער (זיין פאָטער איז שוין געווען געשטאָרבען -- זי האָט געהאַלטען אַ קרעטשים) איז אין איין ווינטערדיגע נאַכט, אין אַ ברענענדיגען פראָסט, אַריבערגעשליי־דערט געוואָרען פון דער רוסישער פּאָליציי, מיט דריי פערטעל טוץ קינדער, צומעהרסט קליינע, איבער דער גרעניץ פון עסטר־רייך. זיין פאָטער איז אַמאָל געווען אַ אַ סאָלדאַט, האָט מען צו־ליב זיין זכות צוגענומען די קינדער צוריק אין עסטרייכישער אונ־טערטאַנשאַפט. די קינדער האָבען זיך לאַנג געפּלאָגט מיט דער מוטער, ביז זיי האָבען געקענט אַ לעבען מאַכען. ער איז שוין פון צעהנדליגע יאָהרען אַ טרעגער, אַ שליחות־אויספיהרער, אַ „דינסטמאַן" הייסט עס דאָ, אין וויען. מ'בעגעגענט זיי — די יו־דישע „דינסטלייט" — אויף יעדען טריט און שריט. זיי האָבען זייער קאַסע פאַר אונטערשטיצונג. דאָס איז דער איינציגער יודישער ארבייטער פאַך, וואָס איז ארגאַניזירט באַזונדער, אַלס יודישע חברה, שוין לאַנג. צומייסט — עלטערע יודען פון גאַליציען: ווער מיט אַ וועגעל, ווער מיט אַ בייסיקעל, ווער מיט'ן פּשוט'ן רוקען. אַלע זיינע קינדער זענען בעלי מלאכות, ארביי־טען שווער און זענען אָרים. ער האָט זיין ערשטע ווייב מיט עטליכע יאָהר צוריק פאַרלאָרען. האָט חתונה געהאַט ניט לאַנג מיט אַ צווייטער, וואָס העלפט איהם, אויך אַזוי טריי, ווי די ערשטע, שטופען דעם וועגעל. ער איז צופרידען, וואָס ער קען

ער האָט פֿאַרשטאַנען מײַן קוק און האָט מיר ערקלערט, אַז ער האָט אַ װענגעלע און װעט שױן אַלעס ברײַנגען אין אָרדנונג.

די אױסזיכט צו געהן צופֿוס נאָכ'ן װענגעלע מיט מײַנע פֿעק איז פֿאַר מיר ניט געװען אַזױ אומאַנגענעהם, װי אומער־װאַרטעט. אַזױ װי מײַן „קאַבינעט" איז אָבער געװען ניט גאַנץ װײַט פֿון דער באַהן בין איך גערן אײַנגעגאַנגען אױף זײַן פֿאָרשלאָג. ער האָט מיך געבעטען אַ ביסעל אַכטונג געבען אױף מײַנע פֿעק און ער װעט אונטערלױפֿען אַ היים נעהמען דעם װענגעלע, ער װאױנט דאָ ניט װײַט.

אין אַ פֿינף מינוט אַרום איז ער געקומען מיט דעם װענגעלע און מיט אַ װײַבעל.

— דאָס איז מײַן פֿרױ, — האָט ער מיר געמעלדעט, — זי העלפֿט מיר בײַ'ן װענגעל, געהט נאָך פֿון הינטען, גיט אַכטונג, (ער האָט גערעדט גאַליציאַנער דײַטש, איך גיב דאָס איבער אױף פּראָסט יודיש), און װען עס איז שװער, שטופּט זי אונ־טער. ער האָט צוזאַמען מיט זײַן װײַבעל (זי איז געװען היבש אינגער פֿון איהם) אַרײַנגעלעגט די זאַכען אין װענגעלע; זי האָט גאָר נישט רעדענדיג, פֿאַרנומען איהר אָרט הינטער װענגעלע און איך מיט'ן „דינסטמאַן" האָבען זיך געלאָזען פֿאַראױס.

איך האָב, נאַטירליך, מיט איהם פֿאַרבונדען אַ געשפּרעך. ער האָט אַ קוק געטאָן אױף מיר און אַ שװערען זיפֿץ געטאָן.

— איז שװער צו פֿיהרען? — האָב איך געזאָגט.

— אַ, נײַן, — האָט ער געענטפֿערט, — איך בין שױן געװאָהנט. עס טרעפֿט נאָך פֿיעל שװערערע געפֿעק צו פֿיהרען. אָבער ז י ע האָבען עס איצט שװער, די רוסישע יודען... דער בײליס... אַ פֿאַטער אים הימעל! ערבאַרם דיך איבער די רוסישע יודען...

עס האָט זיך פֿון אונזער װײַטערדיגען געשפּרעך אַרױסגעװיזען, אַז אַ קלײנע צײַט איז ער אױך אַ רוסישער יוד געװען. געבאָרען איז ער אין גאַליציען, נעבען דער רוסישער גרענ־ניץ. אַלס קינד האָט זײַן פֿאַטער איהם און די גאַנצע פֿאַמיליע אַריבערגעבראַכט אין רוסלאַנד. רוסלאַנד האָט אַמאָל געהאַט און, צום טײל, האָט נאָך איצט אַ גרױסע צוציהונגס־קראַפֿט

# "דער קײזער זאָל שטאַרק און געזונט זײן."

דאָס איז געװען דער ערשטער װיענער יוד — ניט קײן עמי־גראַנט, נאָר אַן אמת'ער װיענער יוד — װאָס איך האָב מיט איהם די בעקאַנטשאַפט געמאַכט, אַ פּאָר טעג נאָך מײן אָנקומען אין װיען. אַ פּראָלעטאַריער איז דאָס געװען, אַ „דינסטמאַן", ד. ה. אַ טרעגער בײ דער באַהן. איך האָב געװאָלט האָבען די מעגליכ־קײט צוקוקען זיך נאָהענט צום אידישען קװאַרטאַל אין װיען, האָב איך בעשלאָסען צו נעהמען אַ פּריװאַט־צימער אין לעאָפּאָלד־שטאַדט. מײנע זאַכען האָב איך געלאָזען אויף דער באַהן. דער נאָך אַז איך האָב שוין געהאַט געפונען אַ „קאַבינעט", ד. ה. אַ צי־מער מיט אײן פענסטער (נאָר אַ חדר מיט צװײ פענסטער טראָגט דאָ דעם בכבוד'דיגען נאָמען „צימער"; מיט אײן פענסטער אָבער רופט זיך בעשײדען — „קאַבינעט".) האָב איך אָראָבגענומען די זאַכען, געװאָלט נעהמען אַן אײנשפּאַנער (אַ דראָזשקע מיט אײן פערד) און פאָהרען אויף מײן קװאַרטיר. נאָר אַ דינסטמאַן, װאָס האָט בעמערקט בײ מײן זײט דעם טרעגער מיט מײנע זאַכען האָט מיר פאַרגעשלאָגען פאַר מײנע דרײ פּעק זײן רוקען, אַנשטאַט דעם אײנשפּאַנער, און האָט מיך דערבײ פערזיכערט, אַז עס װעט מיר קאָסטען אַ סך ביליגער, װי דער פערד.

איך האָב אַ קוק געטאָן אויפ'ן טרעגער. דאָס איז געװען אַ יוד פון אַ יאָהר זעכציג, היבש גראָה, נאָך זײן פּנים און רו־קען האָט ניט אויסגעזעהן, ער זאָל זײן אָנגעמאַטערט פאַר מײ־נע פּעק.

דער לעזער דארף אלזא האבען אין זינען, אז אלעס, וואס איז געדרוקט אין אט די צוויי בענדער, ווי אין די איבעריגע בענדער „יודישע נשמות“ שילדערן דאס יודישע לעבען איבער־הויפט ביז דעם מאמענט פונ׳ם וועלט־קריעג. און די דאטען, וואס ווערען דערמאהנט אין די ביידע בענדער בעלאנגען אלע צו די יאהרען 1913—1914.

נאך עפעס מוז בעמערקט ווערען. די פארליעגענדע צוויי בענדער זענען דער ערשטער און דערוויי ל דער איינציגער פרוב צו געבען דעם יודישען לעזער א פארשטעלונג פון דעם לעבען פון אונזערע גאליצישע ברידער, זייערע פריידען און ליידען. דער אוטאר האט זיך בעצווינגען ערנסט צו זיין אויפגאבע. אבער „אירען איז מענשליך“. עס איז מעגליך, אז אין געוויסע פאקטען און שטריכען זאל אריינפאלען א טעות. דער מחבר וועט דאנק־באר זיין, ווען אן אויפמערקזאמער לעזער וועט איהם דעם טעות אנווייזען, און וועט זיך מיהען איהם צו פאררכטען אין דער צווייטער אויסגאבע.

# פארורערע צום 5־טען באנד.

דער אויסער ווענדט די אויפמערקזאמקייט פון די לעזער, אז דער פארליגנענדער 5־טער באנד פון די זעקס בענדער „יודי־שע נשמות" ווי אויך א גרויסער טייל פונ'ם 6־טען באנד איז א רעזולטאט פון א רייזע, וואס ער, דער פערפאסער, האט געמאכט איבער גאליציען אין דעם משך פון 1913 און 1914, ד. ה. ערב דעם וועלט קריעג*). געשריבען זענען די דאזיגע צוויי בענדער אין דער ערשטער העלפט פונ'ם יאהר 1914. די ריזיגע וועלט־שלאכט האט, נאטירליך, געמאכט גרויסע ענדערונגען אין דעם לעבען פון די גאליצישע יודען. דער מחבר האט, זעלבסטפאר־שטענדליך, נים געהאט קיין רעכט צו ענדערן עפעס אין זיינע נאטיצען און בילדער צוליב דער מלחמה.

אין דער צייט, ווען אט די צוויי בענדער זענען געווען אין דרוק, איז פארגעקומען די גרויסע רוסישע רעוואלוציע, וואס וועט געווים מאכען א טיעפען רושם אויף דעם שיקזאל פון דעם גאנצען יודישען פאלק, ניט אויסגעשלאסען די יודען פון גאלי־ציען.

אבער אט די צוויי גרויסע היסטארישע מאמענטען: אי דער וועלט־קריעג, אי די רוסישע רעוואלוציע, בעלאנגען נאך צו דעם איצט. זייער ווירקונג אויפ'ן יודישען לעבען וועט ערשט קענען אבגעשאצט און פארצייכענט ווערען שפעטער, ווען זיי ביידע, אי דער וועלט קריעג אי די רוסישע רעוואלוציע, וועלען אריבער צו דער געשיכטע, וועלען ווערען א פערגאנגענהייט.

---

*) צוליב טעכנישע סבות ווערען געדרוקט באנד 5 און 6 פאר די בענדער 3 און 4.

ב) צו „מ'רופט" — „געהט" מען...
ג) א רב וואס מ'טאר זיין נאמען ניט דערמאהנען.
ד) א רעוואלוציע פון טויטע און לעבעדיגע ווייבער־געגען קהל.
ה) יודישע הלוואות ביי פריצים.

4. דאס יודישע ארבייטער־לעבען אין גאליציען מיט 150-200 יאהר צוריק.
5. „הלל הזקן" פון גאליציען.
6. יאקאב ביקל.
7. מענדעל פידלער.
8. אין א גאליצישער קאראאימען־שטעדטעל.
9. אין דער הײם פון „בעריל בראדער" און „וועלוועל זבארזשער".
10. די לעצטע פעסטונג.
11. ווי אזוי ראטשילד איז אן עושר געווארען?
12. דער לעצטער „דבוק".
13. דער „אוצר".
14. די „משיח'טע".
15. בעריל „אנטימיליטאריסט".
16. די פלאנערס.

## אויפ'ן יודישען „דעק" פון גאליציען.

יועגען גאליציאנער „דעק"־מענשען בכלל.

א) יענדזשע דער בעל עגלה.
ב) מאנדזשע „קנאק".
ג) געציל דער וואסער־טרעגער.
ד) א מענש מיט פינף צונעמענעסען.
ה) לייבעלע שמייסער און זיין ווייב ריבעלע.
ו) הענאך קלאמשע.
ז) וואו דאס פאלקסליעד ווערט געבארען.
ח) די שענע טענצערין און איהר דראמע.
ט) דער „דבוק".
י) די „סוויטקע".
יא) דער פיאקערניק און די שיקסע.

## אינהאלטס־פארצייכנים פון 5־טען באנד:

פ א ר ו ו א ר ט.

### איבער וויענער יודישען געטא.



### אינ'ם לאנד פון „שטריימעלע“ און „שמד“.



### די „נשמה יתרה“ פון גאליציען.

מיין פאָטערס און מוטערס אנדענקען
געווידמעט.

פערלאג „פאָלקסבילדונג“ ניו יאָרק.

א. ליטווין.

# יודישע נשמות.



באַנד 5

## גאַליציען.

